די

# קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג

וואָס זי איז און וואָס זי דאַרף זיין.

— פון —

אהרן סטאָלינסקי



אַרויסגעגעבען פון דער
עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַרבייטער רינג.
ניו־יאָרק, 1919.

# אינהאַלט:

## ערשטער טייל: די טעאָריע און פּראַקטיק פון קאָאָפּעראַציע.



## צווייטער טייל: די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין פארשידענע לענדער.



## אילוסטראַציעס:

ערשטער קאַפּיטעל.

# ראָבערט אָוען — דער פאַטער פון דער קאָאָפּעראַ־טיווער באַוועגונג.

ביז ארום דעם מיטען פון אכצעהנטען יאהרהונדערט איז ענג־לאנד געווען הויפּטזעכליך אַן אגריקולטורעלעם לאנד: ארום צוויי־דריטעל פון איהר באַפעלקערונג האָט זיך באַשעפטיגט מיט לאנד־ארבייט, האָט געוואָהנט אין דערפער, אָדער איז געווען צזאַוואַרפען אין ישובים. שטעדט זיינען געווען פיעל ווייניגער און אויך אַ סך קלענער, ווי זיי זיינען היינט־צו־טאָג. די מאָדערנע פאַבריקען־שטאָדט מיט איהרע פיעל־שטאָקיגע הייזער און הונדערטער הויכע קוימענס האָבען דאַן נאָך ניט עקזיסטירט.

די אינדוסטריע איז נאָך דאמאלס געווען אַ גאַנץ איינפאַכע, פּרימיטיווע, אַזאַ וואָס איז מיט ווייניגע ענדערונגען אריבער בירושה פון די פריהערדיגע יאהרהונדערטע. די פאַבריק־פּראָדוקציאָן איז הויפּטזעכליך באַשטאַנען אין שפּינען און אין וועבען וואָלענע סחורות, און די פאַבריקאַציאָן פלעגט אָנגעפיהרט ווערען פון די ארבייטער אין זייערע אייגענע היימען. די אויסגעארבייטע סחורות פלעגען דאָס רוב פאַרקויפט ווערען צו דער אָרטיגער באַ־פעלקערונג. נאָר אין עטליכע שטעדט, ווי נאָרוויטש, למשל, פלעג־גען אויסגעארבייט ווערען ספּעציעלע סחורות אויף פאַנאַנדערצו־שיקען אין ווייטערע מקומות.

אין פיעלע ערטער, הויפּטזעכליך אין צפון ענגלאנד, האָבען די פאַרמערס „געגעסען ברויט פון די קאָרן, וועלכע איז געוואַקסען אויף זייערע אייגענע פעלדער; האָבען געשפּונען וואָל פאַר זייערע אייגענע קליידער און האָבען זיך דאָס רוב אליין באַזאָרגט מיט אלעם נויטיגען".

בקיצור: דאָס איז געווען אַ צייט פון האנד־ארבייט, ווען מענער, פרויען און קינדער פלעגען אָהן מאַשינען, בלויז מיט דער הילפע פון איינפאַכע ארבייטס־געצייג, אויסארבייטען אַזוי פיעל

פּראָדוקטען, וויפיעל עס איז נויטיג געווען פאַר דעם געברויך פון דער געזעלשאַפט.

פון 1770־טען יאָהר אָן הויבען מענשען׳ס הענט אָן אָפּצוטרעטען זייער פּלאַץ צו דער מאַשין : אנשטאַט האַנד־אַרבייט ווערט איינגעפיהרט מאַשין־אַרבייט. און דער פּראָצעס פון איינפיהרונג מאַשין־אַרבייט אנשטאַט האַנד־אַרבייט איז אָנגעגאַנגען מיט אַזאַ שטורמישער שנעלקייט, אַז צום אנפאַנג פון 19טען יאַהרהונדערט האָט שוין די מאַשין פאַרנומען דעם ערשטען אָרט, און דער מענש איז שוין געשטאַנען אויפ׳ן צווייטען פּלאַן. אין די פריהערדיגע צייטען האָבען אין די פאַבריקאַציאָן די ראָלע געשפּיעלט די האַנד־אַרבייט און די לעבענס־באַדינגונגען פון די אַרבייטער ; יעצט אָבער, ווען האַנד־אַרבייט איז אָפּגערוקט געוואָרען צום הינטערגרונד, האָט שוין די מאַשין געשפּיעלט די ערשטע ראָלע, און אַנשטאַט די לעבענס־באַדינגונגען פון די אַרבייטער האָבען זיך שוין די פיהרער פון דער אינדוסטריע אינטערעסירט הויפּטזעכליך מיט דער פראַגע, ווי אַם מעהרסטען און אַם בעסטען אויסצונוצען איהר קראַפט פאַר זייער אייגענעם נוץ. דאָס האָט פאַראורזאַכט אַזאַ טיעפע ענדערונג אין די געזעלשאַפטליכע פאַרהעלטניכע, אַז מען קען אָהן איבערטרייבונג זאָגען, דאָס דער קורצער משך פון 1770 ביז 1790, אין וועלכען די ענדערונג איז פאָרגעקומען, האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער גאַנצער היסטאָריע, און לויט זיינע פאָלגען דאַרף ער יעדענפאַלס אנערקענט ווערען פאַר איינעם פון די הויפּט־וויכטיגסטע פעריאָדען אין דער מענשליכער געשיכטע.

ביז׳ן יאָהר 1770 פלעגט זיך דער באַטריעב אין ענגלאַנד, אַזוי גוט ווי אין אַנדערע לענדער, ענטוויקלען זעהר לאַנגזאַם. דער מסחר מיט אויסלאַנד איז געווען זעהר קליין. די הויכע אָפּצאָהלונגען, וואָס די רעגירונג פלעגט נעמען פון אויסלענדישע סחורות, האָבען געמאַכט דעם אריינפיהר פון סחורות פון אַנדערע לענדער פאַר אונמעגליך. די הויפּט־זאַכען פון אַרויספיהר (עקספּאָרט) נאָך אויסלאַנד זיינען געווען ניט באַאַרבייטע סחורות, נאָר בלויז רויהע פּראָדוקטען, ווי וואָל, צ. ב., תבואה, א. ד. גל. אַזוי ווי די באַפעלקערונג האָט ניט געפיהרט קיין מסחר מיט אויסלאַנד, איז איהר הויפּט פאַרדיענסט דאַריבער געווען אָפּהענגיג פון אינערליכען מאַרק ; און אַזוי ווי אומעטום האָט עקזיסטירט האַנד־אַרבייט, איז

דער געברויך פון ארבייטס־הענט געגאנגען גלייך מיט דעם פראָצעס פון דער פארמעהרונג פון דער באפעלקערונג, ד. ה., יעדער ארבייטס־מענש האָט געקענט אויסארבייטען ניט מעהר, וויפיעל א מענש האָט געקענט פארברויכען. דאָס אָנקלייבען פון קאפּיטאל איז אַלזאָ געגאנגען זעהר לאנגזאם. און קאפּיטאל גופא איז געווען פאר־שפּרייט צווישען א סך קליינע אייגענטימער. פון ספּעקולאַציעס האָט מען כמעט ניט געוואוסט, ווייל עס פלעגען ניט צוקומען קיין נייע סחורות, אויף וועלכע מען זאָל קענען ספּעקולירען, אַזוי, אַז צופעלע פון רייך ווערען מיט אַמאָל פלעגען זיך זעלטען טרעפען.

דער פעריאָד פון יאָהר 1778 ביז 1803 איז געווען די בעסטע צייט פאר די וועבער און שפּינער. די האנד־מאַשין, וועלכע האָט פארנומען דעם פריהערדיגען שפּינראָד, איז שוין פארשפּרייט גע־ווען אין אַלע דאָרפישע הייזלאך. מאַטעריאל האָט מען דעם וועבער צוגעשטעלט גענוג, און ער האָט שטענדיג געהאט ארבייט. אויף די באַוועל־סחורות איז געווען א גרויסע נאכפראגע. יעדער האָט נעארבייט ביי זיך אין הויז און האָט גוט פארדיענט. דיזע הויז־אינדוסטריע האָט אָנגעהאלטען ביז עס איז ערשינען די גרויסע פאבריק, וועלכע האָט זיך באנוצט מיט דער קראפט פון דאמף: די פאבריק האָט אייגעשלונגען מיט אַמאָל די גאנצע הויז־אינ־דוסטריע.

דער פונדאמענט פאר דער נייער, דער היינטיגער אינדוס־טריעלער פאָרם איז געלעגט געוואָרען דורך פיער גרויסע ערפינדונ־גען. אין יאָהר 1770 האָט ד ז ש י י מ ס ה ע ר ג ר ע ו ו ס, אַן איינפאכער וועבער, באקומען א פאטענט אויף זיין ניי־ערפונ־דענעם שפּינראָד, וועלכען ער האָט א נאָמען געגעבען „דזשעני". דער שפּינראָד איז באשטאנען פון א ראם מיט עטליכע שפּינדלען, אויף וועלכע מען האָט געקענט שפּינען מיט איינמאָל עטליכע פעדים, ווערענד אויפ'ן אַלטען האנד־שפּינראָד האָט מען געשפּינט בלויז איין פאָדים. ה ע ר ג ר ע ו ו ס האָט אָנגעהויבען אַליין צו ארבייטען אויף זיין מאַשין און האָט געפונען, אַז די ארבייט איז פּראָדוקטיווער און פּרוכטבארער, ווי פריהער אָהן די מאַשין.

אין יאָהר 1771 האָט א ר ק ר י י ט אין קראמפאָרד, ביים טייך דערווענט, אויסגעבויט אַ שפּינעריי־פאבריק, וואו עס האָבען געארבייט זיינע װ א ס ע ר ־ ש פּ י ן ־ ש ט ו ה ל ע ן. אין יאָהר 1779 האָט ק ר א מ פּ ט אָ ן, אויך אַן איינפאכער וועבער,

אויסגעקלערט אַ נייע מאַשין, וועלכע איז, אייגענטליך, געווען אַ
קאָמבינאַציע, אַ צוזאַמענמישעריי פוןביידע פריהערדיגע ערפינ־
דונגען. די דאָזיגע נייע ערפינדונג האָט מיט איינמאָל פאַרגרע־
סערט די פּרוכטבאַרקייט פון דער ארבייט אין אַן אונגעהייער
גרויסער מאָס. דער גרונד־פּרינציפּ פון ק ר א מ פ ט אָ ן'ס
מיול־מאַשין (אַזוי האָט מען זי גערופען צוליעב איהר געמיש־
טען כאַראַקטער), ווערט נאָך זאָגאַר אָנגעווענדעט אין די מאַשי־
נען פון די היינטיגע פאַבריקען, וואו אויף איין שטוהל, אונטער
דער אויפזיכט פון איין ארבייטער, ארבייטען 12 טויזענד שפּינד־
לען. די דאָזיגע ערפינדונגען האָבען אַ גרויסען שטופּ געטאָן
פאָרווערטס די ענטוויקלונג פון דער שפּינעריי פאַבריקאַציאָן, און
אין יאָהר 1811 האָבען שוין אין ענגלאַנד — אין וויגעלע פון
דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם און פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַווע־
גונג — געארבייט איבער פיער מיט אַ האַלבען מיליאָן שפּינדלען.
די דאָזיגע דריי מאַשינען האָבען בלויז פאַרגרעסערט ביז אַן
אונגעהייערער מאָס די שפּינעריי־פּראָדוקציאָן פון דעם רויהען מא־
טעריאַל ; יעצט האָט מען זיך שוין גענויטיגט אין אַ מאַשין
וועלכע זאָל נאָכאַרבייטען די געשפּינטע פעדים אין אַ געוועב.
אין יאָהר 1785 האָט דער פּאַסטאָר ק א ר ט ר א י ט באַקו־
מען אַ פּאַטענט אויף זיין מעכאַנישען וועב־שטוהל. קארטראיט'ס
מאַשין צוזאַמען מיט קראַמפּטאָן'ס שפּין־שטוהל, האָבען מיטגע־
האָלפען דעם פּראָצעס פון פאַרניכטען ביז'ן גרונד די סיסטעם
פון הויז־פּראָדוקציאָן, וועלכע האָט זיך נאָך געהאַלטען אין דער
וועבעריי. נאָר די דאַמף־מאַשין פון ד ז ש י י מ ס א ו א ט,
האָט דערלאַנגט דער דאָזיגער סיסטעם דעם לעצטען קלאַפּ.
די מאַשין האָט אָבער איבערגעלאָזט אָהן ארבייט אַ סך פעהיגע
בעלי־מלאכות, וועלכע מען האָט יעצט געקענט פאַרבייטען אויף
פרויען און קינדער, ווייל ביי דער מאַשין־ארבייט זיינען אַלע ארביי־
טער גלייך פעהיג. די ארבייטער זיינען אין גאַנצען אָפּהענגיג
געוואָרען פון קאַפּיטאַליסט.
אין איניגע צווייגען פון דער פאַבריק־אינדוסטריע איז נויטיג
געווען קינדער־ארבייט. אָבער די עלטערען פלעגען ניט האָבען קיין
חשק צו שיקען זייערע קינדער אין די פאַבריקען. די נייע פאַברי־
קאַנטען האָבען געפונען דערצו אַן עצה : זיי האָבען זיך געווענ־
דעט צו די זאָגענאַנטע ארבייטס־הייזער, וועלכע זיינען געווען

פארשפרייט איבער גאַנץ ענגלאַנד, און פון דאָרטען פלעגען זיי פון די קינדער פון אָרעמע עלטערן, יתומים און ממזרים, וועלכע זיינען דאָרטען אויפגעהאַלטען געוואָרען, אויסקלייבען א געניגענדע צאָהל לערן־אינגלעך. זיי פלעגען די אינגלעך קויפען, פונקט ווי סחורה, און טרייבען גאַנצע קאָמפּאַניעס־ווייז, ווי בהמות, צו א באשטימטען אָרט.

די אַדמיניסטראַציע פון די ארבייטס־הייזער, וועלכע איז צופרידען געווען, וואָס זי ווערט פּטור פון די קינדער, האָט ניט געזאָרגט וועגען גוטע באַדינגונגען פאַר זיי: זי פלעגט נאָר אויסנעהמען, אַז צווישען די צוגענומענע קינדער זאָל זיין אויך א געוויסע צאָהל קראַנקע און אידיאָטען...

די אונגליקליכע קינדער פלעגען געוועהליך ניט זיין אימשטאַנד אליין פאַר זיך צו זאָרגען; אָהן א קרוב, אָהן א גואל, פלעגען זיי אינגאַנצען זיין אין רשות פון די מענשען, וועלכע האָבען געקוקט אויף זיי ווי אויף פשוט'ע ארבייטס־געצייג. ניט נאָר פלעגט מען זיי ניט געבען זאַט צו עסען, נאָר מען פלעגט זיי אויך נאָך מערדערליך שלאָגען, ווען זיי פלעגען פאַרמאַטערטערהייד כאַפּען א דרעמעל ביי דער ארבייט.

די נייע פּראָדוקציאָנס־אָרדנונג, ד. ה., די פאַבריק מיט איהרע קראַנקהייטען, אויסגעלאַסענהייט, צושטערונג פון פאַמיליען־לעבען, שכרות און אָרעמקייט האָט פאַראונגליקליכט דעם יונגען דור. די נייע סיסטעם האָט געבראַכט צו אַן אונגעהייערע גרויסע שטערבליכקייט צווישען קינדער, צו פאַרגרעבטקייט און אונוויסענהייט, צו קראַנקהייטען, וואָס די ארבייטער באַקומען דורך ארבייטען אין ענגע פאַבריקס־צימערען: שווינדזוכט, טיפוס, שקראָפעל, פריהצייטיגע אַלטקייט, א. ד. גל.

אויף וויפיעל די ארבייטס־לאָזיגקייט איז געשטיגען אין יענע יאָהרען, א דאַנק די נייע ערפינדונגען, קענען מיר זיך איבערצייגען פון די פאָלגענדע ציפערען:

פון יאָהר 1776 ביז דער ערשיינונג פון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע (אַזוי הייסט יענער פעריאָד אין דער ענגלישער געשיכטע) זיינען די אויסגאַבען פון דער רעגירונג אויף אויסצוהאַלטען אָרעמע געווען דריי און א האַלב מיליאָן דאָלער יעהרליך. אין יאָהר 1783 זיינען שוין דיזע אויסגאַבען געווען 10 מיליאָן דאָלער; און אין 1880 האָט שוין די סומע, וואָס ענגלאַנד האָט

אויסגעגעבען פאר  א ר ב י י ט ס ל אָ ז ע,  דערגרייכט 40 מיליאָן דאָלער.  עס איז וויכטיג צו באמערקען, אז אין דער זעל־בער צייט האָט ענגלאַנד'ס האנדעל מיט אויסלאַנד דערגרייכט פון 115 מיליאָן דאָלער אין יאָהר 1782 ביז דריי און א האלב מיליארד (ביליאָן) אין יאָהר 1880.

אין יאָהר 1796 האָט זיך אין מאנטשעסטער (פאבריק־צענ־טער אין ענגלאַנד) געגרינדעט דער ערשער סאניטאר־ראט, וואו דר. פ ע ר ס י וו י ל האָט פאָרגעבראכט זיין באריכט וועגען דער לאַגע פון די פאבריק־ארבייטער.  דער דאָזיגער באריכט, וועל־כער קען דיענען אלס א ריכטיגער היסטאָרישער דאָקומענט, שיל־דערט קלאָר די לאַגע, ביי וועלכער עס האָט זיך ענטוויקעלט די היינטיגע פאבריק־סיסטעם.  ער באווייזט, אז די דאָזיגע סיסטעם האָט פון סאמע אנפאנג, ווי זי איז ענטשטאַנען, ניט נאָר ניט גערעכענט זיך מיט די לעבענס־באדינגונגען פון די פאָלקס־מאסען, ניט נאָר האָט זי זיך ניט באמיהט זיי צו פארבעסערען, נאָר זי האָט נאָך פארשפרייט צווישען זיי קראנקהייטען און זיי פאר־דאָרבען מיט אונמאָראלישע זיטען.

די גרויסע פיעל יעהריגע אגיטאציע אין דער ענגלישער אינדוסטריע, — די אגיטאַציע, וואָס האָט נאכהער פאראורזאכט א גאַנצע סיסטעם פון פאבריק געזעצען, וועלכע האָבען געדיענט אלס מוסטער פאר אלע אייראָפּעאישע רעגירונגען, — האָט זיך אָנגע־הויבען קען מען זאָגען, פון דר.  פ ע ר ס י וו י ל'ס  באריכט. אין איהם זיינען אויפגעוויזען געוואָרען אלע צרות, וועלכע די אינדוסטריעלע ארבייט האָט אָנגעמאכט, און מיט וועלכע מיר קעמפּפען נאָך ביז היינט־צו־טאָג.

א דאנק די אונערמיעדליכע ארבייט און גרויסע מיה פון א קליינע הייפעלע אידעאליסטען, האָט דער ענגלישער פארלאמענט ענדליך געפאסט א געזעץ — דעם ערשטען געזעץ איבער פאברי־קען. ווי קליין עס איז ניט געוועזן דער פראקטישער רעזולטאט פון דיזען פארלאמענטארישען אקט, — געזעצליך איינצואָרדנען די פארהעלטניסע צווישען ארבייט און קאפּיטאל, — האָט ער דאָך געמאכט א וועג פאר אנדערע וויכטיגע געזעצע, וועלכע האָבען פיעל באשרענקט די אונ'ברחמנות'דיגע עקספּלואטאציע פון קינ־דער־ארבייט.

און איינער פון דער קליינער הייפעלע אידעאליסטען, וואָס

האָבען אזוי מוטיג פארטיידיגט די עקספּלואַטירטע קינדער און ערוואקסענע ארבייטער, איז געווען ר אָ ב ע ר ט  אָ ו ע ן, וועלכער רעכענט זיך פאר'ן גייסטיגען פאטער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באוועגונג.

---

## 1. אָוען'ס קינדער־יאָהרען.

ר אָ ב ע ר ט  אָ ו ע ן איז געבוירען געוואָרען דעם 14טען מאַי, 1771, אין דעם קליינעם שטעטעל ניוטאָן, ענגלאנד. זיין פאַטער איז געווען א זאָטעל־מאכער, דערצו האָט ער נאָך געהאַלטען אין ארענדע די פּאָטשט פון דאָרף, און ער האָט אויף אזא אופן געהאַט פּרנסה בריוח. די מוטער זיינע איז געווען א טאָכטער פון א קליינעם פארמער ארום ניוטאָן.

ר אָ ב ע ר ט  אָ ו ע ן איז געווען זעהר א פעהיגער און לעבהאַפטער איינגעל. נאָך איידער ער איז אלט געוואָרען פינף יאָהר, האָט ער שוין אָנגעהויבען צו געהן אין שולע. ידער לעהרער איז געווען ענטציקט פון זיין נייגעריגקייט אלעס צו וויסען גרינדליך און שטענדיג צו פרעגען קשיות. צו זיבען יאָהר האָט שוין דער תלמיד אויסגעלערנט דעם רבין'ס תורה, אזוי, אז דער לעהרער האָט איהם געמאַכט אין שוהלע פאר א מיטהעלפער. דיזע שטעלע האָט ראָבערט ערנסט ערפילט אין משך פון צוויי יאָהר, און ער האָט זיך אויף אזא אופן, באַלד פון דער יוגענד אָן, איינגעוועהנט ניט צו באהאַלטען אין זיך די ערוואָרבענע וויסענשאַפט, ניט צו באַגנוגענען זיך דערמיט, וואָס ער אליין וויים און פארשטעהט, נאָר צו שטרעבען אלעס איבערצוגעבען צו אנדערע מענשען, זיי זאָלען אויך וויסען.

פונקט ווי אלע קינדער, וועלכע ענטוויקלען זיך פריה, האָט אויך אָוען געהאַט א לוסט צו לעזען ביכער. ער האָט מיט גרויס אינטערעס געלעזען אלעס, און ניט אויבערפלעכליך, אבי וואָס גיכער צו וויסען די געשיכטע, נאָר ער פלעגט זיך אויך אריינקלערען אין'ם אינהאַלט, אין סאַמע ציעל פון'ם בוך, — און אלעס פלעגט ער נאָכדעם איבערקלערען אין זיין אייגענעם געדאַנק. אין א קורצע צייט האָט ער איבערגעלעזען אלע ביכער פון דער דאָרטיגער קליינער ביבליאָטעק, — פון דעם קינדערשען ביכעל „ראָבינסאָן קרוזאָ" ביז די ערנסטע ביכער מיט רעליגיעזע חקירות.

ווען ער איז אלט געווען א יאָהר אכט, האָט ער זיך באַקאַנט מיט דריי אַלטע פאַרפרומטע מיידלעך, וועלכע האָבען געהערט צו דער סעקטע „מעטאָדיסטען".

די דאָזיגע מיידלעך האָבען זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט'ן קלוגען אינגעל און האָבען איהם דוקא געוואָלט מאַכען פאַר אַן אַנהענגער פון זייער סעקטע, געבענדיג איהם צו לעזען באַשרייבונגען מיט א רעליגיעז־זיטליכען אינהאַלט. נאָר אַזוי ווי ער איז שוין פון פריהער געווען באַלעזען אין דער רעליגיעזער ליטעראַטור, האָט ער באַלד באַמערקט, אַז יעדער אַנהענגער פון א געוויסער רעליגיאָן אָדער סעקטע באַמיהט זיך צו באַווייזען, דאָס נאָר זיין רעליגיאָן אָדער סעקטע איז די אמת'ע, און אַז צווישען די אַנהענגער פון פאַרשידענע רעליגיאָנען הערשט א געגענזייטיגע שטענדיגע שנאה. און ביי אָוען'ן אין קאָפּ איז ענטשטאַנען א צווייפעל: פיליכט איז דאָרין שולדיג ניט דער אונטערשיעד צווישען די רעליגיאָנען, נאָר דער ערשטער וואָרצעל אליין, עס הייסט די רעליגיאָן בכלל אַן און פאַר זיך. און אַזוי האָט ער אָנגעהויבען צו צווייפלען אין דער גאַנצער מעשה צו עס איז גאָר אין גאַנצען נויטיג פאַר מענשען צו האָבען אַן אמונה.

צווייפלענדיג אין דעם גרונד פון רעליגיאָן, האָט ער שוין במילא ניט געקענט אָננעמען די רעליגיעזע שיטה פון וועלכע־עס־איז סעקטע, און איז דאָריבער ניט צוגעשטאַנען צו די מעטאָדיסטען.

צו עלף יאָהר איז ער אָנגעקומען אין א געשעפט פון א גרויסען שניט־סוחר מ א ק ־ ג ע פ א ק אין סטאַמפאָרד, אין דער גראַפשטאָדט לינקאָלן, אַלס לערן־אינגעל, און איז אָפּגעווען דאָרטען אַן ערך פון דריי ביז פיער יאָהר.

ווען עס האָט זיך געענדיגט זיין טערמין אַלס לערען־אינגעל, האָט אָוען פאַרלאָזען סטאַמפאָרד, און איז אַוועק נאָך לאָנדאָן. דאָס קליינע שטעדטעל איז פאַר איהם געווען צו ענג.

אין לאָנדאָן האָט ער געקראָגען א שטעלע אין א שניט־געשעפט אויף 125 דאָלאַר געהאַלט מיט אַלעם פאַרטיגען. ער האָט זיך געהאַלטען פאַר א „גביר", דערפאַר אָבער איז די ארבייט דאָ געווען א שווערע.

אום צו האָבען עטוואָס פרייע צייט זיך צו פאַרנעמען מיט גייסטיגע ארבייט, האָט ער פאַרלאָזען די שטעלע, אַוועק קיין מ א נ ט ש ע ס ט ע ר. אויך דאָרטען איז ער אָנגעקומען אין א

שניט־געשעפט, אָבער ארבייטען האָט ער דאָרטען געדאַרפט וועני־גער צייט.

א געוויסע ערציהונגס־באַדייטונג האָט געהאַט פאַר אָוען'ען דער פאַקט, וואָס אין זיינע יונגע יאָהרען איז איהם אויסגעקומען צו האָבען פאַרקעהר מיט פאַרשידענע קלאַסען מענשען. אין סטאַמפאָרד זיינען די קונים באַשטאַנען פון רייכע גוטס־באַזיצער; אין דער לאָנדאָנער קראָם, וואו ער האָט געארבייט פלעגען אָפט קומען ארבייטער און קליינע בעלי־בתים; אין מאַנטשעסטער האָט אָוען זיך שוין באַגעגענט אי מיט סוחרים, אי מיט פאַברי־קאַנטען, אי מיט אינדוסטריעלע ארבייטער. עס פאַרשטעהט זיך, אַז ביי זיין געבוירענע אייגענשאַפט צו באַקלערען, באַטראַכטען און איבערצודענקען יעדע געוועהנליכע זאַך, האָט ער זיך שוין דאַן ערוואָרבען פיעל ערפאַהרונג אין לעבען, באַקאַנט זיך מיט די זיטען און דעם כאַראַקטער פון פאַרשידענע קלאַסען מענשען. דאָס האָט איהם געגעבען שטאָף אריינצוקלערען זיך אין דער פראַגע וועגען דעם, פאַר וואָס מענשען זיינען איינגעטיילט אין נידריגע און העכערע קלאַסען, — און נאָכצופאָרשען, צו אַזאַ איינטיילונג איז א נאַטור־געזעץ, וועלכער מוז בלייבען שטענדיג, אָדער זי קומט אפשר נאָר פון צופעליגע סבות, וועלכע מען קען באַזייטיגען.

אָוען איז געבליבען אויף זיין שטעלע אין מאַנטשעסטער, ביז ער איז אַלט געוואָרען 18 יאָהר.

---

## 2. טעטיגקייט און לעהרע.

די אידעע פון קאָאָפּעראַציע איז א לייבליכע שוועסטער פון דער אידעע פון סאָציאַליזם, אוןביידע זיינען זיי קינדער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. ראָבערט אָוען, סען־סימאָן און שאַרל פוריע, — די טעאָרעטיקער פון אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזם, — זיינען גלייכצייטיג אנהענגער פון קאָאָפּעראַציע. אין גרונד גענומען, איז די קאָאָפּעראַציע א טייל פון זייער אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזם, — דער מיטעל איהם צו פאַרווירקליכען.

די אידעע איז אויפגעקומען צום ערשטען אין ענגלאַנד, וואו דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אַם שנעלסטען און אַם שטאַרקסטען

ענטוויקעלט. אין ענדע פון אכטצעהנטען און אין אנפאנג פון ניינצעהנטען יאהרהונדערט איז ענגלאנד דורכגעגאנגען דעם פעריאָד, — ווי מיר האָבען שוין געזעהען אין פריהערדיגען קאפי־טעל, — ווען די מאשין האָט זיך געשפרייט א וועג אין פאבריק אריין. דער וועג, וועלכען זי האָט דורכגעמאכט, האָט אויסגע־זעהען ווי א מדבר, וואו עס האָבען זיך געוואלגערט ביינער פון מענשען. דאָס זיינען געווען צעהנדליגער טויזענדער געוועזענע בעלי מלאכות, ביי וועלכע די מאשין האָט צוגענומען זייער ביז אַהעריגע עקזיסטענץ, און וועלכע זי האָט פאראורטיילט צום הונ־גער־טויט. די פאָלגען פון וואוקס פון קאפיטאליזם האָבען זיך שוין דאמאָלס געוואָרפען אין די אויגען. עס האָט זיך געפיהלט, אז מען דארף קעמפען. אָבער ווי אזוי? פון איין זייט, איז נאָך דאמאלס ניט געווען קלאָר דער צוזאמענהאנג צווישען דער עקאָנאָמישער סיסטעם און דער פאָליטישער אָרדנונג. אין ענג־לאנד איז נאָך די בורזשואזיע ניט געזעסען ביי דעם מלוכה־רודער, טיילווייז איז זי נאָך אליין זוגאר געווען געדריקט פון דעם אדעל און פון קליין־בירגער, ביי וועלכע די מאכט איז געבליבען נאָך פון מיטעל־אלטער. פון דער צווייטער זייט, איז נאָך דאן דער פראָלעטאריאט ניט געווען רייף צו א פראָפעסיאָנעלען קאמף, וועלכער פאָדערט שוין א געוויסע רעוואָלוציאָנערע טראדיציע און א הויכע שטופע פון קלאסען־באוואוסטזיין. דער פראָפעסיאָנע־לער קאמף איז טאקע, ווי באקאנט, אויפגעקומען לאנג שפעטער, נאָך דעם גרויסען פאָליטישען קאמף פון די זאָגענאנטע טשארטיס־טען פאר אן אלגעמיינעם וואהל־רעכט. דאן איז ערשיענען די אידעע פון קאָאָפעראציע, וועלכע איז א לאנגע צייט געווען אין גאָהענטער פארוואנדשאפט מיט פילאנטראָפיע...

די ערשטע און גראנדיעזע פראָבע האָט אין דיזער ריכטונג געמאכט ראָבערט אָוען. „דער ארבייטער“, — זאָגט אָוען, — „איז אונגליקליך דערפאר, וואָס מען צאָהלט איהם וועניגער פאר זיין ארבייט, און דערפאר, וואָס ער צאָהלט צופיעל פאר די גענוס־פראָדוקטען און מלבושים, וועלכע ער געברויכט... דאָס שטאמט דערפון, וואָס אי די פראָדוקציע, אי דער אויסטויש ליגט אין די הענד פון די קאפיטאליסטען... דער ארבייטער ווערט עקספלואַ־טירט גלייכצייטיג אלס פראָדוצירער און אלס געברויכער“.

אָוען האָט דאריבער רעקאָמענדירט צו גרינדען חברות

פון ארבייטער פון יעדען פּראָדוקציאָנס-צווייג, כדי צו בילדען אַן אומזאָץ־קאַפּיטאַל אויף צו קויפען מאַשינען : דאָס זיינען געווען פּראָדוצירענדע פאראייגען.

עהנליכעס האָט ער רעקאָמענדירט צו קאָנסומערס:

„זאָלען זיך די געברויכער אויף פאראייניגען, — האָט ער געזאָגט, — כדי צו קויפען די פּראָדוקטען פון די ערשטע הענד, ביי די, וואָס פּראָדוצירען זיי. דאָס וועט מאַכען אַן ענדע פון דלות, קריזיסען, א. ד. גל".

„אין דער צוקונפטיגער געזעלשאַפט", — זאָגט ער אין אַן אנדער אָרט, — „וועט די נאכפראגע (דעמענד) שטענדיג זיין העכער פאר דעם אָנבאָט (סופּלאַי), די פּראָדוקטען וועלען דאריבער פארקויפט ווערען לויט זייער ווירקליכען ווערט".

דאָס איז געווען זיין טעאָריע. לאָמיר איצט זעהען די פּראַקטיק.

אין 1797 איז ר אָ ב ע ר ט א ו ע ן געוואָרען שותף און פאַרוואַלטער פון א גרויסער פאבריק אין נ י ו ־ ל א נ א ר ק. די באדינגונגען, וועלכע האָבען געהערשט אין דער פאבריק, זיינען געווען שרעקליכע. אין יענער צייט, ענדע פון אכצעהנטען יאהרהונדערט, האָט נאָך געהערשט די הויז־ארבייט און די ארבייטער־מאסען זיינען מיט ניט איבריג חשק איבערגעגאנגען אין די גרויסע פאבריקען. די מעהרסטע פון די גרויסע אונטערנעמונגען פלעגען דאַן מיט גרויס מיה באקומען דעם נויטיגען פּערזאָנאַל; זיי פלעגען דערביי מוזען צונעמען דורכגעהענדע שלעפּער, בראָדיאגעס און שכורים. דאָס האָט, נאַטירליך, אויך מיטגעווירקט, אַז דער היימישער און ניכטערער ארבייטער זאָל זיך האַלטען ווייט פון דער פאבריק.

אין נ י ו ל א נ א ר ק זיינען דאַן געווען ארום פופצעהן־הונדערט פאמיליעס מיט א פינף הונדערט אָרימע קינדער, אין עלטער פון 7 ביז 12 יאָהר. דאָס זיינען געווען אונגליקליכע קינדער, פון וועלכע די עלטערען האָבען גאָר ניט געוואָלט וויסען. דער פאבריקאַנט פלעגט זיי געבען וואָהנונג, שפּייז און קליידער, דערפאַר אָבער האָבען זיי געמוזט שווער און ביטער ארבייטען.

ווען ר אָ ב ע ר ט א ו ע ן איז געוואָרען פאַרוואַלטער, האָט ער באַשלאָסען ניט צו נעהמען מעהר צו דער ארבייט די פאַרוואַרפענע קינדער. ער האָט באמערקט, אַז די ארבייטער צאָהלען

פאַר שפּייז זעהר טייער, האָט ער געעפענט קאָאָפּעראַטיווע קראָ־
מען, וואו די ארבייטער האָבען געקענט קויפען אַלע נויטיגע זאכען
פאַר מעסיגע פּרייזען. אויך האָט ער אויסגעבויט פיעלע נייע
הייזער פאַר די ארבייטער.

א דאנק אָוען'ס איינפלוס און מיה האָבען זיך די באַדינגונ־
גען אין נ י ו ל א נ א ר ק באַדייטענד פארבעסערט. אין
זעקס יאָהר ארום, נאָך דעם ווי אָוען איז אריינגעטראָטען אין דער
פאַבריק, האָט אין דער בוימוואָל אינדוסטריע אויסגעבראָכען א
קריזיס. עס איז דאן פאָרגעקומען א סכסוך צווישען ענגלאנד און
די פאראייניגטע שטאאטען, וועלכע האָבען ניט געלאָזען שיקען קיין
בוימוואָל (קאַטען) נאָך אייראָפּא. די פּרייזען פון רויהען מאַטע־
ריאַל זיינען געשטיגען אזוי הויך, דאָס פיעלע אונטערנעמער האָ־
בען געמוזט פארמאכען זייערע פאַבריקען. דאָס זעלבע האָט גע־
מוזט טאָן אויך אָוען. אָבער ער האָט ניט געוואָלט אַז זיינע אר־
בייטער, — וועלכע ער האָט, אגב אורחא, גערופען מ י ט־ארביי־
טער — זאָלען ליידען הונגער. פלעגט ער זיי דאריבער ווייטער
אויסצאָהלען זייער געהאלט, פארלאנגענדיג נאָר פון זיי, אַז זיי
זאָלען יעדען טאָג קומען אין פאַבריק רייניגען די מאַשינען.

דער קריזיס האָט געדויערט גאַנצע פיער חדשים. אונטער
דער צייט האָט אָוען אויסגעצאָהלט די ארבייטער אַן ערך פון
35 טויזענד דאָלער. די איבריגע שותפים האָבען גענומען פּראָ־
טעסטירען געגען זיין „פארשווענדען" געלט, און ער האָט דאריבער
געזוכט אנדערע שותפים, אידעאַליסטען ווי ער. און אזעלכע האָ־
בען זיך געפונען. עס איז איבערהויפּט שווער צו געפינען אידעאַ־
ליסטען מיט פונקט דיזעלבע אידעאַלען. דאָס זעלבע איז אויך
געווען אין דיזען פאַל. יעדער איינער פון די שותפים, וואָס אָוען
האָט געקראָגען, האָט זיך געהאַט אנדערע אידעאַלען, וועלכע ער
האָט געוואָלט אָנווענדען אין „זיין" פאַבריק, אויף „זיינע" ארביי־
טער. עס איז געקומען צו סכסוכים צווישען זיי און אָוען, און
דאָס האָט דערפיהרט דערצו, אַז אָוען האָט געמוזט ארויסטרעטען.

ווי מיר זעהען, איז אָוען'ס פאַבריק ניט געווען קיין ריין פּראָ־
דוקציאָנס־פאראיין. בעלי־בתים זיינען דאָ געווען עטליכע שותפים,
וועלכע פלעגען ציהען פון דער פאַבריק ריזיגע איינקינפטע. אָוען'ס
גאַנצע טעטיגקייט איז באַשטאַנען נאָר אין פארלייכטערען די
אויסבויטונג. דאָס איז געווען ריינע פילאָזאָפיע. אמת, אָוען

האָט זיך געסטאַרעט צו באַגרינדען זיינע טאַטען מיט „אוטיליטאַ־ריסטישע" (פון וואָרט „יוטיליטי", ניצליכקייט) אורזאַכען. ער האָט זיך באַמיהט צו דערווייזען זיינע שותפים, אַז דאָס אַלעס צאָהלט זיך.

דאָס איז אָבער נאָר אַ באַווייז פאַר אַזעלכע אידעאַליסטען, ווי אָוען זעלבסט איז געווען, אָבער ניט פאַר פּראַקטישע און ניכ־טערע פאַבריקאַנטען. דער אונטערשיעד צווישען דער ניט־לעבע־דיגער מאַשין און דער לעבעדיגער איז דאָס, וואָס די מאַשין קאָסט דעם פאַבריקאַנט זעהר טייער, און ווען זי ווערט קאַליע, וועט איהם קיינער קיין נייע אומזיסט ניט געבען. דער ארבייטער אָבער זעלבסט קאָסט איהם גאָר ניט, ער גיט איהם נאָר אַ טייל פון זיין ארבייט, און — ארבייטער פעהלען ניט. אָוען'ס שותפים האָבען זיך טאַקע ניט געלאָזען איבערצייגען פון זיינע אויטאָפּיסטישע באַ־ווייזע. און אַז זיי האָבען געהאַט רעכט, צייגען אונז קלאָר די היינטיגע „קאַרפּען קעפּ", וועלכע זיינען רייך געוואָרען אָהן רע־פאָרמען און אָהן פילאַנטראָפּיע...

אָ ו ע ן ' ס טעטיגקייט אין נ י ו ל אַ נ אַ ר ק איז גע־וואָרען זעהר פּאָפּולער: קעניגע אפילו האָבען זיך מיט איהר אינ־טערעסירט. מען האָט איהם פאַרבעטען אין פאַרשידענע מלוכות (זאָגאָר אין רוסלאַנד!) ווי אַ מין קונצען־מאַכער. שפּעטער האָט זיך אָוען זעלבסט געקענט איבערצייגען, אַז דאָס אַלעס איז געווען דאַריבער ווייל זיין סיסטעם איז געווען אַ ריין פילאַנטראָפּיע און האָט זיך ניט געשטעלט די אויפגאַבע אונטערצוגראָבען אונטער די וואָרצלען פון דער הערשענדער סיסטעם.

וואָס אַנבעלאַנגט אָוען'ען זעלבסט, איז ער אַליין געווען וועניג צופריעדען פון זיינע אייגענע עקספּערימענטען. ער האָט אָבער באַלאַנגט צו דעם סאָרט מענשען, וועלכע פאַרלירען ניט דעם מוט פון אַ ניט־געלונגענעם פּאַרזוך. און ער האָט זיך גאָר אין גיכען גענומען צו אַ נייע טעטיגקייט, — צו גרינדען אַ קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע, אַ ווירקליכע קאָמוניסטישע געזעלשאַפט. אָוען איז פאַר אַלעם ערשטען געווען אַ אוטאָפּיסטישער סאָציאַליסט, און ער האָט דאַריבער געגלויבט, אַז דער קאָלאָניסטישער אופן פון פּראָדוקציאָן וועט שאַפען הארמאָניע פון אינטערעסען. און אַזוי ווי עס וועט געשאַפט ווערען מעהר ווי עס קען פאַרברויכט ווערען, וועט מען דאַריבער ניט דאַרפען זאָרגען פאַר דער צוקונפט.

אין יאָהר 1823 האָט ער געמאַכט א רייזע נאָך אַמעריקא. דאָ אין דער נייער וועלט, האָט ער זיך גענומען פאַר זיינע קאָמוניסטיש־קאָאָפּעראַטיווע עקספּערימענטען. ער האָט פאַר 150,000 דאָלער אָפּגעקויפט די קאָלאָניע ניו האַרמאָני, וואָס האָט פריהער באַלאַנגט צו א רעליגיעזע עוואַנגעלישע סעקטע (ראַפּיסטען), וועלכע האָבען גאַנץ ווענינ געהאַלטען פון עולם הזה.

אָוען האָט אַרויסגעלאָזען אַן אויפרוף פאַר קאָלאָניסטען, און אין משך פון געניוע דריי מאָנאַטען האָבען זיך אַרום איהם שוין צונויפגעקליבען ביז 900 מענשען, וועלכע האָבען געוואָלט ווערען מיטגלידער פון דער נייער קאָלאָניע און אַנהענגער פון זיינע אידעען. די צונויפגעקליבענע זיינען געווען מכל המינים. צווישען זיי זיינען געווען מענשען אידעאַליסטען, וועלכע זיינען גרייט געווען צו אַרבייטען שווער און אַפילו צו ליידען אין אָנפאַנג, אַבי זיי זאָלען קענען אָנהויבען צו פיהרען א נייעם לעבען, וואָס זאָל שטימען מיט די אידעען פון יושר און מענשליכען גליק. עס זיינען געווען אויך מענשען, וועלכע האָבען נאָר געהאַט איין צוועק — צו באַקומען א רוהיגען, פאַרזיכערטען לעבען ביי ווענינ און לייכטע אַרבייט. דאָ זיינען אויך געווען איינפאַכע אָרימע לייט, וועלכע האָבען גלאַט ניט געהאַט דעם קאָפּ וואו אַוועקצולייגען.

אַלס יסוד פון דער נייער קאָלאָניע זיינען געלעגט געוואָרען די באַוואוסטע פּרינציפּען: גלייכהייט, געמיינשאַפטליכע אַרבייט, געמיינזאַמעס פאַרמעגען און צאָהלונג פאַר אַרבייט מיט פּראָדוקטען. די קאָלאָניסטען האָבען ערוועהלט א פאַרוואַלטונגס־קאָמיטע, וועלכע האָט דורכגעפיהרט אָוען'ס סיסטעם.

שוין באַלד אין אָנפאַנג, ווי עס זיינען נאָר געמאַכט געוואָרען די ערשטע פּראָבען צו באַזעצען אויף א געוויסען אָרט א צאָהל מענשען מיט פאַרשידענע געוואָהנהייטען, מיינונגען, באַגריפע, רעליגיעזע און וועלט־אַנשויאונגען, האָט מען שוין געקענט זעהען, אַז דיזער עקספּערימענט וועט קיין קיום ניט האָבען.

אָבער די ענטוישונג איז שוין געווען גאָר א שווערע. ווענינער ווי אין צוויי יאָהר צייט האָט די קאָלאָניע זיבען מאָל געביטען איהר קאָנסטיטוציע. און דורך די גאַנצע צייט האָט זי איבערגעלעבט אינעווענינסטע רייסערייען און שפּאַלטונגען, ביז זי איז אינגאַנצען צופאַלען. די אַנדערע אָוען'יסטישע קאָלאָניעס אין אַמעריקא האָבען אויך ניט געהאַט קיין ערפאָלג.

אין יאָהר 1828, ווען אָוען איז צום לעצטען מאָל געקומען נאָך אמעריקא, האָט ער איינגערופען א מיטינג פון אלע קאָלאָניסטען, וועלכע ער האָט ערקלערט, אז ער ענטזאגט זיך ווייטער אין דעם צו ארבייטען. ער האָט געזאָגט :

„דער עקספערימענט האָט באַוויזען, אז מענשען, וועלכע זיינען ערצויגען געוואָרען ביי דער אַלטער סיסטעם פון אינדיווידואַ־ליזם, — ביי דער סיסטעם, ביי וועלכער דער מענש לעבט באַזונ־דער און זאָרגט נאָר פאר זיך אליין, קענען זיך ניט אזוי געשווינד דורכנעמען מיט געדולדיגקייט און טאָלעראַנץ צום צווייטענס מיי־נונגען, קענען ניט פיהלען איינער צום צווייטען קיין ברידערליכע ליעבע, אָהן וועלכע ס'איז אונמעגליך, אז עס זאָל עקזיסטירען שלום און צוטרוי צווישען די מיטגליד'ער פון דער קאָלאָניע און אָהן וועלכע עס קאָן ניט עקזיסטירען קיין שום עהנליכע געזעלשאפט. נאָר — גיט ער צו ווייטער — איך קען מיינע חברים ניט מאכען קיין פאָרווירפע דערפאר, וואָס זיי האָבען ניט פארשטאַנען דעם נוץ פון דער נייער פיהרונג. איך פיהל בלויז א מיטלייד צו זיי און וועל זיך באמיהען אָרויסצונעמען פאר אַלעמען א נוץ פון מיינע טעות'ן".

אָוען האָט זיך אָפּגעגעבען אויך מיט ליטעראַרישע ארבייט. זיין בוך: „א נייער בליק אויף דער געזעלשאפט", וועל־כען ער האָט געשריבען אין 1812—1813, דאַרף באַזונדערס דערמאָנט ווערען. די הויפט יסודות פון זיין לעהרע, וועלכע ווערט אויך באַצייכענט אלס די פילאָזאָפיע פון יענעם פעריאָד, זיינען אין קורצען ווי פאָלגט :

1) דער כאַראַקטער פון א מענשען ווערט אין אַלגעמיין באַשטימט פון די אומשטענדען און פון דער אומגעבונג, אָבער ניט פון דעם מענשען אַליין. די אייגענשאַפטען, וואָס זיינען איינגע־באָרען, האָבען א פיעל קלענערע באַדייטונג.

2) אין מענשען קען מען ערציהען אַלערליי געוואָנהייטען און געפיהלען.

3) מענשליכע נייגונגען זיינען ניט אַפּהענגיג פון דער קאָנ־טראָלע פון יחיד.

4) יעדער יחיד קען געבראַכט ווערען דערצו, אז ער זאָל שאַפען מעהר, ווי ער קען פאַרברויכען.

5) די קולטור האָט געשאַפען די מיטלען צו האַלטען שטענ־

דיג די באַפעלקערונג אין אַ גוטען צושטאַנד, אום יעדער יחיד זאָל קענען געניסען דאָס העכסטע גליק און מען זאָל ניט דאַרפען שטע־רען דער באַפעלקערונג זיך צו פאַרמעהרען.

6) די געזעלשאַפט קען געבראַכט ווערען אין אַזא צושטאַנד, וואו אַלע זאָלען זיין גליקליכע ווי ביז איצט.

7) אַלע יסודות, אויף וועלכע די געזעלשאַפט איז געבויט ביז איצט, זיינען פאַלש.

8) די איבערקערעניש קען דורכגעפיהרט ווערען אַזוי, אַז קיין איינציגער זאָל דאָס מינדעסטע ניט ליידען.

אָוען'ס פּלענער האָבען ניט געהאַט קיין ערפאָלג. אָבער דער חסרון איז געלעגען ניט אין זיי, נאָר אין דעם, וואָס מען האָט זיי שלעכט אָנגעווענדעט. אָוען אַליין האָט דאָס באַמערקט, און ער האָט זיך גענומען צום קאַמפּף פאַר אַלגעמיינע וואהל־רעכט און צו אָרגאַניזירען טרייד־יוניאָנס. און דאָ האָט ער גלייך געהאַט די געלעגענהייט צו זעהען, ווי די זעלבע, וועלכע האָבען איהם געלויבט ביז אין זיבעטען הימעל, ווען ער האָט געמאַכט זיינע פילאַנטראָ־פּישע עקספּערימענטען אין נ י ו ל א נ א ר ק, האָבען איהם איצט באַוואָרפען מיט שמוץ, ווען ער האָט זיך געוואגט אָנצוריהרען די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע יסודות פון זייער הערשאַפט.

אין יאָהר 1828 האָט אָוען באַזוכט וועסט־אינדיען און מעק־סיקאָ, וואו ער האָט געזאָלט באַקומען אַ גרויסע טעריטאָריע אויף איינצואָרדנען אַ נייע לאַנד מיט אַ גרויסער באַפעלקערונג, לויט זיין סיסטעם. נאָר אַזוי ווי די רעגירונג (פון מעקסיקאָ) האָט איהם ניט געקענט גאַראַנטירען אין דעם לאַנד פולע פרייהייט פון גלויבען, וועלכע אָוען האָט געשטעלט אַלס הויפּט־באַדינגונג, האָט ער דעם פאָרשלאַג וועגען טעריטאָריע ניט אָנגענומען.

ענטזאַגענדיג זיך פון צו באַקומען אַ גאַנץ לאַנד, צוליעב דעם פּרינציפּ פון גלויבענס־פרייהייט, איז אָוען אַוועק צוריק נאָך ענג־לאַנד, וואו איהם איז פאָרגעשטאַנען אַ מעהר פרוכטבאַרע אַרבייט.

---

### 3. די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע עקספּערימענטען.

נאָך איידער אָוען איז געפאָהרען נאָך אַמעריקאַ, האָט ער זיך שוין אינטערעסירט מיט דער אידעע פון אָרגאַניזירען קאָאָפּעראַ־טיווע פאַראיינען. ער איז דערביי אויך געגאַנגען מיט זיין אַלטען וועג און זיך מיט זיין פּלאַן צום ערשטען געווענדעט צו די העכערע

און רייכערע קלאַסען. און, ווי שטענדיג, האָט ער דאָרט אויך איצט קיין ערפאָלג ניט געהאַט. איהם זיינען, אלזאָ, פאָרגע־שטאַנען, צוויי פארשידענע וועגען: ענטוועדער אינגאַנצען אויפ־צוגעבען געזעלשאַפטליכע ארבייט און צו פיהרען אַ רוהיגען לעבען פון אַ רייכען, אנערקענטען מענשען; אָדער ווייטער צו פּראָפּאַ־גאַנדירען זיינע אידעען צווישען די מאַסען, צו וועלכע ער האָט זיך נאָך ביז איצט גאָר ניט געווענדעט. ער האָט אויסגעקליבען דאָס לעצטע, הגם דער וועג איז געווען פול מיט דערנער און זעהר אַ שווערער.

אָוען האָט זיך פאַר אַלעם ערשטען גענומען צו אָרגאַניזירען עטליכע פעראיינען מיט ענטוזיאַסטישע מענשען, וועלכע זיינען געווען איבערגעגעבען צו די אינטערעסען פון די ארבייטער־מאַסען.

אין יאָהר 1821 האָט איינע אַזאַ חברה אין לאָנדאָן אָנגעהויבען ארויסצוגעבען אַ וואָכענבלאַט „עקאָנאָמיסט“, וועלכער האָט זיך געשטעלט דעם צוועק צו פּראָפּאַגאַנדירען צווישען די ארבייטער, אַז זיי זאָלען גרינדען פּראָדוקציאָן ־ און ־ געברויך ־ אַסאָציאַציעס. אין דער זעלבער צייט האָט אַ גרופּע לאָנדאָנער זעצער געגרינדעט אַ „קאָאָפּעראַטיווע און עקאָנאָמישע געזעלשאַפט“, וועלכע פלעגט זיך צונויפקלייבען אין דער וואָהנונג פון דער רעדאַקציע און דאָרט באַקלערען, ווי אַזוי דורכצופיהרען אָוען׳ס פּלענער צווישען די ארבייטער.

זיי האָבען געזעכענט איינצואָרדנען אַן ארבייטער געזעלשאַפט פון 250 פאַמיליעס, וועלכע זאָלען וואָהנען אין איין אַלגעמיינער געביידע אָדער אין באַזונדערע געביידעס מיט געמיינשאַפטליכע קיכען און עס־צימערען. דער פּלאַן איז געווען, אַז פון די אפּצאָה־לונגען וועט זיך צונויפקלייבען דער נויטיגער קאַפּיטאַל, מיט וועל־כען זיי זאָלען קענען אַלע צוזאַמען מאַכען אַ קאָאָפּעראַטיווע אונ־טערנעמונג, וואו יעדער מיטגליעד פון קאָאָפּעראַטיוו זאָל דאָרט האָבען ארבייט און פאַרדיענען אויף זיין לעבענס־געברויך.

דעם גאַנצען פּלאַן האָבען זיי ניט געקענט דורכפיהרען, ווייל עס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען צוזאַמענצושטעלען דעם נויטיגען קאַפּיטאַל. האָבען זיי זיך געמוזט באַגניגענען מיט׳ן צוגרייטען נויטיגע פּראָדוקטען פאַר׳ן געברויך פון אַלע מיטגליעדער אויף האָלסייל (אַגולנע) פּרייזען, ד. ה., קאָנסום־פעראיין. דאָס איז ביי זיי געווען בלויז אַ דערוויילינגער מיטעל. די האָפנונג מיט דער

צייט צו פאַרווירקליכען זייער גאנצען פּלאַן האָבען זיי ניט אויפ־געגעבען, ווי זיי זאָגען עס אין זייער באַשטימונג: „איינצואָרדנען אַזאַ פּראָדוקציאָנס ־ און ־ געברויך ־ פאַראיין, ביי וועלכער עס זאָלען קענען פאַרווירקליכט ווערען די פּלענער, וואָס זיינען ענטוויקעלט געוואָרען דורך דעם וואָהלטעטער פון דער מענשהייט — ראָבערט אָוען פון ניו לאַנאַרק".

א חוץ דעם דאָזיגען פאַראיין זיינען באַלד געגרינדעט געוואָרען נאָך אייניגע פאַראיינען אין פאַרשידענע ערטער אין ענגלאַנד. ענדע יאָהר 1824 איז אין לאָנדאָן ענטשטאַנען אַ קאָאָפּעראַטיווער פאַראיין, וועלכער האָט געטראָגען אַ ליטעראַרישען כאַראַקטער. דער פאַראיין פּלעגט אַרויסגעבען בראָשורען, פּאַמפּלעטס און אַראַנזשירען פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע עס פּלעגען געלעזען ווע־רען לעקציעס און עס פּלעגען באַשפּראָכען ווערען פאַרשידענע עקאָנאָמישע פראַגען. אויף אַזאַ אופן האָט ער פאַרשפּרייט צווישען פּובליקום ראָבערט אָוען'ס אידעען. ראָבערט אָוען אַליין פּלעגט אָפט נעמען אַן אַנטייל אין די פאַרזאַמלונגען, וואו ער פּלעגט ערקלערען זיינע טעאָריעס און דיספּוטירען מיט די מאַל־טוזיאַנער *).

צום ענדע פון יאָהר 1826 האָט דער פאַראיין אַרויסגעגעבען אַ זשורנאַל „קאָאָפּעראַטיווער זאַמעל־בוך", וועלכער האָט אַ סך געהאָלפען פאַרשפּרייטען אָוען'ס אידעען וועגען דעם נוצען פון פאַר־שידענע פאָרמען פון קאָאָפּעראַציע. די ערשטע צייט האָבען זיך אָוען'ס אנהענגער פאָרגענומען צו פאַרווירקליכען זיינע אידעען אין אַ ברייטער מאָס, ווי, למשל, איינצואָרדנען קאָלאָניסטישע און קאָאָפּעראַטיווע געמיינדעס. אויף דאָס דורכצופיהרען, האָבען זיך געפאָדערט גרויסע מיטלען. די דורכפיהרונג פון פּלאַן זיינען דאַריבער ביז אַ געוויסען גראַד געווען אָפּהענגיג פון דער שטיצע פון די רייכע, וועלכע האָבען געוועהנליך געשטערט דעם ערפאָלג פון דער זאַך.

נאָך אין יאָהר 1827 האָט זיך אין זשורנאַל באַוויזען אַן אַרטי־קעל: „פאַרלאָזט אייך בלויז אויף זיך זעלבסט", און פון יענער

---

*) די אָנהענגער פון'ם געלעהרטען מאַלטוס, וועלכער האָט באַ־הויפּטעט, אז אָרימקייט און עלענד זיינען אונפאַרמיידליך, ווייל מענ־שען פאַרמעהרען זיך אין אַ גרעסערער פּראָפּאָרציע, ווי לעבענסמיטלען.

ציים אָן איז דער אַלטער אמת, אַז „דער כח איז נאָר אין איינינ־קייט", געוואָרען דער גרונד־פּרינציפּ פון אָוען'ס אנהענגער אין זייער ווייטערדיגער ארבייט. אומעטום האָבען זיך אָנגעהויבען צו פאַר־שפּרייטען קליינע אָרגאַניזאַצ'יעס פון ארבייטער און אָוען'ס אנהענ־גער. די מיטגלידער פון דיזע אָרגאַניזאַציעס פלעגען אריינטראָ־גען אין פאַראיין צו עטליכע סענט יעדע וואָך, און די אויפגעקלי־בענע סומען פלעגען ווערען אָפּגעשיקט אין דער לאָנדאָנער אססאָ־ציאַציע פון „צענטראַלען קאָאָפּעראַטיווען פאָנד", וועלכער איז באַשאַפען געוואָרען מיט'ן צוועק איינצואָרדנען זעלבסטשטענדיגע לאַנדווירטשאַפטליכע און אינדוסטריעלע קאָלאָניעס.

צו ענדע יאָהר 1829 האָבען שוין אין ענגלאַנד עקזיסטירט 133 קאָאָפּעראַטיווע פאַראיינען. און אין יאָהר 1830 — שוין ארום 300; דאָס רוב זיינען זיי געווען פון טיפּ קאָנסום־פאַר־איינען. די קאָאָפּעראַטיווע מיטגלידער פון דער אונטערנעמונג פלעגען ניט באַקומען קיינע דיווידענדען, ווי עס איז איינגעפיהרט אין די היינטיגע קאָנסום־פאַראיינען, ווייל דער פאַרדינסט, ד. ה., דער דיווידענד, פלעגט געהן אויף צו פאַרווירקליכען דעם ענד־ציעל פון'ם פאַראיין — צו גרינדען אייגענע פאבריקען, פון וועלכע אַלע מיטגלידער זאָלען קענען גלייך לעבען, זיין פאַרזיכערט מיט דער עקזיסטענץ און ניט דאַרפען ארבייטען ביי יענעם.

פיעלע מיטגליעדער האָבען אָבער ניט געהאט קיין געדולד צו וואַרטען אויף דער צייט, ווען עס וועט ווערען מעגליך, דורך דעם אָנגעקליבענעם קאַפּיטאַל, צו פאַרווירקליכען דעם אָקאָרשט דער־מאָנטען פּלאַן. די באַלדיגע נוצען, וואָס זיי פלעגען באַקומען פון דיזע קאָאָפּעראַטיווען, זיינען פאַר מאנכע אויסגעקומען צו ווייניג, און די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, וועלכע האָט ערגייכט איהר גרעסטע שטופע אין יאָהר 1832 — ווען די צאָהל פון אַזעלכע פאַראיינען האָט געשטיגען ביז 700 — האָט אָנגעהויבען ביסלעכ־ווייז שוואַך צו ווערען. דער גרעסטער טייל פאַראיינען זיינען אין עטליכע יאָהר ארום אונטערגעגאַנגען.

די הויפּט סיבה פון זייער אונטערגאַנג איז געלעגען אין דעם, וואָס די ארבייטער זיינען נאָך געווען ווייניג פאָרבערייטעט צו קאָאָפּעראַציע, ווייל די אידעע פון קאָאָפּעראַציע איז צו זיי געקומען פון דרויסען. זיי גופא זיינען געווען שטאַרק אונטערדריקט, פלע־גען זיך צופיעל פאַרלאָזען אויף זייטיגע הילף, זיינען נאָך ניט גע־

וואָהנט געווען צו זיין פאראייניגט, זיך צו שטיצען אויף די אייגענע קרעפטען און אליין צו באשיצען זייערע אינטערעסען.

ניט קיין קליינע ראָלע אין אונטערגאנג פון די דאָזיגע פאראיינען האָט געשפּיעלט אויך דאָס, וואָס די דאמאלסדיגע קאָאָפּעראטיווע פאראיינען האָבען זיך געשטיצט הויפּטזעכליך אויף דער אידעאַלער זייט פון מענשען און האָבען פארפאָלגט מעהר אידעאלען פון דער צוקונפט, איידער פּראקטישע, באלד־נוצענ־ברענגענדע רעזולטאטען.

דאָס האָבען זעהר גוט פאַרשטאַנען די ר א ט ש ד י י ל ע ר פּ י אָ נ ע ר ע ן, די אמת'ע באגרינדער פון דער מאָדערנער קאָאָפּעראטיווער באוועגונג. אין נעקסטען קאפּיטעל וועלען מיר זעהן, פארוואָס זיי האָבען געהאַט אַ בעסערען מזל, פאַר די ערשטע.

ר אָ ב ע ר ט אָ ו ע ן האָט נאָך געהאַט די זכיה ביי זיין לעבען צו זעהען (ער איז געשטאָרבען דעם 17טען נאָוועמבער, 1858) ווי פון זיין חלום איז אַ מעכטיגע באוועגונג אויסגעוואקסען — אַ באוועגונג, וועלכע האָט זיך מיט אַ פּיבערהאפטע שנעלקייט פאַר־שפּרייט איבער דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט.

„אַט אזוי האָט ר אָ ב ע ר ט אָ ו ע ן, דער פאטער פון דער קאָאָפּעראטיווער באוועגונג, אוועקגעשטעלט דעם מענשליכען געדאַנק אויף די רעלסען (טרעקס) פון קאָאָפּעראַציע", ווי זיינע פארעהרער דריקען זיך אויס.



ג. דזש. האליאָק

דער היסטאָריקער פון די ראָטשדיילער פיאָנערען.

## צ ו ו י י ט ע ר   ק אַ פּ י ט ע ל.

# די ראַטשדייילער פּיאָנערען.

אין יאָהר 1844 זיינען זיך צונויפגעקומען עטליכע וועבער אין ראַטשדייל, ענגלאַנד, אויף צו באַשפּרעכען פּלענער ווי צו פאַרבעסערען זייער שלעכטע לאַגע. די אורזאַכע פון זייער צוזאַמענקונפט איז געוועזן א ניט־געלונגענער סטרייק. די צייטען זיינען געוועזן „שלעכטע, און צוזאַמען מיט דער ארבייטסלאָזינקייט זיינען אויך געשטיגען די פּרייזען אויף עסענוואַרג“.

פון די פיעלע פּלענער האָט ביי אַלעמען אויסגענומען דער פּלאַן פון איינעם ט ש אַ ר ל ס ה אָ ו אַ ר ט ה, וועלכער האָט פאָרגעשלאָגען, אַז די אנוועזענדע זאָלען גרינדען א סטאָר, וואו זיי זאָלען קענען קויפען אַלע נויטווענדיגע פּראָדוקטען. די סטאָר זאָל איינקויפען אַלע פּראָדוקטען אין האָלסייל און זיי נאַכהער פאַרקויפען צו די מיטגלידער לויט די מאַרק־פּרייזען. די פּראָפיטען, וואָס וועלען זיך אָפּשטעלען אין דער סטאָר, זאָלען פאַנאַנדערגעטיילט ווערען פּראָפּאָרציאָנעל צו די מיטגליעדער, נאָך דער סומע נאָך, אויף וויפיעל יעדער האָט געקויפט אין ־ער סטאָר.

דיעזע קליינע גרופּע ענטוזיאסטען זיינען אייגענטליך ניט אויסען געוועזן בלויז צו גרינדען א סטאָר, אום צו מאַכען עטליכע דאָלער פּראָפּיט. זייער צוועק איז געוועזן אויך צו „זעהן צו פאַרבעסערען די סאָציאַלע לאַגע פון די מיטגליעדער“. די סטאָר, אַלזאָ, איז דאַריבער נאָר געוועזן דער ערשטער שריט צו זייער גרויסען פּלאַן.

וואָהנהייזער זיינען אין ר א ט ש ד י י ל געוועזן צרה'דיגע, און די לענדלאָרדס האָבען דערצו נאָך פאַרלאַנגט הויכע דירה־געלד. האָבען דאַריבער די פאַרזאַמעלטע, אַלס די צווייטע אויפגאַבע זיך געשטעלט „צו בויען, קויפען אָדער אָפּדינגען הייזער פאַר די מיטגליעדער“.

אום צו פאַרקלענערען די שלעכטע פאָלגען פון ארבייטסלאָזיגקייט און פון נידריגע שכירות, וועלכע האָבען צו יענער צייט אין

ר א ט ש ד י י ל דערגרייכט די נידריגסטע שטופע, האָבען זיי באַשלאָסען, אלס א דריטע אױפגאבע, „אליין צו פאבריצירען אר־טיקלען, וועלכע דער פאראײן וועט באשטימען, כדי צו פארזאָרגען מיט ארבייט יענע מיטגלידער, וואָס זיינען אָהן ארבייט אָדער ליידען פון די קליינע שכירות, אָדער פון א וועלכע־ניט־איז אנדערע אורזאכע".

אלס א פיערטע אויפגאבע האָבען זיי זיך געשטעלט : „אָפּצו־דינגען אָדער צו קויפען א שטיק לאנד, וואָס זאָל קולטיווירט ווערען פון די ארבייטסלאָזע מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט, אָדער פון יענע מיטגליעדער, וועלכע קענען ניט גענוג פארדיענען אויף זייער חיונה".

און אלס פינפטע, און הויפט אויפגאבע, האָבען זיי זיך געשטעלט :

„אזוי שנעל ווי עס וועט נאָר מעגליך זיין זאָל דיזע געזעל־שאפט זעהען איינצואָרדנען אַלע קרעפטען פון פּראָדוקציאָן, אויס־טיילונג, בילדונג און רעגירונג ; אָדער אין אנדערע ווערטער, צו עטאבלירען א זעלבסט־פארוואלטענדע קאָלאָניע פאר דעם וואָהל און בעסטען פון אלעמען, אָדער מיטהעלפען אנדערע, זיי זאָלען גרינדען אזעלכע קאָלאָניעס"

ווי מיר זעהען אלזאָ, האָבען זיך די ראטשדיילער וועבער גע־שטעלט גאנץ הויכע אידעאלען.

נאכדעם ווי עס זיינען פאר זיי קלאָר געוואָרען זייערע פּלענער און אויפגאבען, האָבען זיי גלייך גענומען שריטע צו עפענען די סטאָר, וועלכע, ווי געזאָגט, האָט געדארפט דיענען אלס דער ערשטער פונדאמענט־שטיין פאר זייער גרויסער געביידע.

זייער געזעלשאפט האָבען זיי א נאמען געגעבען : „דער פאראיין פון גערעכטיגע פּיאָנערען אין ראטשדייל". זייער צאָהל איז פון אנפאנג געווען 28, צווישען זיי שוין איין פרוי. דאָס זיינען געווען אָרימע וועבער, וועמען עס איז אונמעגליך געווען צוזאמענצו־קלייבען אויף אמאָל „די געוואלטיגע סומע פון 5 דאָלער פאר א שער", וועלכע יעדער מיטגליעד האָט געדארפט קויפען. עס איז דאריבער איינשטימיג באשלאָסען געוואָרען צו קלייבען די געלד דורך וועכענטליכע אפצאהלונגען. אין אנפאנג איז באשטימט געוואָרען איינצוצאָהלען 4 סענט א וואָך, אָבער שפּעטער איז די סומע געהעכערט געוואָרען אויף 6 סענט.

דער פאראיין איז רעגיסטרירט געוואָרען, און נאָך גרויסע מאטערניסען האָט עס זיך ענדליך די מיטגליעדער איינגעגעבען צוזאמענצוקלייבען א סומע פון 144 דאָלער, מיט וועלכע זיי זיינען צוגעטראָטען צו זייער שווערער ארבייט.

נאָך געוויסע אנשטרענגונגען איז זיי געלונגען צו קריגען א סטאָר אין טאָאד־ליין, ראָטשדייל. זיי האָבען איינגעקויפט עטליכע גראָסערי ארטיקלען, ווי מעהל, צוקער, פּוטער, זייף, סאָדא, ליכט, האָבער־מעהל, א. ד. גל.

אין אנפאנג האָבען זיי געהאָפט צו באַלייכטען די סטאָר מיט גאַז, אָבער די גאַז־קאָמפּאַניע האָט זיך ענטזאגט איינצופירען גאַז, ווייל זי האָט מורא געהאט, אז דער פאראיין וועט ניט האָבען פון וואנען צו צאָהלען די בילס...

ענדליך איז געקומען דער היסטאָרישער מאָמענט. אין דעם לעצטען אָווענט פון יאָהר, נעמליך, דעם 21טען דעצעמבער, אין יאָהר 1844 זיינען די טירען פון דער סטאָר אויפגעמאכט געוואָרען. אין גאס האָט געקאָכט ווי אין א קעסעל. אלע ארומיגע שכנים, סטאָר־קיפּערס און גאסען־יונגען האָבען באגלייט יעדען קונה מיט א הילכיגען געלעכטער אין אָפּגעטאָן מעשים. א קלייניגקייט?! איינפאכע וועבער, וואָס האָבען קוים דירה־געלד צו צאָהלען, געהען גאָר קאָנקורירען מיט ערפאַהרענע און איינפלוסרייכע געשעפטס־לייט! ס'געהערט! ?

די סטאָר איז געווען באלויכטען פון א קליין ליכטעל, און איין גראָסערי־מאַן האָט אויסגעשריען: „העי, חברה, אייער ליכטעל וועט באלד אויסגעהן!" אן אַנדערער, ווידער, האָט געשריגען: „מיט א טאַטשקע קען מען דאָך אייער גאנצען סטאָר אַוועקפיהרען".

אָבער די ראָטשדיילער וועבער האָבען אין זיך געהאט דאָס, וואָס אַלע גרויסע טרעגער פון א נייער אידעע האָבען — פּיאָנערען־מוט. און זיי האָבען אַלע באַליידיגונגען רוהיג, פילאָזאָפיש־געדול־דיג אריבערגעטראָגען.

און זייער ליכטעל איז ניט אויסגעגאנגען. פאַרקעהרט: וואָס ווייטער האָט זי זיך פאנאנדערגעברענט אלץ ליכטיגער, שטאַרקער, העלער. אין אנפאנג איז די סטאָר געווען אָפען נאָר צוויי אָווענדען אין וואָך — שבת און מאָנטאָג. איין מיטגליעד האָט פארנומען די שטעלע פון סיילסמאַן, דער אנדערער פון סעק־רעטער, דער דריטער פון קעשיער, אריינגערעכענט אין ערך 10

דאָלער א וואָך אין דער קאַסע; און דער פיערטער איז געווען דער טרעזשורער, ביי וועמען די 144 דאָלער האָבען זיך אָנגעזאַמעלט. די איבריגע 24 מיטגליעדער האָבען פארנומען די עמטער פון טראַסטים, דירעקטאָרען, שער־האָלדערס, פּראָפּאגאנדיסטען, אגענטען, און צום שלום אַלע קונים. באלד נאָך דער ארבייט פלעגען זיך די מיטגליעדער צוזאמענקומען לעבען דער סטאָר, כדי אויסצוגעפינען, צי זיי קענען זיך מאַכען נוצליך מיט וואָס־עס־איז.

אָבער די בעסטע אגענטען פאר דער סטאָר זיינען געווען די פרויען פון די מיטגליעדער. זיי האָבען אַגיטירט פאר די סטאָר צווישען די שכנים, און די צאָהל קונים איז געוואקסען פון טאָג־צו־טאָג. אין א קורצע צייט ארום האָט שוין דער פאראיין באשלאָסען צו האַלטען די סטאָר אָפען א גאנצען טאָג. גאַנץ אָפט האָבען די קאָאָפּעראטאָרס אריינגענומען אויך נייע ארטיקלען, און די סטאָר האָט באַקומען אַן אויסזעהן פון אַן „אמת'ער סטאָר“.

אין 1845 האָט די מיטגלידערשאפט שוין געצעהלט 74, און די איינגאַהמע פאר'ן יאָהר האָט באטראָפען — 3,550 דאָלער.

אין 1847 האָבען שוין די קאָאָפּעראטאָרס פארקויפט אין דער סטאָר פארשידענע סחורות, און אין זיבען יאָהר שפּעטער האָבען זיי געעפענט א טוך (דרייפּערי) סטאָר.

אין 1852 האָבען זיי זיך גענומען צו פארווירקליכען זייער אידעאַל אויפ'ן פּראָדוקטיווען געביט: זיי האָבען געגרינדעט אפּטיילונגען פאר שוסטעריי, שניידעריי, א. ז. וו.

די געשיכטע — וועלכע איז שוין כמעט א לעגענדע געוואָרען — פון די 28 וועבער, די ראטשדיילער פּיאָנערען, איז שוין אזוי פיעל מאָל דערצעהלט און איבערדערצעהלט געוואָרען, דאָס מיר האַלטען פאר איבריג זיך אויף איהר לענגער אָפּצושטעלען. עס וועט אפשר גענוג זיין בלויז נאָך צו דערמאָנען, דאָס אין 1915 האָט די מיטגלידערשאפט פון דיזע געזעלשאפט שוין דערגרייכט 21,794; דער קאפּיטאַל, וואָס איהרע שערס באטרעפט — 1,903,155 דאָלער, און דער אומזאַץ פאר דיזען יאָהר האָט באטראָפען — 2,295,590 דאָלער.

וואָלט היינט־צו־טאָג עקזיסטירט ניט מעהר ווי דיזע איינציגע קאָאָפּעראטיווע געזעלשאפט, וואָלטען די ראטשדיילער 28 וועבער אויך פארדיענט דעם נאָמען פּ י אָ נ ע ר ע ן, — פארדיענט, דאָס זייער אנדענקען זאָל זיין הייליג ביי יעדען אמת'ען קאָאָפּעראטאָר.

אָבער אין דער ווירקליכקייט האָבען זיי ניט נאָר באַוויזען צו גרינדען איין ערפאָלגרייכע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, נאָר זיי האָבען אויך דירעקט און אינדירעקט באַאיינפלוסט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט, אויף אַזוי פיעל, אַז מיר האָבען שוין איצט צעהנדליגער טויזענדער קאָאָפּעראַטיוון. קיין אַנדער פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטליכע באַוועגונג קען זיך מיט איהר ניט פאַרגלייכען. און — זי האַלט אין וואַקסען! די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג דרינגט איצט אַריין אין אַלע צווייגען פון מענשליכען האַנדעל און דענקען: אין דער אינדוסטריע, האַנדעל און בילדונג.

שטעלט זיך אַ פראַגע: פאַר וואָס האָבען די איינפאַכע ראַטשדיילער וועבער געהאַט אַזאַ גרויסען ערפאָלג, און זייער שטאַרקען איינפלוס פיהלט זיך נאָך היינט־צו־טאָג, ווען הערענד דער געניאַלער ראָבערט אָוען האָט ניט געהאַט קיין ערפאָלג? אין וואָס באַשטעהט זייער מאַגנעטישע מאַכט, זייער ערפאָלגרייכער, קאָמערציעלער ערפאָלג?

אום צו ענטפערן אויף דיזע פראַגען מוזען מיר זיך צוערשט באַקענען מיט זייערע מעטאָדען, קאָאָפּעראַטיווע כללים, די גרונדפּרינציפּען פון קאָאָפּעראַציע, וועלכע זיי האָבען אויסגעאַרבייט, פאָרמולירט און פּראַקטיצירט.

די פאָלגענדע טאַבעלע צייגט, אויף וויפיעל די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט זיך פאַרשפּרייט אין ענגלאַנד אַליין דורך די נעקסטע פיער צעהנדליג יאָהר.

| יאהר | געזעל־שאפטען | מיטגלידער | שער קאפיטאל | לאון קאפיטאל | אומזאץ | פראפיטען |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1861 | — | 48,184 | $1,666,450 | — | $7,560,585 | — |
| 1862 | 450 | 91,502 | 1,553,655 | $272,260 | 11,745,275 | $831,510 |
| 1863 | 460 | 108,588 | 2,867,910 | 367,715 | 13,133,705 | 1,068,115 |
| 1864 | 505 | 129,429 | 3,420,910 | 445,610 | 14,183,030 | 1,122,300 |
| 1865 | 867 | 148,586 | 4,096,835 | 536,315 | 16,869,235 | 1,396,130 |
| 1866 | 915 | 174,993 | 5,231,550 | 590,115 | 22,313,380 | 1,861,535 |
| 1867 | 1,052 | 171,897 | 7,375,995 | 683,670 | 30,005,765 | 1,992,890 |
| 1868 | 1,242 | 208,738 | 10,138,880 | 920,815 | 40,565,360 | 2,127,710 |
| 1869 | 1,300 | 220,000 | 10,000,000 | 950,000 | 40,500,000 | 2,500,000 |
| 1870 | 1,375 | 249,113 | 10,171,305 | 985,640 | 41,012,330 | 2,777,175 |
| 1871 | 746 | 262,188 | 11,529,755 | 1,077,765 | 47,187,355 | 3,353,605 |
| 1872 | 748 | 300,931 | 13,928,885 | 1,722,545 | 56,942,950 | 4,038,740 |
| 1873 | 980 | 387,701 | 17,564,810 | 2,488,750 | 78,312,265 | 5,595,115 |
| 1874 | 1,026 | 411,252 | 19,518,040 | 2,934,860 | 81,791,390 | 6,130,050 |
| 1875 | 1,163 | 479,284 | 23,504,950 | 4,223,100 | 80,440,385 | 7,126,335 |
| 1876 | 1,163 | 507,857 | 26,520,095 | 4,598,810 | 99,548,495 | 8,706,190 |
| 1877 | 1,144 | 528,582 | 27,439,795 | 5,366,325 | 106,870,065 | 9,500,805 |
| 1878 | 1,181 | 560,703 | 28,651,090 | 4,363,430 | 105,641,570 | 9,089,715 |
| 1879 | 1,169 | 573,084 | 28,739,205 | 7,476,215 | 101,828,010 | 9,747,570 |
| 1880 | 1,183 | 604,063 | 31,160,465 | 6,706,450 | 116,241,570 | 7,899,365 |
| 1881 | 1,230 | 642,783 | 34,686,420 | 7,417,915 | 124,630,025 | 9,897,880 |
| 1882 | 1,145 | 654,038 | 36,446,795 | 7,319,795 | 132,867,755 | 10,534,790 |
| 1883 | 1,165 | 681,691 | 37,504,175 | 7,692,720 | 140,446,550 | 11,620,155 |
| 1884 | 1,264 | 849,615 | 41,025,365 | 8,585,250 | 146,476,135 | 13,293,230 |
| 1885 | 1,288 | 803,747 | 43,998,765 | 9,135,545 | 149,413,395 | 14,418,805 |
| 1886 | 1,296 | 835,200 | 46,487,530 | 10,998,290 | 156,268,785 | 14,831,715 |
| 1887 | 1,291 | 896,910 | 49,088,935 | 10,222,490 | 183,486,265 | 15,346,340 |
| 1888 | 1,369 | 943,949 | 51,919,410 | 11,412,595 | 180,026,175 | 16,524,215 |
| 1889 | 1,515 | 1,054,996 | 55,999,670 | 12,379,425 | 201,127,030 | 18,877,320 |
| 1890 | 1,554 | 1,117,055 | $61,309,760 | $13,001,600 | $216,001,595 | $20,850,190 |
| סך הכל: | | | | | $2,743,436,440 | $233,059,495 |

## דריטער קאפיטעל.

# די מעטאָדען און די קאָאָפּעראַטיווע גרונד־פּרינצי־פּען פון די ראָטשדײלער פּיאָנערען.

### דער סוד פון זייער ערפאָלג.

כמעט אַלע היסטאָריקער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באוועגונג ציינען אָן אויף דעם פאקט, דאָס די קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג האָט א גרויסען טייל פון איהר ערפאָלג צו פארדאנקען די איינפאַכע כּללים, געשעפטס־מעטאָדען, וועלכע די ראָטשדיילער פּיאָנערען האָבען צום ערשטען פאָרמולירט און פּראַקטיצירט. עס איז ווינ־שענסווערט, אז יעדער קאָאָפּעראַטאָר זאָל שטענדיג אין זינען האָבען, דאָס אָהן די דאָזיגע איינפאַכע רולס וואָלטען מיר היינט אפשר קיין קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג ניט געהאט, — זיכער ניט אין איהר איצטיגען געשטאַלט, — און אז אָהן זיי קען קיין קאָאָפּערא־טיווע אונטערנעמונג ניט האָבען קיין קיום.

אין דיזען קאפּיטעל ווילען מיר נאָר אָנווייזען אויף די סאַמע וויכטיגסטע כּללים פון די ראָטשדײלער פּיאָנערען, — כּללים, וועל־כע מען קען אויך מיט רעכט אָנרופען — דער שולחן ערוך פון דער קאָאָפּעראַטיווער באוועגונג.

* * *

**דער קאפּיטאַל.** די געלד אויף אָנצופיהרען די אונטערנעמונג דאַרף געשאַפען ווערען פון די מיטגליע־דער אליין. די ערשטע קאָאָפּעראַטיווען זיינען אונטער־געגאַנגען מייסטענס דורך דעם, וואָס זייער קאפּיטאַל איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון איינצעלנע פּערזאָנען, פון פילאַנטראָפּען. א קאָאָפּעראַטיוו איז א בשותפות׳דיגע אונ־טערנעמונג, וואו יעדער איינער דאַרף זיין גלייך פאראינטערעסירט און צוגעבונדען. יעדער איינער מוז עפּעס צושטייער געבען צום געשעפט. עס איז דארום א סך בעסער פאַר א קאָאָפּעראַטיוו צו קריגען 500 דאָלער פון 100 מענשען, איידער צו קריגען דיזעלבע סומע פון איינעם אָדער עטליכע פּערזאָנען.

דער קאַפּיטאַל זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערען דורך גלייכע קליינע חלקים (שערס). הגם עס זיינען פאַראַן ארבייטער, וועלכע זיינען אימשטאַנד אריינצולעגען אין געשעפט גרעסערע סומען, איז אָבער צוליעב א סך טעמים ווינשענסווערט, אז יעדערער זאָל אריינלעגען אַ גלייכע סומע. די סומע דאַרף דאַריבער זיין צוגאַנגבאַר פאַר אַלע. די ראַטשדיילער פּיאָנערען האָבען דאַריבער באַשטימט צו 5 דאָלער אַ שער. די פּראַקטיקע פון די מעהרסטע קאָאָפּעראַטיווען איבער דער גאַנצער וועלט האָט שפּעטער דערוויזען, דאָס אַזאַ פּרייז איז די פּאַסענדסטע.

אין די מייסטע קאָאָפּעראַטיווען איז ערלויבט, דאָס דער פּרייז פון דער שער זאָל אויסגעצאָהלט ווערען דורך קליינע אָפּצאָהלונגען. אין מאַנכע ערטער, הויפּטזעכליך אין ענגלאַנד, מעג דער מיטגליעד אויסצאָהלען פאַר זיין שער מיט די דיווידענדען פון דער אונטערנעמונג וואָס קומט אויס אויף זיין חלק: אין די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווען פיהרט זיך, אז אַ פּערזאָן, וואָס צאָהלט איין 25 סענט איינטריטס-געלד, ווערט גלייך פאַררעכענט פאַר אַ מיטגליעד (הגם אָהן שטים-רעכט).

**א י נ ט ע ר ע ס ט.** כדי צוזוגעבען מוט די יעניגע מיטגליעדער, וועלכע זיינען אימשטאַנדע צו נעמען מעהר ווי איין שער (5 דאָלער), איז באַשלאָסען געוואָרען צו צאָהלען אַ באַשטימטע סומע יעהרליך פּראָצענט פאַר די עקסטרא געלדער, איבער 5 דאָלער, וואָס דער מיטגליעד האָט געגעבען, אָדער געבאָרגט דעם קאָאָפּעראַטיוו. דיזער באַשטימטער פּראָצענט פאַר אריינגעבראַכטע געלדער רופט זיך **א י נ ט ע ר ע ס ט.**

דורכשניטליך צאָהלען איצט די קאָאָפּעראַטיוון 6 פּראָצענט פון יעדען דאָלער, וועלכער ווערט ביי זיי אריינגעלעגט (אויך די 5 דאָלער פאַר די ערשטע שער אריינגערעכענט).

דער פּראָצענט וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו צאָהלט פאַר אריינגעבראַכטע געלדער איז אַ פעסט באַשטימטער, און איז ניט אָפּהענגיג פון די פּראָפיטען וואָס די אונטערנעמונג מאַכט. דער מיטגליעד קריגט פאַר זיין געלד אַזוי פיעל (און אין געוויסע פעלע נאָך מעהר), וויפיעל ער וואָלט געקראָגען אין אַ פּריוואַטע באַנק.

**ש ט י ם - ר ע כ ט.** אַלע מיטגליעדער (אייגענטימערס פון שערס, שער-האָלדערס), אָהן אונטערשיעד פון געשלעכט, האָבען גלייכע שטים-רעכטע אין אַלע אַנגעלעגענהייטען פון קאָאָפּעראַטיוו.

מיט דעם, וואָס זיי האָבען געגעבען דער פרוי גלייכע רעכטע מיט׳ן מאַן, האָבען די ראַטשדייל׳ער פּיאָנערען שוין באַלד אין אנפאנג צוגעצויגען די פרוי צו דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. היינט־צו־טאָג פאַרנעמען די פרויען אין די קאָאָפּעראַטיוועז ניט קיין קלענע־רען פּלאַץ ווי די מענער. אין קיין באַוועגונג שפּיעלט ניט די פרוי אזא וויכטיגע ראָלע, ווי אין דער קאָאָפּעראַטיווער.

אָבער דאָס וויכטיגסטע פון די ראַטשדייל׳ער שטים־סיסטעם איז דער מאָטיוו, דער שלאַג־וואָרט: א י י ן  מ ע נ ש,  א י י ן  ש ט י מ ע.

אונאָפּהענגיג פון דער צאָהל שערס, וואָס דער מיטגליעד האָט; אונאָפּהענגיג פון דעם אַמט און שטעלע, וועלכע ער פאַר־נעמט אין קאָאָפּעראַטיוו; אונאָפּהענגיג פון די צאָהל יאָהרען וואָס ער באַלאַנגט דאָרט, — א י י ן  מ י ט ג ל י ע ד,  א י י ן  ש ט י מ ע! ניטאָ קיין מיוחסים אין די קאָאָפּעראַטיוועז; דאָס איז אַן עכט דעמאָקראַטישע באַוועגונג.

דיזער דעמאָקראַטישער גרונד־פּרינציפּ צייגט מיט אַ בולט׳ער קלאָרקייט, מיט וואָס קאָאָפּעראַטיוועז אונטערשיידען זיך פון אנדע־רע געשעפטס־פאַרבאַנדע — פון טראַסטס און פּריוואַט קאָמפּאַניעס. אין די פּריוואַטע אונטערנעמונגען ווערט דאָס שטים־רעכט באַ־שטימט לויט די צאָהל שערס, וואָס יעדער מיטגליעד האָט. עס קומט דאָרטען אויס, אַז די מאַכט באַזיצט געלד, דער רייכער.

אָבער אין אַ קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט האָט יעדער מיט־גליעד נאָר איין שטימע, מעג ער זאָגאַר האָבען ווער ווייס וויפיעל שערס. די מאַכט ליגט דאָ אין מ ע נ ש ע ן, ניט אין זיין געלד.

קאָאָפּעראַציע גיט יעדען מיטגליעד אַ גלייכע רעכט, אָבער זי פאַרלאַנגט אויך אַ גלייכען א י נ ט ע ר ע ס, אַ גלייכע פאַר־אַנטוואָרטליכקייט פאַר דער אונטערנעמונג. אַ מיטגליעד, וואָס קומט בלויז אָפּשטימען, איז נאָך ווייט ניט קיין קאָאָפּעראַטאָר.

ד י ו ו י ד ע נ ד. נאָך אַ וויכטיגע (מאַנכע דענקען די וויכ־טיגסטע) זאַך האָבען די ראַטשדייל׳ער פּיאָנערען איינגעפיהרט אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, און דאָס איז דער רול צו צאָהלען דיווידענד צו אַלע קאָנסומער, קונים. נאָך דיזען פּרינציפּ דאַרף יע־דער איינער (די מייסטע קאָאָפּעראַטיוועז פאַרקויפען נאָר צו מיט־גלידער), וואָס קויפט אין קאָאָפּעראַטיוועז געשעפט, צוריקקריגען

א געוויסען טייל פון די ריינע „פּראָפּיטען“. (מיר שטעלען דעם וואָרט פּראָפּיטען אין גענזען־פיסלעך, ווייל ווי מיר וועלען שפּעטער זעהען, מאַכען אייגענטליך די קאָאָפּעראַטיווען ניט קיין פּראָפּיטען אין געוועהנליכען זינען פון וואָרט).

די דיווידענד־סיסטעם איז אייגענטליך שוין געווען איינגעפיהרט אין מאנכע פון די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען. אָבער קיינער האָט ניט באַוויזען צו מאַכען דיזע סיסטעם פאַר אַזא ערפאָלג, ווי די ראָטשדיילער פּיאָנערען.

אין אנפאנג פלעגען די פּיאָנערען איינשרייבען אין א ספּעציעלען בוך יעדען ארטיקעל, וואָס איז ביי זיי געקויפט געוואָרען, ווי אויך דעם נאמען פון דעם קויפער, כדי ביים פאנאנדערטיילען די דיווידענדען צו וויסען, וויפיעל יעדער האָט געקויפט. אָבער גאָר אין גיכען איז זיי איינגעפאלען א פּלאַן ארויסצוגעבען יעדען קויפער א בלעכעל, אויף וועלכען עס איז געווען אָפּגעדרוקט די סומע, וויפיעל דער קויפער האָט געגעבען צו לייזען. ביים פאנאנדערטיילען די דיווידענדען פלעגט דער קונה קריגען דיווידענד פּראָפּאָרציאָנעל צו דער סומע וואָס זיינע בלעכלעך האָבען געצייגט.

א דאנק דער דיווידענד־סיסטעם האָט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג באַקומען א פּ ר אַ ק ט י ש ע ן ווערט, ניט בלויז אַן אידעאַליסטישען. די מיטגליעדער האָבען גלייך געקענט זעהען דעם נוץ פון קאָאָפּעראַציע.

לאָמיר דאָ געבען א קורצע אילוסטראַציע, ווי אַזוי א קאָאָפּעראַטיוו טיילט פאַנאַנדער פּראָפּיטען.

אַלסביישפּיעל לאָמיר אָננעמען א קאָאָפּעראַטיווען געשעפט, וועלכער האָט 10 טויזענד דאָלער קאַפּיטאַל און פארקויפט צו איהרע מיטגליעדער אין פארלויף פון א יאָהר צייט פאַר 100 טויזענד דאָלער פּראָדוקטען:

| | |
|---|---|
| געמאַכט גראָס פּראָפּיט — — — — — — — | $25,000 |
| אָראָפּרעכענענדיג הוצאות — — — — — — — | 15,000 |
| בלייבט איבער, וואָס א פּריוואַטער געשעפט | |
| וואָלט אָנגערופען א נעט־פּראָפּיט — — | 10,000 |

די פּראָפּיטען קענען אַזוי צוטיילט ווערען:

| | | |
|---|---|---|
| עדיוקיישיאָנאַל פאָנד — — — — — — | $500 | |
| פארשידענע פאָנדען — — — — — | 500 | |
| אינטערעסט — — — — — — — | 600 | |
| דיווידענד צו קונים 8%, אָדער — | 8,000 | 9,600 |
| סורפּלוס — — — — — — — — — — — | | $400 |

א מיטגליעד וועלכער האָט אין דיזער געזעלשאַפט פאַר 50 דאָלער שערס און האָט געקויפט פאַר 500 דאָלער פּראָדוקטען, וואָלט געקראָגען :

6% אינטערעסט אויף זיינע שערס — — — — — — — — 3 דאָל.
8% דיווידענד אויף די סומע פון די געקויפטע פּראָדוקטען 40 דאָל.

סך הכל — — — — — — — — — — 43 דאָל.

**ניט באָרגען.** די ראָטשדיילער פּיאָנערען האָבען ביי זיך איינגעפיהרט א כלל, וועלכער איז נאָכהער אָנגענומען געוואָרען אויך פון אַלע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, נעמליך : „אויף באָרג זאָל ניט געקויפט ווערען און אויך ניט פארקויפט ווערען״. אין יענער צייט איז די קרעדיט־סיסטעם, צו געבען סחורות אויף באָרג, געווען איינגעפיהרט איבער גאַנץ ענגלאַנד. די ארבייטער פלעגען זיין שולדיג די קרעמער זיבען טעג אין וואָך, און אָפט מאָל נאָך מעהר. זיי פלעגען דאַרום מוזען צאָהלען די פרייזען וויפיעל מען האָט פון זיי פארלאַנגט. דער קרעמער פלעגט נאָך גאַנץ אָפט א „קלייניגקייט״ צושרייבען צום חוב. די פּיאָנערען האָבען דאַריבער באשלאָסען זיך צו באפרייען פון דיזען געוואַלטיגען איבעל.

דער דאָזיגער רול איז אויך איינגעפיהרט געוואָרען ביי אַלע קאָאָפּעראַטיווען צוליעב פאָלגענדע אורזאַכען :

1) א סך פון די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען זיינען אונטערגעגאַנגען א דאַנק די קרעדיט־סיסטעם : א יונגער קאָאָפּעראַטיוו איז שטענדיג פארענגט אין געלד־מיטלען, דער קלענסטער פארלוסט מוז דאַריבער אויף איהם שטאַרק ווירקען.

2) כדי אָפּצוגעוואוינען די ארבייטער פון דער שלעכטער באָרג־געוואָהנהייט. א בעל־חוב קען ניט זיין קיין זעלבסטשטענדיגער מענש און איז שטענדיג אונטערגעוואָרפען אונטער דעם, וועמען ער איז שולדיג.

3) כדי צוצוגעוואוינען די ארבייטער צו שפּאָרזאַמקייט, אַז

זיי זאָלען איינאָרדנען זייער לעבען און הוצאות לויט זייערע איינ־קינפטע.

4) פארקויפענדיג נאָר פאר קעש שפּאָרט דער קאָאָפּעראטיוו זעהר א סך געלד, ווייל ער דארף ניט אויסהאלטען קיין באזונדערע בוכהאלטערס, אקאונטענטס, מיט ביכער און חשבונות, און ניט זעלטען אויך לאָיערס. פארקויפענדיג נאָר פאר קעש האָט דער קאָאָפּעראטיוו אויך מעהר געלד אין דער קאסע און איז דאריבער אימשטאנד צו קויפען וואָס מעהר פּראָדוקטען אין האָלסייל (אגולנע). פון דעם פּראָפיטירען די מיטגליעדער, ווייל זיי קריגען העכערע דיווידענדען.

5) עס איז א פאקט, דאָס אויב איינינגע צאָהלען ניט אין א געוויסען געשעפט, דאן מוזען אנדערע פאר זיי באצאָהלען, אינדי־רעקט, נאטירליך.

בקיצור: אונטער קיינע אומשטענדען טאָר א קאָאָפּעראטיווע געזעלשאפט ניט באָרגען.

## פּינקטליכקייט און עהרליכקייט.

די ראטשדיילער פּיאָנערען האָבען איינגעפיהרט עטליכע געשעפטס־כללים, וועלכע ווערען פון אלע קאָאָפּעראטיווען פּינקטליך און מיט דעם גרעסטען ערנסט דורכגעפיהרט. אָט זיינען איינינגע פון זיי:

1) א פּינקטליכע וואָג און א ריכטיגע מאָס.

2) אן אבסאָלוט ריכטיגע קוואליטעט. קיין שום פעלשונגען. דער קונה זאָל וויסען דעם פולען אמת וועגען ארטיקעל, וואָס ער קויפט.

3) די פּרייזען זאָלען זיין פעסט באשטימטע און ניט צו הויכע.

אויך האָבען די פּיאָנערען איינגעפיהרט, אז די פארוואלטונג פון קאָאָפּעראטיוו זאָל דורכגעפיהרט ווערען דורך ערוועהלטע קאָמי־טעען פון מיטגליעדער. דיזע קאָמיטעען זיינען פאראנטוואָרטליך פאר אלעס, וואָס עס קומט פאָר אין קאָאָפּעראטיוו.

אויך האָבען זיי איינגעפיהרט, אז די קאָאָפּעראטיווען זאָלען זיך ניט באנוצען מיט קיין שרייענדע עפעקטען, רעקלאמעס און אדווערטייזמענטס, און אז יעדע קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונג מוז אָבער זיין ריין, נעט און סאניטאריש.

מעהר וועגען דיזע און עהנליכע כללים וועלען מיר רעדען אין די ווייטערדיגע קאפּיטלען.

פיערטער קאַפּיטעל.

# דער ארבייטער אַלס פאַרברויכער (קאָנסומער).

אַלס פּראָדוצירער זיינען די ארבייטער געצוואונגען אויסצו־האַלטען גאַנצע קלאַסען פון לעדיג־געהער, וועלכע לעבען אויס־שליסליך פון זייער פראַצע.

דער ארבייטער פאַרקויפט דעם קאַפּיטאַליסט זיין ארבייטס־קראַפט פאַר א געוויסען לוין. מיט דעם דאָזיגען לוין דאַרף ער זעהן צו באַפרידיגען אַלע זיינע נויטיגע באַדירפנישען, ווי קליידער, נאַהרונג און וואָהנונג. אָט פאַר דיזע און ענליכע באַדירפנישען איז ער געצוואונגען אוועקצוגעבען א טייל אָדער זיין גאַנצען לוין פאַר זיין ארבייט.

ביים אוועקגעבען זיין לוין, ביים אויסגעבען זיינע שכירות, ווערט דער ארבייטער ווידער אונטערוואַרפען אונטער א אויסבוי־טונג, אָבער שוין אַלס קאָנסומער (פאַרברויכער).

דער ארבייטער איז כמעט קיינמאָל ניט אימשטאַנד צו קוי־פען די פּראָדוקטען פון דער ערשטער האַנד, עס הייסט, דאָרט, וואו זיי ווערען פּראָדוצירט. דיזעלביגע פּראָדוקטען גערהען אָפטמאָל דורך מעהרערע הענד, איידער דער קאָנסומער קען זיך מיט זיי באַנוצען.

אויפ'ן ערשטען בליק קומט אויס די זאַך א ביסעל מאָדנע: סטייטש, קויפען מיר דען ניט אונזערע ברויט ביים בעקער, מילך אין דער מילך־קראָם און פלייש ביים קצב? אָבער אין דער ווירק־ליכקייט איז עס ווייט ניט אַזוי.

די מעהל, צ. ב. פון וועלכע דער בעקער באַקט די ברויט, נעהט פריהער דורך א סך „הענד", איידער ער קריגט איהר. יעדע „האַנד" נעמט זיך עפּעס אראָפּ פון דעם מעהל. דאָס הייסט, זי מאַכט דערביי פּראָפיט. דער פאַרברויכער, אַלזאָ, דאַרף אויס־האַלטען א גאַנצע רייהע „פאַרמיטלער".

דאָס זעלבע איז אויך מיט מילך, פלייש און אַלע אנדערע פּראָדוקטען.

דער קויפער מוז אויפהאַלטען אַ גאַנצע רייהע פאַרמיטלער, וועלכע זיינען אַבסאָלוט ניט נויטיג.

וואָס אַנבעלאַנגט אַנדערע נויטוועדיגע געברויכס־אַרטיקלען, ניט עסען־וואַרג, ווי, למשל, מעבעל, קליידער, וועש, א. ד. גל., געהען זיי דורך דורך די הענט פון נאָך אַ גרעסערער צאָהל פאַרמיטלערס. יעדער פון אַזעלכע אַרטיקלען מוז צוערשט דורכגעהן אַלע פאַזען פון אַ לאַנגען קאָמערציעלען פאַרמיטלונגס־פּראָצעס, איידער דער פאַרברויכער קען זיך מיט איהם באַנוצען. און יעדער פאַרמיטלער קריגט דאָך דערביי זיין פּראָפיט.

דער פראַנצויזישער דענקער שאַרל פוריע זאָגט ערגעץ־וואו: „אונזער גאַנצער האַנדעל איז ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי די געזעצליך אָרגאַניזירטע באַרויבונג פון די פאַרברויכער צו גונסטען פון אַ הייפעל מענשען, וועלכע נעמען ניט קיין שום אַנטייל אין דער פּראָדוקציאָן“.

אַז זיינע ווערטער זיינען פאָלקאָם ריכטיג, וועלען מיר איבערציינגען מיט עטליכע קליינע ביישפּיעלען.

דער פוד־קאָמישיאָנער פון נאָרד־דאַקאָטאַ זאָגט אין זיין באַריכט איבער די הויכע פּרייזען אויף לעבענס־מיטלען:

„עס קאָסט מעהר צו פאַנאַנדערטיילען (דיסטריביוט) אונזערע שפּייז־פּראָדוקטען ווי זיי צו פּראָדוצירען. פאַרוואָס איז עס אַזוי? ווארום, למשל, קריגט דער פאַרמער נאָר 31 פּראָצענט פון דאָלער, וואָס דער פאַרברויכער גיט אויס אויף אייער, און 69 פּראָצענט זאָל בלייבען אין די הענד פון די פאַרשידענע צווישען־הענדלערס?“

אָט זיינען עטליכע ציפערען, וועלכע דער פוד־קאָמישיאָנער ברייננט אין זיין ראַפּאָרט, כדי צו אילוסטרירען, וויפיעל פּראָצענט פון יעדען דאָלער וואָס די פאַרברויכער גיבען אויס אויף פאַרשידענע פּראָדוקטען, געהט אין די הענד פון כל המינים צווישען־הענדלערס און אַגענטען.

פון יעדען דאָלער וואָס דער קויפער גיט אויס אויף:

| | נעמען זיך די צווישענהענדלער |
|---|---|
| אייער ביי די דאָזען | 69.0 |
| עופות | 55.1 |
| סעלערי אין באַנטשעס | 60.0 |
| סטראָבערים ביי די קוואָרט | 48.9 |
| אָראַנדזשעס ביי די דאָזען | 20.3 |
| פּאָטייטאָס ביי די בושעלס | 59.3 |
| וואַטערמעלאָנס | 33.5 |
| אינדיקעס | 63.4 |
| קרויט | 48.1 |
| עפּעל ביי די בושעלס | 55.6 |
| עפּעל ביי די בארעל | 66.0 |
| ארבעס ביי די קוואָרט | 60.0 |
| ציבעלעס | 27.8 |

די 20 מיליאָן פאמיליעס אין די פאראייניגטע שטאאטען גיבען אוים אַן ערך פון 22 ביליאָן דאָלער א יאָהר אויף ריטייל פּראָדוקטען. איצט קען דער לעזער האָבען א געוויסען באַגריף, וויפיעל מיליאָנען דאָלער יעהרליך די פארברויכער גיבען אוועק צו די פארשידענע צווישען־הענדלער און אגענטען.

דער שרעקליכער איבעל פון דער היינטיגער קאָמערציעלער סיסטעם באשטעהט אייגענטליך ניט בלויז אין דעם, וואָס די פּרייזען אויף די סאמע נויטוויענדיגסטע לעבענס־פּראָדוקטען ווערען אויף א מורא׳דיגען אופן קינסטליך געהעכערט, נאָר אויך אין דעם, וואָס די דאָזיגע סיסטעם איז אויך די אורזאכע פון פיעלפאכע פעלשונגען, וועלכע שטעלען גאנץ אָפט אין געפאהר דאָס געזונד און לעבען פון מיליאָנען מענשען. עס איז אמת, אז מיר האָבען אין די פאראייניגטע שטאאטען א „פּיור פוד און דראָג לאָא" און אנדערע געזעצע געגען פעלשונגען פון שפּייז און אַפּטעקערייע, אָבער די צאהלרייכע ספּעקולאנטען און אגענטען ווענדען אָן אַזעלכע קונציגע מיטלען און פעלשען די פּראָדוקטען, אזוי, אז דאָס געזעץ איז ביים בעסטען ווילען מאכטלאָז.

דער געוועזענער פוד־קאָמישיאָנער ד י ל ל א ן, פון ניו יאָרק, האָט אַמאָל סטאטיסטיש באוויזען, אז די ניו יאָרקער באפעלקערונג ווערט בלויז אויף היהנער אליין באשווינדעלט אויף איבער

7 מיליאָן דאָלער אַ יאָהר. עס איז אויך וויסענשאַפטליך באַוויזען געוואָרען, דאָס די עופות, וועלכע די ניו יאָרקער קריגען, וואָלטען אויסגעשטאָרבען אין משך פון דריי־פיער טעג אויב מען וואָלט זיי גלייך ניט געשאָכטען.

כמעט אַלע פּראָדוקטען, וועלכע מיר קריגען, זיינען מעהר אָדער ווייניגער געפעלשט. די פעלשונגען זיינען, ווי שוין געזאָגט, גאַנץ אָפט געמאַכט אַזוי קינסטליך, דאָס עס איז זיי כמעט אונמעג־ליך צו דערקענען. די קונסט פון „קאַמאָופלאַזש“, פון נאָכאַהמען, האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע אויף דיזען געביט. עס זיינען פאַראַן גאַנצע ביכער דאַריבער.

כדי צוצוציהען וואָס מעהר קונים, קויפער, ווענדען די ספּע־קולאַנטען און קרעמער אָן אַ ל ע מעגליכע מיטלען און שטעלען זיך ניט אָפּ זאָגאַר פאַר מיטלען, וואָס שטעלען אין געפאַהר דאָס לעבען און די געזונדהייט פון טויזענדער מענשען.

יעדען, דאַכט זיך, איז שוין באַקאַנט, וואָס פאַר מיטלען די סוחרים און צווישעי־הענדלער ווענדען אָן, כדי צו זיין אימשטאַנדע צו נעמען פאַר די פּראָדוקטען אַזעלכע פּרייזען, וועלכע זיי ווילען נאָר. אָט, צ. ב., זיי זינקען אומישנע גאַנצע שיפען מיט עסענ־וואַרג; טויזענדע קאַסטענס מיט פרוכט, אייער, קאַרטאָפעל, גרינצייג, א. ז. וו., ווערען געהאַלטען אין די שפּייכלערס, וואו זיי ווערען זאָגאַר פ א ר פ ו י ל ט, אבי ניט צו פאַרקויפען אויף קלענערע פּרייזען. אויך ווייסען מיר, דאָס אַ סך פעלדער ווערען ניט באַאַרבייט, אָדער די תבואה ווערט ניט אָראָפּגענומען פון די פעלדער, בלייבט פוילען — אבי נאָר דער מאַרק־פּרייז זאָל ניט פאַלען.

און דאָס איז אין דער צייט, ווען ברייטע פאָלקס־מאַסען הונגערן בוכשטעבליך; ווען קליינע קינדער שטאַרבען צוליעב ווייניג שפּייז, וואַסערדיגע מילך, א ד. גל.

די קרעמערס, — האָלטיילערס און ריטיילערס, — ווענדען אָן אַלערליי מיטלען כדי צוצוציהען וואָס מעהר קונדען.

די „שיקאַגאָ טריביון“ האָט אין 1913 געמאַכט אַן אונטער־זוכונג צווישען 30 טויזענד פאַמיליעס, און האָט אויסגעפונען, אַז 6 פּראָצענט פון זיי זיינען באַאיינפלוסט געוואָרען צו קויפען די פּראָדוקטען אין געוויסע פלעצער פון זייערע פריינד; 36 פּראָ־

צענט — פון אדווערטייזמענטס, און די איבריגע — פון פאר־שידענע ריטיילערס.

געוואלדיגע סומען ווערען אויסגעגעבען אויף אדווערטייז־מענטס, דעקאראציעס, אגענטען, ווינדאו־שאוס א. ד. גל. עס פארשטעהט זיך, אז די אלע געלדער ווערען גענומען פון פאר־ברויכער'ס פאקעט.

ארום א י י ן ב י ל י א ן ($1,000,000,000) דאלער, ווערט יעהרליך אויסגעגעבען אין די פאראייניגטע שטאאטען אויף אדווערטייזמענטס.

אט זיינען איניגע ביישפיעלע:

די ראיאל בעקינג פאודער קאמפאניע האט פאר פיעלע יאהר אויסגעגעבען 750 טויזענד דאלער א יאהר בלויז אויף אדווער־טייזמענטס. מיינט איהר חלילה, אז זי איז פארארימט געווארען? הויבט זיך ניט אן: דער אייגענטימער פון דער קאמפאני, וויליאם ציגלער, האט איבערגעלאזען א פארמעגען פון 30 מיליאן דאלער.

נאך אן אפיציעלען רעגירונגס־ באריכט האט דער טאבאק־טראסט אין 1910 אויסגעגעבען אויף אדווערטייזמענטס 11 מיליאן דאלער; און אין 1913 האט ער שוין אויסגעגעבען 23 מיליאן דאלער ($23,000,000).

די פראקטאר און געמבעל קאמפאניע האט דא ניט לאנג זיך אליין מודה געווען, דאס זי האט אוועקגעגעבען 3 מיליאן דאלער פאר אדווערטייזמענטס אין משך פון 5 יאהר, כדי „קריסקא“ זאל האבען א גוטען אפגאנג.

די אמעריקאן שוגאר ריפיינערי קאמפאניע האט נאר וואס באשטימט 1 מיליאן דאלער אויף צו אדווערטייזען איהר „טרייד־מארק.“

מיר גלויבען, אז פון דיזע עטליכע פאקטען האבען די לעזער שוין באקומען א באגריף וועגען די מיטלען, וואס די הענדלער ווענדען אן אויף ארויסצוקריגען די פאר סענט פון די קויפער. איז דען א וואונדער וואס די פרייזען אויף לעבענס־פראדוקטען שטייגען אלץ העכער?

מיר האבען דא ניט דערמאנט די פאלשע וואגען, מאסען, און אנדערע פעלשונגען, ווייל דאס איז שוין א צו־באקאנטער פאקט. דער ניו יארקער קאמישיאנער אויף געוויכטען און מאסען האט ערשט מיט א קורצער צייט צוריק פארעפענטליכט א גאנצע רייהע

פעלשונגען, וועלכע ווערען באגאנגען אין ניו יאָרק סטייט. אין ניו דזשוירזי האָט מען זאָגאר געפונען פאר נויטיג ארויסצוגעבען ספעציעלע אילוסטרירטע ביכלעך וועגען דעם.

* * *

ווי מיר זעהען אלזאָ, ווערען די ארבייטער אונטערדריקט אלס פארברויכער, אפשר ניט ווייניגער ווי אלס פּראָדוצירער.

אלס פּראָדוצירער איז דער ארבייטער געצוואונגען צו שפּיעלען די ראָלע פון א לוין־שקלאַף.

אלס פארברויכער איז דער ארבייטער א קרבן פון דער קאַפּי־טאַליסטישער אויסבייטונגס־כיסטעם. דערפאר וואָס ער האָט ניט קיין מעגליכקייט צו שאַפען א דירעקטע פארבינדונג צווישען דעם פּראָדוצירער און פארברויכער. פון איין זייט שטעהט דער זאָגע־נאַנטער ארבייטס־געבער צווישען איהם און די ארבייטס־אינסטרו־מענטען ; פון דער אנדערער זייט שטעהט דער סוחר, דער הענד־לער, דער ספּעקולאַנט צווישען איהם און די לעבענס־פּראָדוקטען.

פאר'ן ארבייטער אלס פּראָדוצירער איז די עקספּראָפּריאַציע אָדער נאַציאָנאַליזאַציע פון אלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען זיין העכ־סטער אידעאַל. אלס פארברויכער איז זיין וויכטיגסטער ציעל די דירעקטע פארבינדונג פון פארברויכער מיט'ן פּראָדוצירער, אָדער ריכטיגער : צו ווערען אליין די פּראָדו־צירער!

אמת, דער דאָזיגער ציעל קען נאָר אויסגעפיהרט ווערען דורך א רעאָרגאַניזאַציע פון דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג אויף א סאָציאַליסטישען באזיס. אָבער אין דערזעלבער צייט דארף דיזער אידעאַל שוין היינט געפינען א באוואוסטען אויסדרוק אין די ארגאַניזאַציעס פון דעם ארבייטער קלאַס.

בקיצור : די קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג האָט זיך געשטעלט אלס איהר ציעל צו פאראייניגען די ארבייטער אויך אלס פארברוי־כער פונקט ווי די טרייד־יוניאָנס פאראייניגען די ארבייטער אלס פּראָדוצירער.

## פינפטער קאפיטעל.

# דער קאָאָפּעראַטיווער געדאנק.

די קאָאָפּעראטיווע באַוועגונג שטעלט זיך די אויפגאבע צו קאָנטראָלירען די פּראָדוקציאָן און די פאנאנדערטיילונג פון אַלע פּראָדוקטען וואָס זיינען נויטיג אויף צו באַפרידיגען די באַדירפּנישע פון מענשען. איהר שלאַג־וואָרט איז : פּראָדוקטען ווערען פּראָדוצירט פאר'ן געברויך, ניט פאר'ן מארק.

קאָאָפּעראַציע איז ניט ניי, זי איז אַלט ווי דער לעבען פון דער מענשליכער געזעלשאפט. פון איהר האָבען גע'חלום'ט און איהר האָבען פּראַקטיצירט מענשען פון אַלע צייטען און לענדער. מיר געפינען איהרע שפּורען אין דער היסטאָריע פון גרייז־גראָהען אַלטערטום און זאָגאר אויך אין דער מיטהאָלאָגיע.

קאָאָפּעראציע קען מען געפינען אין די יונגע ציוויליזאציעס פון אינדיען און מצרים, צווישען אצטעקען אין מעקסיקא, אין פּלאַטאָ'ס „רעפּובליק", אין ראָבערט אָווען'ס אידעען, אין די קאָרן־מיהלען פון הולל, און אין דער אָרגאַניזאַציע פון די ראטשדיילער פּיאָנערען, פון וועמעס קליינע געזעלשאַפט אין טאָאד־ליין איז אין משך פון דריי־פערטעל יאָהרהונדערט אויסגעוואַקסען אַ וועלט־אומפאַסענדע באַוועגונג.

די באַוועגונג פארשפּרייט זיך מיט אַ אונגלויבליכער שנעלקייט, אין דאָס רוב אייראָפּעאישע לענדער האָט זיך די מיטגלידערשאַפט פון די קאָאָפּעראַטיווען פארדאָפּעלט יעדע צעהן יאָהר. אין פיעלע שטעדט זיינען די קאָאָפּעראַטאָרס די מאַיאָריטעט פון דער אָרטיגער באַפעלקערונג.

די קאָאָפּעראטיווען פארזאָרגען צו זייערע מיטגלידער שפּייז, קליידער, הייזער, הייצונג, אינשורענס, טראנספּאָרט־מיטלען, און אַלע פארשידענע פארוויילונגען.

פיעלע צוזאמענשטויסע זיינען שוין פאָרגעקומען צווישען דעם אָרגאַניזירטען קאפּיטאל און די קאָאָפּעראטיווען. אָבער די קאָאָפּע־

ראַטיווען זיינען שטענדיג אַרויסגעקומען די זיעגער. מעכטיגע טראָסטס האָבען זיך געמוזט פאַר זיי בויגען, אָדער גאָר אינגאַנצען אונטערגעהן. אין שוויייצאַריען האָבען די קאָאָפּעראַטיווען באַזיעגט דעם פלייש־טראָסט, אין שוועדען — דעם צוקער־טראָסט, און אין ענגלאַנד דעם זייף־טראָסט. די קאָאָפּעראַטיווען האָבען איבעראַל געפונען שטערונגען, זייער וועג איז אין ערגעץ ניט געווען אויסגעבעט מיט רויזען.

די אַרבייטער, וועלכע האָבען ביז איצט כמעט שטענדיג פאַרלאָרעןביים שטים־קאַסטען, אין זייער פּאָליטישען קאַמף אַלס בירגער, — די זעלבע אַרבייטער האָבען אָבער שטענדיג געוואונען אַלס קאָאָפּעראַטאָרס, אין זייער אינדוסטריעל־עקאָנאָמישען קאַמף אַלס קאָנסומערס (פאַרברויכער).

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג לערענט די אַרבייטער, ווי אַזוי צו טאָן זאַכען זעלבסטשטענדיג, אויף אייגענע אחריות, אָהן די הילפע פון שטאַאַט. זי לערנט די אַרבייטער אַליין צו פאַרוואַלטען די אונטערנעמונגען פון זייערע געזעלשאַפטען אויף אַלע געביטען. זי פאַרוואַנדעלט דעם אַרבייטער פון אַ לוין־שקלאַף אין אַ אונטערנעמער.

די קרעפטען, וועלכע העלפען פאַרשפּרייטען קאָאָפּעראַציע, זיינען די נאַטירליכע אינסטינקטען, די אייגעבאָרענע חיה'שע נייגונגען פאַר געגענזייטיגע הילף, וועלכע איז אַ נאַטירליכע נויטווענדיגקייט, אָהן וועלכער קיין שום ראַסע אָדער מין וואָלט ניט געקענט עקזיסטירען. צוזאַמען מיט דיזע קרעפטען ווירקען אויך די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די מאַסען, דער דורשט נאָך בילדונג און זעלבסט־אויסדרוק.

ערפאַהרונג און ניט קיינע טעאָריעס האָבען געלערענט די קאָאָפּעראַטאָרס, אַז דער בעסטער אָנפאַנג פאַר קאָאָפּעראַציע זיינען די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־פאַראיינען (קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס). די פאַראיינען האָבען אונטער זיך אַ שטאַרקען עקאָנאָמישען פּרינציפּ. די זאַך איז איינפאַך: דער פאַרברויכער האָט די געלד און דאַריבער גאַרט נאָך איהם די גאַנצע קאָמערציעלע וועלט. דאָס זיינען פאַר איהם די שעהנע עטיקעטען, די צוקער־זיסע אַדווערטייזמענטס, די שעהנע מוזיק, די ליכטיגע פאַרב־עפעקטען, און אַלע געזעצליכע און אונגעזעצליכע צוציהונגס־מיטלען.

ווי נאָר די אַרבייטער אָרגאַניזירען זיך אַלס פאַרברויכער,

האָבען זיי גלייך געוויסע פּאָרציגע פון זייער אָרגאַניזאַציע. זיי זעהען גלייך די רעזולטאַטען פון זייער ארבייט, ממשות'דיגע רעזול־טאַטען, ניט נאָר האָפנונגען אויף רעזולטאַטען, האָפנונגען אויף שפּעטער, ווען אַלע וועלען זיין אָרגאַניזירט. פון קלענסטען קאָאָפּע־ראַטיוו האָבען שוין די מיטגלידער אַ נוצען.

דאָס זעלבע קען מען אָבער ניט זאָגען וועגען פּראָדוקטיוו־קאָאָפּעראַטיוען, וועגען די קאָאָפּעראַטיווע ווערקשטאַטען.

די קאָאָפּעראַטיווע ווערקשטאַטען האָבען ווייט ניט געהאַט אַזאַ ערפאָלג, ווי די קאָנסום (פאַרברויך) פאַראיינען מיט דער אויס־נאַמע אפשר פון די אַגריקולטורעלע קאָאָפּעראַציעס, וועלכע האָבען יאָ געהאַט אַ באַדייטענדען ערפאָלג. אויך די סינדיקאַליסטישע באַוועגונג האָט ניט באַוויזען דורכצופיהרען דאָס, וואָס זי האָט זיך אונטערגענומען.

פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס, סינדיקאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָ־נען, א. ד. גל., זיינען געצוואונגען צו ארבייטען פאַר'ן פּראָפיט, פאַר'ן מארק, און אַ גאַנץ קליינע צאָהל קען פון זיי געניסען. נאָר אַנדערש איז אָבער מיט די קאָנסום־פאַראיינען: וואָס גרעסער עס איז די מיטגליעדערשאַפט פון אַ פאַראיין, אַלץ מעהר פאַר־קויפט ער, אַלץ מעהר קויפט ער איין אין האָלסייל, און מיט דער צייט קען ער זיין אימשטאַנד'ע אויך אָנהויבען צו פּראָדוצירען די נויטווענדיגסטע פּראָדוקטען.

די קאָנסום־באַוועגונג געהט לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, דער־פאַר אָבער זיכער, אויסגערעכענט.

עס איז אפילו ריכטיג דאָס די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס האָבען אַ וויכטיגערע אויפגאַבע ווי די קאָנסום־פאַראיינען, — די אויפגאַבע אין גאַנצען צו באַפרייען די ארבייטער פון באָס, פון'ם סוועט־שאָפּ, פון אויסבויטונג. אָבער דאָ איז אייגענטליך די פראַגע נאָר פון פּראַקטישקייט, פון באַלדיגע דורכפיהרבאַרקייט. די קאָנסום־פאַראיינען זיינען בריקען, וועלכע פיהרען צו דער פאַר־געזעלשאַפטליכונג, סאָציאַליזירונג, פון אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען.

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג באַשעפטיגט איבער 75 טויזענד ארבייטער אין איהרע פאַבריקען, פאַר יעדע דריי מיליאָן קאָנסומער. די פּראָדוצירער זיינען ווייניג; די פאַרברויכער זיינען די מעהר־צאָהל. כמעט אַלע מיטגליעדער פון די קאָאָפּעראַטיוען זיינען ארבייטער. זיי באַנוצען זיך איצט אין זייערע געשעפטען מיט

עהנליכע מיטלען, ווי די קאַפּיטאַליסטישע קאָמערציעלע וועלט. וואָרים זיי גלויבען, אז א שונא קען נאָר דאַן באַזיעגט ווערען, ווען מען ווענדעט געגען איהם אָן די מעטאָדען, מיט וועלכע ער באַנוצט זיך.

עס זיינען פאַראַן פאַרשידענע וועגען און מיטלען ווי אַזוי צו באַפרייען די אַרבייטער פון דעם קאַפּיטאַליסטישען יאָך. און צווישען זיי פאַרנעהמט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אַן אַנגעזעהענעם פּלאַץ.

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז נאָך איהר עצם נאָך א רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, הגם זי האָט ניט קיין באַזונדערע פּרעטענזיעס אויף רעוואָלוציאָניזם. איהרע ערשטע פאָרשטעהער, די ערשטע קאָאָפּעראַטאָרס, זיינען געוועזען סאָציאַליסטען; און איהר ענד־ציעל איז א ריין סאָציאַליסטישער. זי איז ניט געגען די סאָציאַליסטישע מיטלען. זי איז טעטיג נאָר אויף אַן אַנדערען געביט.

די אַרבייטער ווערען אונטערדריקט אויף דריי געביטען: אַלס בירגער, אַלס פּראָדוצירער און אַלס פאַרברויכער. אַלס בירגער פאַרטיידיגט זיי די פּאָליטישע פּאַרטיי — די סאָציאַליסטישע; אַלס פּראָדוצירער — די געווערקשאַפטען, די טרייד־יוניאָנס; און אַלס קאָנסומער — די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג.

די דאָזיגע דריי באַוועגונגען זיינען ניט געגענזעצליך איינע געגען דער צווייטער. דאָס זיינען דריי טיילען פון איין און דעם זעלבען גוף, און זיי מוזען דאַריבער געהען האַנד־אין־האַנד. איינע אָהן די צווייטע איז איינזייטיגע, אונפּאַלקאָם, הילפלאָז.

עס טרעפט גאַנץ אָפט, אין די יאָהרען פון קאַמף, אז איין באַוועגונג איבעריאָגט די צווייטע, אָדער בלייבט גאָר הינטערשטעליג. אָבער צום סוף וועלען זיך אַלע דריי מוזען צוזאַמענגיסען אין איין שטראָם, און דאַן, — און נאָר דאַן, — וועלען זיך די אַרבייטער פאָלקאָם באַפרייען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע.

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז די איינציגע באַוועגונג, וועלכע פאַרטיידיגט די אַרבייטער אַלס פאַרברויכער. יעדער איינער איז פאַר אַלעם ערשטען א קאָנסומער, און ער טאָר דאַריבער ניט פאַרנאַכלעסיגען דיזע באַוועגונג.

### זעקסטער קאַפּיטעל.

# קאָאָפּעראַציע און קאָרפּאָראַציע.

עס איז פאראַן אַ גרויסער אונטערשיעד צווישען **קאָאָפּעראַציע** (קאָאָפּערייִשאָן) און **קאָרפּאָראַציע** (קאָרפּאָריישאָן). הגם אין ברייטען ווערטליכען זינען באַדייטען זיי כמעט דאָס זעלבע, אָבער אין דער ווירקליכקייט זיינען דאָס צוויי באַזונדערע זאַכען. און אין געזעלשאַפטליכען לעבען שפּיעלען זיי צוויי גאַנץ באַזונדערע ראָלען.

**קאָאָפּעראַציע** (co-operation) און **קאָרפּאָראַציע** corporation זיינען ביידע לאַטיינישע ווערטער און זייער פּשוט'ער טייטש איז:

**קאָאָפּעראַציע** — מיט־אַרבייטערשאַפט, און **קאָרפּאָראַציע** — קערפּערשאַפט.

ווי מיר זעהן איז אין זייער בוכשטעבליכען טייטש ניט פאראַן קיין גרויסער אונטערשיעד. און דאָך איז זייער אונטערשיעד גרויס, פּונקט ווי צווישען שוואַרץ און ווייס.

אַ **קאָאָפּעראַציע** איז א פאראייניגונג פון א באַשטימטע צאָהל מענשען מיט'ן צוועק צו באַפרידיגען זייערע נויטווענדיגע באַדירפניסען. יעדער איינער איז אַ **גלייכער** שותף אין געשעפט, ער האָט דיזעלבע דעה און מוז עפּעס צושטייער געבען צו דער אונטערנעמונג (אין אַ פּראָדוקטיוו־קאָאָפּעראַטיוו מוז יעדער געבען אַ גלייכע סומע), און קויפען לכל הפּחות איין שער, וואָס קאָסט אַ קליינע סומע: אין די מעהרסטע קאָאָפּעראַציעס 5 דאָלער.

די פאַרוואַלטונג אין אַ קאָאָפּעראַציע איז אַ דעמאָקראַטישע. יעדער איינער האָט בלויז איין שטימע: קאַפּיטאַל איז ניט קיין מיוחס אין אַ קאָאָפּעראַציע.

די טירען פון אַ קאָאָפּעראַציע זיינען אָפען פאַר יעדען עהרלי־

כען מענשען. וואס מעהר מיטגליעדער עס קומען אריין, אלץ בעסער איז פאר דער געזעלשאפט און פאַר דער אונטערנעמונג.

די מיטגליעדער (שער־האָלדערס) קריגען א באשטימטען אינ־טערעסט (אן ערך 6%) פאר די געבאָרגטע געלדער, אָבער ניט קיינע פּראָפיטען אָדער דיווידענדען פון געשעפט. דיווידענדען קריגען די מיטגליעדער ניט אלס שער־האָלדערס, נאָר אָלס קויפער, לויט די צאָהל פּראָדוקטען וואָס דער אָדער יענער האָט געקויפט אין דער קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעמונג. ווען אַ מיטגליעדער האָט געקויפט, למשל, פאר 500 דאלער סחורות אין א קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעהמונג, וועלכע צאָהלט 8% דיווידענד, ווער ער צוריק־קריגען 40 דאָלער, גאנץ גלייך צי ער האָט איין שער אדער פופציג שערס. אין א קאָאָפּעראַטיווען ווערקשטאָט קריגען די מיטגלי־דער אַ גלייכען טייל פאַר זייער ארבייט.

אַ קאָאָפּעראַציע ווערט געגרינדעט ווייט ניט בלויז צוליעב דיווידענדען אדער קלענערע פּרייזען: זי איז אויך א סאָציאַלע אינסטיטוציע און האָט א סך געזעלשאַפטליכע אויפגאבען. ערצי־הונג, בילדונג און דער אלגעמיינער וואָהל פון איהרע מיטגליעדער, זיינען אייגענטליך נאָר אייניגע פון די פיעלע אויפגאבען פון אַ קאָאָפּעראַציע.

קאָאָפּעראַציעס העלפען איינע דער צווייטער מיט אַלעם מעג־ליכען, — און דאָס רוב ארבייטען זיי צוזאמען.

יעצט לאָמיר זעהן צי אַ קאָרפּאָראַציע האָט דיזעלבע אויפגאבען, ווי אַ קאָאָפּעראַציע.

אַ קאָרפּאָראַציע איז א קערפּערשאַפט, א חברה פון צוויי אָדער מעהרערע מענשען, פאַרבונדען צוליעב געוויסע צוועק־קען. ווען די קערפּערשאַפט איז אַ געשעפטס־אונטערנעמונג (ווי, למשל, אַ קאָמפּאַני, אַ טראָסט), דאַן ווערט דער גרונד־קאַפּיטאַל אויך געשאַפען דורך שערס. אָבער דער פּרייז פון די שערס איז ניט קיין באַשטימטער און קליינער, ווי ביי די קאָאָפּעראַטיווען. אַ שער קען קאָסטען איין דאלאר, 100 דאלאר און מעהר.

שטימ־רעכט אין אַ קאָרפּאָראַציע האָבען די מעמבערס לויט די צאָהל שערס. דהיינו, דער, וואָס באַזיצט 1 שער, האָט איין שטימע; צוויי שערס — צוויי שטימען; 1000 שערס — טויזענד שטימען א. אז. וו. דאָס הייסט, אז וואָס מעהר געלט איינער האָט

אריינגעלעגט אין געשעפט, אלץ מעהר שטימען האָט ער. קאַפּיטאַל האָט דאָ די הויפּט־דעה.

די מיטגלידערשאַפט אין אַ קאָרפּאָראַציע אין אַ באַגרענעצ־טע. די טירען זיינען ניט שטענדיג אָפען. ווען די שערס זיינען פארקויפט, קען מען שוין ניט ווערען קיין מעמבער.

אין אַ קאָאָפּעראַטיוו מוז יעדער, וועלכער וויל שטימען, קומען צום מיטינג פון אלע מיטגלידער. אין אַ קאָרפּאָראַציע קענען די שער־האָלדערס שטימען ביי „פּראָקסיס״ אָדער גאָר דורך פּאָטשט.

אין אַ קאָאָפּעראַציע איז דער פּרייז פון דער שער אימער דער זעלבער.

אָט, צ. ב. ש., ווען די ראַטשדיילער פּיאָנערען האָבען געגרינ־דעט זייער אונטערנעמונג, וועלכע איז ווערט געוועזן 144 דאָל. האָט אַ שער געקאָסט 5 דאָלאַר. היינט צו טאָג זיינען די ענגלישע קאָאָפּעראַטיוועו ווערט מיליאָנען דאָלארס, אָבער דער פּרייז פון דער שער איז אלץ דער זעלבינער — 5 דאָלאַר.

אנדערש איז אָבער אין אַ ק אָ ר פּ אָ ר אַ צ י ע. מיט דער פארגרעסערונג פון דער אונטערנעמונג שטייגען אויך פּראָפּאָר־ציאָנעל די פּרייזען פון די שערס. אַ שער, וואָס האָט אין אָנפאַנג געקאָסט בלויז 50 דאָלאַר, קען גאָר אין צעהן יאָהר ארום קאָסטען שוין 5 הונדערט דאָלאַר. ווייל די קאָרפּאָראַציע איז אַ פּאַראַיי־ניגונג, וואָס זוכט נאָר וואָס מעהר געלט ארויסצוקריגען.

אין אַ קאָאָפּעראַציע ווערען די בעאַמטע ערוועהלט לויט זייערע פעהיגקייטען און מאָראַלישען כאַראַקטער. די מעהרצאָהל מיט־גלידער קענען שטענדיג באַשטימען, וועמען זיי ווילען, און וואָס זיי ווילען.

אנדערש איז אבער אין אַ קאָרפּאָראַציע. דער יעניגער, וועל־כער האָט די גרעסטע צאָהל שערס, קען אָנשטעלען אָדער ערוועה־לען וועמען ער וויל. ער און נאָר ער איז דער הויפּט־דעה זאָגער. אויב ער האָט 5 טויזענד שערס איז ער פונקט אזוי שטאַרק ווי 6 טויזענד שער־האָלדערס מיט איינצעלנע שערס.

און נאָך עפּעס: אַ קאָאָפּעראַציע רעכענט זיך מיט דער גע־זעלשאַפטליכער מיינונג, — ריכטיגער, זי ווערט פון איהר קאָנ־טראָלירט. אַ קאָרפּאָראַציע אָבער, רעכענט זיך נאָר מיט איהרע אייגענע עגאָאיסטישע ביזנעס־אינטערעסען: מעג דאָס פאָלק לייד־

דען פון הונגער, שטארבען פון פארגיפטונג פון די געפעלשטע שפּיי־זען, — דאָס ארט איהר ניט, אבי זי מאכט געלט.

די אָנגעשטעלטע אין די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען ווערען בעסער באהאנדעלט, קריגען פארהעלטניסמעסיג בעסערע שכירות, און די קאָאָפּעראַטאָרס טראכטען שטענדיג ווי אזוי זייער לאַגע צו פארבעסערען: די מיטגלידער זיינען אליין ארבייטער.

די אָנגעשטעלטע אין א קאָאָפּעראַציע האָבען ניט קיין שטים־רעכט אין דער פארוואלטונג, הגם זיי זיינען מיטגלידער. די אָנ־געשטעלטע קענען ניט באאיינפלוסען די פארוואלטונג. אין די קאָרפּאָראַציעס איז עס ניט אזוי.

קאָרופּציאָן איז ניט מעגליך אין א קאָאָפּעראַטיווע געזעל־שאַפט; א קאָרפּאָראַציע קען אָהן קאָרופּציאָן ניט אויסקומען...

קאָאָפּעראַציע שטרעבט צו פארניכטען דעם קאַפּיטאַל, אָפּ־צושאַפען פּריוואַט־אייגענטום און עקספּלואַטאַציע. די קאָרפּאָ־ראַציעס פארשטארקען נאָך דעם קאַפּיטאַל און דעם פּריוואַט־איי־גענטום, און זיי עקספּלואַטירען די ארבייטער אפשר מעהר, ווי די ניט־אָרגאַניזירטע בעלי־בתים.

קאָרפּאָראַציע האַלט זיך פעסט פאַר די געגענוואַרט, פאַר די עקזיסטירענדע אָרדנונג; קאָאָפּעראַציע רופט פאָרווערטס, צו דער צוקונפטיגער, סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

אָט דאָס איז אין קורצען דער הויפּט־אונטערשיעד פון א **קאָאָפּעראַציע און א קאָרפּאָראַציע.**

זיבעטער קאַפּיטעל.

# טרייד־יוניאַניזם און קאָאָפּעראַציע.

דער ארבייטער איז א פּראָדוציר ער און א קאָנ־סומער. אלס פּראָדוצירער פאַרטיידיגט איהם זיין טרייד־יוניאָן. זי באַמיהט זיך ארויסצוקריגען פון זיין פאַבריקאַנט וואָס בעסערע ארבייטס־באַדינגונגען פאַר איהם: קורצערע שטונדען, העכערע שכירות און מענשליכע באַהאַנדלונג. אָבער דעם ארביי־טער וועט אייגענטליך וועניג־וואָס בלייבען פון דער העכערונג פון זיינע שכירות, אויב ער וועט ניט האָבען וועלכען־ניט־איז מיטעל די העכערונג פון זיין לוין צו האַלטען פאַר זיך און ניט אוועקצוגע־בען איהר.

אָט איז א קליינער ביישפּיעל: פאַר א פּראָדוקט, וואָס דער ארבייטער קריגט 4 דאָלאַר, פאַרקויפט דער פאַבריקאַנט צו א האָל־סיילער פאַר 6 דאָלאַר; דער האָלסיילער פאַרקויפט דעם זעלבען פּראָדוקט צו א קלענערען סוחר, צו א ריטיילער, וועלכער נעמט שוין פאַר איהם 8 דאָלער. דער ארבייטער דאַרף אַלזאָ צאָהלען 8 דאָלער פאַר'ן פּראָדוקט, וואָס האָט געקאָסט 4 דאָלער. אין דער ווירקליכקייט איז די פּראָפּאָרציע נאָך א פיעל העכערע, ווייל די מעהרסטע ארטיקלען געהן דורך צעהנדליגע הענט, פאַרמיט־לער, פון וועלכע יעדער מאַכט, נאַטירליך, א בכבוד'יגען לעבען.

עס איז קלאָר דאַריבער, אז די ארבייטער מוזען זיך אָרגאַני־זירען אלס קאָנסומערס, פּונקט ווי אלס פּראָדוצירער.

און מיר זעהן טאַקע, דאָס כמעט אין אלע לענדער, וואו עס איז נאָר פאַראַן א קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, פאַרנעמען די טרייד־יוניאָניסטען דעם ערשטען פּלאַץ אין די קאָאָפּעראַטיוועז.

אויך טוען די קאָאָפּעראַציעס זעהר פיעל דירעקט פאַר די טרייד־יוניאָנס. דאָס רוב קאָאָפּעראַטיוועז האָבען ספּעציעלע סטרייק־פאָנדען אויף צו אונטערשטיצען זייערע מיטגלידער אין

פאַל פון אַ סטרייק. די קאָאָפּעראַציעס העלפען אויך דירעקט גע־
ווינען סטרייקס. אַזוי, למשל, האָבען זיי געהאָלפען די דאָק־
סטרייקערס אין ד ו ב ל י ן , אירלאַנד, מיט עסען און מיט
געלט, און אַ דאַנק זיי איז דער גרויסער סטרייק פון די דאָק־אַרביי־
טער געוואונען געוואָרען. כמעט אין אַלע גרעסערע סטרייקס
שפּיעלען די קאָאָפּעראַטיווען אַ וויכטיגע ראָלע. אין איינינע פעלע
שטיצען זיי די סטרייקערס מיט געלט, אָדער מיט עסען; אין אַנ־
דערע, דורך באָיקאָט, דעמאָנסטראַציעס, פּראָטעסט־מיטינגען
א. ד. גל.

אין דעם צווייטען טייל פון דיזען בוך, וואו מיר באַשרייבען
די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין פאַרשיעדענע לענדער, וועלען
די לעזער געפינען גענוג אילוסטראַציעס פון די דיענסטע וואָס די
קאָאָפּעראַציעס לייסטען פאַר די טרייד־יוניאָנס. דאָ ווילען מיר
זיך נאָר אָפּשטעלען אויף איינינע וויכטיגע פּונקטען.

עס איז איינגעפיהרט אין אַלע קאָאָפּעראַטיווען נאָר צו פאַר־
קויפען פאַר באַרע געלד און ניט אויף באָרג. דורך דעם ווערט
דער אַרבייטער מיט דער צייט אַזוי צוגעוואָהנט צו עקאָנאָמיזירען
זיינע איינקינפטע, אַז ער זאָל קיינמאָל ניט בלייבען קיין בעל־חוב
און ניט זיין אָפּהענגיג פון וועלכען ניט איז קרעמער.

יעדען קויפער פון אַ קאָאָפּעראַטיווען געשעפט קומט שטענדיג
אַ געוויסע סומע דיווידענדען פון די ריינע פּראָפיטען, וואָס דער
געשעפט האָט געמאַכט. און מיט דיזע דיווידענדען קען זיך דער
אַרבייטער באַנוצען אין צייט פון סטרייק. מיט אַנדערע ווערטער,
הייסט דאָס, אַז אַן אַרבייטער האָט, קויפענדיג אין אַ קאָאָפּעראַטי־
ווען געשעפט, אַ מעגליכקייט לענגער צו שטעהן אין סטרייק, ווי
אין פאַל, ווען ער וואָלט געקויפט אין אַ פּריוואַטער סטאָר. אין פיעלע
קאָאָפּעראַטיווען געהט אַ גרויסער טייל פון די דיווידענדען דירעקט
אויף אַ סטרייק־פאָנד.

נאָך אַ לאַנג־יעהריגער ערפאַהרונג איז מען געקומען צו דער
איבערצייגונג, דאָס די טרייד־יוניאָנס אַלס אַזעלכע, דאַרפען ניט
אַליין גרינדען קיין קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען. עס איז בע־
סער אַז פאַר דער יניאָן אַז פאַר דעם קאָאָפּעראַטיוו, אַז אַ באַ־
זונדערע גרופּע — מעג זי באַשטעהן דורכאויס פון טרייד־יוניאָ־
ניסטען — זאָל טאָן די קאָאָפּעראַטיווע אַרבייט. דאָס
איז נויטיג אום די באַגרענעצטע קרעפטען פון דער יוניאָן זאָלען

ניט צושפּליטערט ווערען, אָדער די יוניאָן זאָל ניט אריינגעצויגען ווערען אין אומזיסטע אונאנגענעמליכקייטען. יעדער מיסערפאָלג פון קאָאָפּעראַטיוו מוז זיך שטענדיג אָפּרופען אויף דער יוניאָן. א היבשע צאָהל יוניאָנס האָבען דערפון געליטען, און מאנכע זיינען זאָגאר אינגאנצען אונטערגעגאנגען.

א גוטער ביזנעס־איידזשענט קען טאָן זעהר גוטע ארבייט פאר דער יוניאָן און פארנעמען דאָרט דעם אויבען־אָן, און צו דערזעלבער צייט קען ער גאָר זיין א גרויסע שטערונג פאר א קאָאָפּעראַציע: קאָאָפּעראַטיווע ארבייט פאָדערט באזונדערע פעהיגקייטען. דאָסזעלבע איז אָפט אויך מיט א גוטען קאָאָפּעראַטאר: אן ארבייטער מיט א גוטען געשעפטס־חוש קען אויפטאָן זעהר א סך פאר א קאָאָפּעראַציע; אבער אין דער זעלבער צייט קען ער גאָר זיין א גרויסע שטערונג פאר א יוניאָן.

די געשיכטע פון קאָאָפּעראַציע איז, ליידער, פול מיט אזעלכע פעלע.

אין אייניגע שטעדט האָבען די יוניאָנס א געוויסע קאָנטראָלע איבער מאנכע קאָאָפּעראַטיוען. און ניט זעלטען זיינען זיי זאָגאר פארטראטען אין זייער פארוואלטונג. אבער אי די יוניאנס, אי די קאָאָפּעראַטיוען ארבייטען פאר זיך זעלבסטשטענדיג. אין געוויסע קאָאָפּעראַטיוען זיינען די יוניאָנס זאָגאר די גרעסטע שערהאָלדערס, אבער זייער מאכט איז דאָרטען ניט מעהר ווי א קאָנטראָלירענדע.

די קאָאָפּעראַציע, די טרייד־יוניאָן און די סאָצ. פּאַרטיי דארפען ארבייטען האנט־אין־האנט, געהן צוזאמען אין א סך פראגען. אבער יעדע פון זיי מוז האָבען פולע זעלבסטשטענדיגקייט אין איהר ארבייט. ארום יעדען צווייג פון דער באוועגונג דארפען זיך גרופּירען נאָר אזעלכע, וועלכע זיינען אם בעסטען צוגעפּאסט צו איהם. דיזע אלע דריי צווייגען זיינען טיילען פון איין גאנצעם — פון דער באוועגונג פון ארבייטער קלאַס.

מיר שטעלען זיך אויף דעם א ביסעל לענגער אָפּ, ווייל מיר ווילען ציהען די אויפמערקזאמקייט פון געוויסע אידישע יוניאָנס, וועלכע האָבען נאָך אלץ ניט אויפגעגעבען זייער חלום צו גרינדען אייגענע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען.

כדי נאָך קלאָרער צו ענטפערען אויף די פראגע, וואס פאר א שטעלונג די טרייד־יוניאנס זאָלען נעמען צו קאָאָפּעראַציע, ווילען

מיר דאָ איבערגעגעבען איינִיגע פּונקטען פון דער לאַנגער רעזאָלו־ציע, וואָס די אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר האָט וועגען דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אָנגענומען אויף איהר קאָנווענשאָן, אין 1917.

די רעזאָלוציע לויטעט, דאָס

די צענטראַלע אַרבייטער־יוניאָנס, אָדער לאָקאַלע טרייד־יוניאָנס זאָלען אַלס אַזעלכע ניט גרינדען קיינע קאָאָפּע־ראַטיווע געזעלשאַפטען (אונטערגעשטראָכען פון שרייבער). זיי זאָלען בלויז העלפען אויפבויען אַן אַלגעמיינע קאָ־אָפּעראַטיווע באַוועגונג.

דאָס יעדע לאָקאַל יוניאָן, וועלכע געפינט זיך אונטער דער אַמע־ריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, זאָל געבעטען ווערען בייצושטייע־רען איין (1) דאָלער א יאָהר, אויף אַנצופיהרען די אַרבייט פון קאָ־אָפּעראַציע.

די רעזאָלוציע זאָגט ווייטער, אַז קאָאָפּעראַציע איז דער בעס־טער מיטעל געגען יקרות, יעדענפאַלס פיעל ווירקזאַמער, ווי אַלע פּראָטעסט מיטינגען, דעמאָנסטראַציעס, רעזאָלוציעס א. ד. גל.

די רעזאָלוציע פאַרשפּרעכט צו העלפען גרינדען נאָר ראַטש־דיילער קאָאָפּעראַטיווען, וועלכע זיינען געבויט אויף דעמאָקראַטי־שע יסודות.

די רעזאָלוציע איז אין אַלגעמיין דער בעסטער באַווייז, אויף וויפיעל דער קאָאָפּעראַטיווער געדאַנק איז שוין אריינגעדרונגען אין די ברייטע אָרגאַניזירטע אַרבייטער־מאַסען.

בקיצור: א טרייד־יוניאָן טאָר ניט זיין גלייכגילטיג צו קאָ־אָפּעראַציע, און נאָך ווייניגער דער אינדיווידועלער מיטגליעד. א גוטער טרייד־יוניאָן מאַן מוז באַלאַנגען אויך צו א קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט.

## אכטער קאַפּיטעל.

# קאָאָפּעראַציע און סאָציאַליזם.

דער אורשפּרונג פון קאָאָפּעראַציע איז אַ סאָציאַליסטישער. די אידעע צו אָרגאַניזירען קאָנסומערס אום דורך דעם אָפּצושאַפען די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם און איבערצובויען די געזעלשאַפט אויף סאָציאַליסטישע יסודות, איז צוערשט פּראָפּאַגאַנדירט געוואָרען פון דעם סאָציאַליסט ר אָ ב ע ר ט  א ו ע ן, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, און כמעט אין דערזעלבער צייט אויך פון פראנצויזישע סאציאליסטען, ווי לואי בלאן, שאַרל פוריע א. אז. וו. אָבער זיי אַלע האָבען אויף דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, פּונקט ווי אויפ'ן סאָציאַליזם, געקוקט פון אַ אוטאָפּיסטישען שטאַנדפּונקט.

די סאציאַליסטישע אידעע האָט זיך בכלל אין די ערשטע צייטען ענטוויקעלט איינזייטיג. אין מאַנכע ערטער האָט זיך די ענערגיע פון פּראָלעטאַריאַט אויסגעדריקט אויסשליסליך אין פּאָליטישען קאַמף, ווי למשל, אין פראַנקרייך, וואו דער פּראָלעטאַריאַט האָט ווי אַ שטראָמיגער טייך אַוועקגעריסען איין רעגירונג נאָך דער אַנדערער. אין ענגלאַנד, ווידער, האָט זיך דער באַוואוסטזיין פון פּראָלעטאַריאַט אויסגעדריקט הויפּטזעכליך אין עקאָנאָמישען קאַמף — אין אָרגאַניזירונג פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

מיט אַנדערע ווערטער, אי דאָ אי דאָרטען איז פאָרגעקומען אַ איינזייטיגע אָפּשאַצונג פון דעם אָדער יענעם צווייג פון דער באַוועגונג: אַ איבערשעצונג פון איין צווייג און אַ אונטערשעצונג פון אַ צווייטען.

עהנליכעס איז געוועזן אויך מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. נאָך דער איינזייטיגער אָפּשאַצונג פון דער באַדייטונג פון די קאָאָפּעראַטיווען אין איין ריכטונג, איז אָנגעקומען אַ רעאַקציע — אַן אָפּשאַצונג אין אַנ'אַנדער ריכטונג. פריהער האָט מען די קאָאָפּעראַטיווען געגעבען אַ צו גרויסע באַדייטונג, שפּע־

טער אַ צו קליינע. ערשט אין די אַכציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, בעת די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אריין אין די ראַהמען פון דער נאָרמאַלער ענטוויקלונג, האָט מען גענומען שענקען גרויס אויפמערקזאמקייט אויך צו די קאָאָפעראַטיוען. דער גרעסטער טייל פון די מערב־אייראָפּעאישע סאָציאַליסטען האָבען אנערקענט די קאָאָפעראַטיוועז פאַר נויטיג, און האָבען אָנגעפאנגען צו גרינדען קאָאָפעראַטיווע געזעלשאַפטען.

מאַנכע דענקען, אַז קאַרל מאַרקס און די ערשטע מאַרקסיסטען זיינען געווען געגען קאָאָפעראַציע. אָבער דאָס איז אַ גרויסער טעות. הגם די קאָאָפעראַטיוון זיינען אין יענע צייט געווען ווייט ניט דאָס, וואָס זיי זיינען היינט־צו־טאָג, האָבען די אַלטע אינטערנאַציאָנאַלע און קאַרל מאַרקס ביז אַ געוויסען גראַד זיי אנערקענט. מיט דער ענטוויקלונג פון דער קאָאָפעראַטיווער באַוועגונג איז שפּעטער געשטיגען די אנערקענונג, וואָס די סאָציאַליסטען האָבען איהר געגעבען.

דאָס וועלען מיר דערווייזען מיט איינינע אויסציגע פון קאַרל קאַוטסקי'ס דייטשער בראָשורע „קאָנסום־פאַראיינען":

„.... מיר מוזען דעריבער אָננעמען, אַז די גענאָסענשאַפטען (די קאָאָפעראַציעס) שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע אין באַפרייאונגס־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט. אויך מאַרקס האָט אין 1866 אויסגעדריקט דיזעלבע מיינונג"...

„אויף דעם זשענעווער קאָנגרעס פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער געזעלשאַפט", אין 1866, האָט מען אָנגענומען די פאָלגענדע רעזאָלוציע, וועלכע דער גענעראַל־ראַט (צענטראַל קאָמיטעט) האָט פאָרגעלייגט. דער פּרינציפּיעלער טייל, וועלכער, ווי עס ווייזט אויס, איז געווען פאַרפאַסט פון מאַרקס'ן, לויטעט:

„עס איז די אויפגאַבע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער־געזעלשאַפט צו פאַרבינדען די פון זיך אַליין ארויסוואַקסענדע ארבייטער באַוועגונגען פון פאַרשיעדענע לענדער, זיי צונויפצושמעלצען און צו מאַכען זיי אַן איינהייטליכקייט, — אָבער ניט נויטיגען זיי אָנצונעמען וועלכען־ניט־איז דאָקטרינערער סיסטעם*).

*) דאָס הייסט אַ סיסטעם, וואָס איז געבויט אויף כללים, גענומען פון קאָפּ און ניט פון לעבען.

דעריבער דאַרף דער קאָנגרעס זיך ניט אויסשפּרעכען פאַר איין באַ־שטימטע סיסטעם פון גענאָסענשאַפטען, נאָר ער מוז זיך באַנוגענען מיט דער ערקלערונג פון עטליכע אַלגעמיינע פּרינציפּען:

א) מיר האַלטען די קאָאָפּעראַציעס פאַר איינע פון די טרייב־קרעפטען, וואָס וועלען איבערמאַכען די יעצטיגע געזעלשאַפט, וועל־כע איז געבויט אויף קלאַסען־געגענזעצע. דער גרויסער פאַרדיענסט פון דער באַוועגונג באַשטעהט אין דעם, וואָס זי ווייזט אויף פּראַק־טיש, אַז די יעצטיגע דעספּאָטישע סיסטעם, וועלכע אונטערוואַרפט די אַרבייטער אונטער'ן יאָך פון קאַפּיטאַל און ברענגט הונגער און נויט, קען ווערען אומגעביטען אויף א רעפּובליקאַנישע סיסטעם פון געזעלשאַפטען מיט גלייכע און פרייע מיטגליעדער, — גענאָסענ־שאַפטען וועלכע וועלען ברענגען גליק פאַר דער מענשהייט.

ב) אָבער כל זמן די גענאָסענשאַפטס־באַוועגונג וועט זיין אין די ענגע ענטוויקלונגס־פאָרמען, וועלכע עס קענען איהר געבען די באַמיהונגען פון איינצעלנע אַרבייטער, וועט זי קיינמאָל ניט זיין זיכשטאַנד אומצוענדערען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט. כדי איבערצומאַכען די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָן אין א גרויסע, האַרמאָנישע סיסטעם פון פרייע קאָאָפּעראַציעס, זיינען נויטיג אַזעלכע אַלגעמיינע סאָציאַלע איבערקערענישען, אַזעלכע ענדערונ־גען פון אַלע געזעלשאַפטליכע פאַרהעלטניסע, וועלכע מען וועט קיינ־מאָל ניט קענען דערגרייכען, כל זמן די אָרגאַניזירטע מאַכט פון דער געזעלשאַפט, ד. ה. די מאַכט פון די מלוכה, וועט ניט איבערגעהן פון די הענט פון די קאַפּיטאַליסטען אין די הענט פון די אַרבייטער.

ג) מיר שלאָגען פאָר די אַרבייטער בעסער צו גרינדען פּראָ־דוקטיוו־גענאָסענשאַפטען איידער קאָנסום־גענאָסענשאַפטען. די לעצטע באַריהרען נאָר די אויבערפלעכע פון דער יעצטיגער עקאָנאָ־מישער געזעלשאַפט, בעת די ערשטע גראָבען אונטער איהרע גרונד־לאַגען.

ד) מיר שלאָגען פאָר אַלע קאָאָפּעראַטיווע גענאָסענשאַפטען אָפּצוגעבען א טייל פון זייער הכנסה אויף א פאָנד צו פּראָפּאַגאַנ־דירען זייערע פּרינציפּען מיט וואָרט און טאַט, אדער, אַנדערש גע־זאָגט, דורך העלפען גרינדען נייע פאַבריקען מיט קאָאָפּעראַטיווע פּראָדוקציאָן און אויך דורך בילדונג און אַגיטאַציע."

אויך אויף דעם לאָזאַנער קאָנגרעס, אין 1867, איז אָנגענומען געוואָרען א רעזאָלוציע צו שטיצען די קאָאָפּעראַטיווען:

„די אידעע צו גרינדען קאָאָפּעראַטיווען האָבען פאַרשיעדענע געוועקשאַפטען פּראָבירט אנצואווענדען אין די 70־גער יאָהרען, אָבער עס איז דערפון זעהר ווייניג ארויסגעקומען. עס איז שווער צו זאָגען, ווי ווייט מ א ר ק ס איז געווען איינשטימיג מיט אלע רעזאָלוציעס, אָבער דער פּרינציפּיעלער טייל געהערט יעדענפאַלס מארקס'ען. אין „קאפּיטאל", אויך אין זיינע אנדערע ווערק, האָט ער זיך אויך אַזוי אויסגעדריקט."

„אין לעצטען קאפּיטעל פון עקקאריוס'ם בראָשורע: „ווידער־לעגונג פון אן ארבייטער", וועלכע מארקס האָט דורכגעזעהען און אויסגעבעסערט, לעזען מיר:

„די יעצטיגע געוועקשאַפטען האָבען אונפאַרמיידליך אין זיך עפּעס, וואָס כאַראַקטעריזירט אַ פּראָדוקציאָן, וועלכע איז גע־גרינדעט אויף קאפּיטאל און לוין־ארבייט, פּונקט ווי די צעכען אין אלטען רוים און אין די ערשטע צייטען פון מיטעל־אלטער האָבען אונפאַרמיידליך געטראָגען אויף זיך אַ שטעמפּעל פון שקלאַפערייַ. איך קוק אויף די יעצטיגע געוועקשאַפטליכע שטרעבונגען, אויף וויפיעל זיי קענען איבערהויפּט פּראַקטיש אויסגעפיהרט ווערען, ווי אויף די אלט־רוימישע צעכען, ווי אויף די ערשטע שוואלבען פון דער צוקונפט, ווי אויף אַ צייכען פון די קומענדע סאָציאלע פאַר־העלטניסע."

„אין 1875 האָט מארקס געשריבען:

„וואָס אנבאלאַנגט די יעצטיגע געוועקשאַפטען, האָבען זיי נאָר אַ ווערט אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל זיי זיינען אונאָפּהענגיג און געהערען צו די ארבייטער אליין, ליגען ניט אונטער'ן שוץ פון די רעגירונג אָדער בורזשואַזיע."

„פון יענער צייט אָן האָט די געשיכטע פון די געוועקשאַפ־טען באַוויזען, אַז פּראָדוקטיוו־געוועקשאַפטען שטויסען זיך אין דער יעצטיגער עקאָנאָמישער אָרדנונג אָן די גרעסטע שוועריגקייטען פון אַלע זייטען, ווייל זיי אונטערגראָבען זיך אונטער דעם גרונד פון דער יעצטיגער געזעלשאַפט. פון דער אַנדער זייט האָט זיך ארויס־געוויזען אַז די קאָנסום־פאַראיינען האָבען גאָר ניט אַלע מאָל אַ קרעמערשען כאַראַקטער. אַזוי ווי די קאָנסום־פאַראיינען, — ריי־דענדיג מיט די ווערטער פון דער זשענעווער רעזאָלוציע, — זיינען „איינע פון די טרייב־קרעפטען פון דער געזעלשאַפטליכער איבער־קערעניש, איז דאָרטען, וואו די פאַבריקאַציאָן געפינט זיך אויף

אַ נידריגע שטופּע פון ענטוויקלונג, און וואו זיי זיינען די איינציגע פאָרמע פון ארבייטער אָרגאַניזאַציעס, מוזען זיי קריגען אַ קרעמערשען כאַראַקטער. אָבער אויף אַ העכערע מדרגה פון ענטוויקלונג פון די פּראָדוקציאָן, צוזאַמען מיט אַנדערע קרעפטען, קענען זיי ווערען שטאַרק־ווירקענדע ספּרונזשינעס פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג. דאָס אַלעס איז אָפּהענגיג פון די אַלגעמיינע פאַרהעלטניסע פון געזעלשאַפטליכען לעבען, — פאַרהעלטניסע, צו וועלכע מיר רעכענען צו אויך פּאָליטישע באַדינגונגען. אויסער דעם, זעהן מיר דאָ אויך די ווירקונג פון געזעץ, אַז מיט דער מאָסבייט זיך אויך די קוואַליטעט. די גרויסע קאָאָפּעראַטיווען אין צפון־ענגלאַנד האָבען געמוזט אָננעמען גאָר אַנ׳אַנדער כאַראַקטער, ווען זיי האָבען גענומען צעהלען טויזענדע און צעהנדליגע טויזענדע מיטגלידער, און האָבען געגרינדעט אַ פאַרבאַנד, וואָס האָט ארומגענומען אַ מיליאָן מיטגלידער, פון וועלכע דער גרעסטער טייל זייגען געווען אין דער זעלבער צייט מיטגלידער פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. איבערהויפּט איז פאַרברייטונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין ענגלאַנד צוזאַמענגעפאַלען מיט דער ענטוויקלונג פון די געווערקשאַפטליכע באַוועגונג.“

ווי מיר זעהן, אַלזאָ, איז קאַרל מאַרקס און די מאַרקסיסטען ניט געגען קאָאָפּעראַציע. די ערשטע מאַרקסיסטען האָבען, אמת, ניט אנערקענט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אַלס אַ זאַך אן־און־פאַר־זיך, אַלס אַ באַוועגונג פון זעלבסטשטענדיגען ווערט, — זיי האָבען געקוקט אויף איהר בלויז ווי אויף אַ מיטעל וואָס דאַרף נאָר דיענען די אינטערעסען פון אַנדערע צווייגען פון דער באַוועגונג. צו דער איבערצייגונג, אַז די קאָאָפּעראַציע האָט אויך אַ ז ע ל ב ס ט־ש ט ע נ ד י ג ע ן ווערט, זיינען מאַרקסיסטען געקומען ערשט אין די שפּעטערדיגע יאָהרען. אָבער קאַרל מאַרקס האָט זאָגאר שוין אין זיינע צייטען מיט אַ נביאה׳שער שאַרפקייט און קלאָרקייט געזעהן, אַז פון די קאָאָפּעראַציעס דאַרפען די ארבייטער אַ סך ערוואַרטען.

אויפ׳ן אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס אין קאָפּענהאַגען, אין 1910, איז לעבהאַפטיג דיסקוטירט געוואָרען די פראַגע וועגען דעם שייכות פון דער פאַרטיי און די קאָאָפּעראַציעס. צום סוף איז אָנגענומען געוואָרען אַזאַ קאָמפּראָמיס־רעזאָלוציע :

„נעמענדיג זיין אנבאטראכט, אז די קאנסום־פאראיינען גע־בען זייערע מיטגלידער ניט נאר דירעקטע מאטעריעלע נוצען, נאר אז זיי זיינען בארופן אויך צו שטארקען דעם ארבייטער־קלאס ווי־סענשאפטליך און צו פארבעסערן זיין לעבען דורך דעם, וואס זיי באזייטיגען דעם צווישען־האנדעל און אז זיי ערציהען די ארביי־טער און לערנען זיי זעלבסטשטענדיג צו פיהרען זייערע אנגעלע־גענהייטען און העלפען דעמאקראטיזירען און סאציאליזירען די פראדוקציאן און האנדעל, — ערקלערט דער קאנגרעס, אז די קאא־פעראטיווע באוועגונג, הגם זי קען אליין קיינמאל ניט באפרייען די ארבייטער, קען אבער זיין א ווירקזאמע וואפע אין קלאסען־קאמף, וועלכער פיהרט די ארבייטער צו זייער ציעל (צו דער ערא־בערונג פון דער עקאנאמישער און פאליטישער מאכט מיט דעם צוועק צו פארוואנדלען אין קהל׳שען אייגענטום אלע מיטלען פון פראדוקציאן און האנדעל), און אז דער ארבייטער־קלאס האט דעם שטארקסטען אינטערעס די דאזיגע וואפע צו געברויכען. דער קאנ־גרעס פאדערט דאריבער מיט דער גרעסטער ענטשיידענהייט אויף אלע פארטיי גענאסען און אלע געווערקשאפטליך־ארגאניזירטע מיט־גלידער צו ווערען און צו בלייבען טעטיגע מיטגלידער פון דער קאנסום־פאראיין־באוועגונג און צו ווירקען אין די קאנסום־פאראיי־נען אין סאציאליסטישען גייסט, כדי ניט צו דערלאזען, אז פון א ווערטפולען מיטעל פאר ארגאניזאציאן און ערציהונג פאר׳ן אר־בייטער־קלאס זאלען ניט ווערען א מיטעל צו שוואכען דעם גייסט פון דער סאציאליסטישער סאלידאריטעט און דיסציפלין. דער קאנגרעס פארפליכטעט דעריבער די פארטיי גענאסען צו ווירקען אין די קאנסום־פאראיינען, אז די פראפיטען זאלען ניט אין גאנצען צוטיילט ווערען צווישען די מיטגלידער, נאר אז זיי זאלען באַ־ברויכט ווערען אויך אויף פאנדען, וועלכע זאלען בלייבן מעגליך, אז זיי (די קאנסום־פאראיינען) אליין, אדער דורך זייערע פאר־באנדען ([illegible] געזעלשאפטען), זאלען קענען איבערגעהן צו קאא־פעראטיווער פראדוקציאן; אז זיי זאלען קענען זארגען פאר דער ערציהונג, בילדונג און דער אונטערשטיצונג פון די מיטגליע־דער; אז די לוין־און־ארבייטס־פארהעלטניסע פון זייערע אנגע־שטעלטע זאלען רעגולירט ווערען מיט דער צושטימונג פון די געווערקשאפטען; אז זייערע אייגענע אונטערנעמונגען זאלען אין יעדען פרט זיין א מוסטער, און אז זיי זאלען אימער נאכזוכען די

באַדינגונגען, ביי וועלכע עס ווערען פּראָדוצירט די סחורות, וואָס זיי קויפען.

„אויך ווי ווייט די קאָאָפּעראַציעס זאָלען אונטער־שטיצען די פּאָליטישע און געווערקשאַפטליכע באַוועגונג דירעקט פון זייערע מיטלען — דאָס צו ענטשיידען ווערט איבערגעלאָזען צו איינצעלנע קאָאָפּעראַציעס פון יעדען לאַנד. נעמענדיג אין אנבאַ־טראַכט, אַז די דיענסטע, וועלכע די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג קען לייסטען פאַר'ן ארבייטער קלאַס, וועלען זיין אַלץ גרעסער, וואָס שטאַרקער זי אַליין וועט ווערען, ערקלערט דער קאָנגרעס, אַז די קאָ־אָפּעראַציעס פון יעדען לאַנד, וועלכע שטעהען אויפ'ן באָדען פון דיזער רעזאָלוציע, זאָלען בילדען איין איינהייטליכען פאַרבאַנד.

„דער קאָנגרעס ערקלערט ענדליך, אַז עס איז אין די אינטע־רעסען פון'ם ארבייטער־קלאַס אין זיין קאַמף געגען דעם קאַפּיטאַ־ליזם נויטיג, דאָס די באַציהונגען צווישען די פּאָליטישע, געווערק־שאַפטליכע און קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס זאָלען ווערען ענ־גערע, ניט אָנרירענדיג דערביי די זעלבסטשטענדיגקייט פון יעדער פון דיזע אָרגאַניזאַציעס.“

אין דיזער רעזאָלוציע, ווי מען זעהט קלאָר, אנערקענען סאָ־ציאַליסטען די קאָאָפּעראַציעס אַלס א זעלבסטשטענדי־גען פאַקטאָר אין קלאַסען־קאַמפּף, און ניט נאָר אַלס א אונטערשטיצונגס־בּיינקעלע פאַר דער פּאַרטיי, ווי די גענאָסען זשול־עד און קאַרל קאַוטסקי באַטראַכטען זיי.

אויך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקא איז ניט גע־בליבען הינטערשטעליג אויף דיזען געביט.

אין 1912 האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון די פאַראיי־ניגטע שטאַאַטען אָנגענומען דעם רעפּאָרט פון דער קאָאָפּעראַטי־ווער קאָמיטע, וועלכער לעזט זיך טיילווייז ווי פּאָלגט:

„פּונקט ווי די טרייד־יוניאָנס קעמפען פאַר דער אינדוסטריע־לער קאָנטראָלע פון ארבייטער־קלאַס; פּונקט ווי די סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי קעמפט פאַר פּאָליטישע פרייהייט און זעלבסטפאַר־וואַלטונג; פּונקט ווי די ארבייטער און סאָציאַליסטישע פּרעסע קעמפט פאַר דער אינטעלעקטועלער באַפרייאונג פון די ארבייטער, — אַזוי קעמפט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג פאַר די עקאָנאָמישע זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון ארבייטער דורך דעם, וואָס זיי וועלען צו ביסלעכווייז איבערנעמען די גאַנצע אינדוסטריע און האַנדעל אין

זייערע אייגענע הענט, דורך די גרינדונג פון קאָאָפּעראַטיווע גע־
שעפטען, פאַבריקען, א. ד. גל."

„די ענטוויקלונג און דער ערפאָלג פון דער קאָאָפּעראַטיווער
באַוועגונג אין פאַרבינדונג מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער
באַוועגונג איז א היסטאָרישער פאַקט, וועגען וועלכען עס קען ניט
זיין קיינע מיינונגס־פאַרשידענהייטען. הגם אין מאַנכע ערטער
האָט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אביסעל פּאַראַליזירט די אַנ־
דערע ריכטונגען פון דער ארבייטער־באַוועגונג, דאַרף מען אָבער
ניט פאַרגעסען, דאָס די עקאָנאָמישע מאַכט פון א געוויסען קלאַס,
אויב זי דערגרייכט צו א געוויסען פּונקט פון ענטוויקלונג, מוז
סוף־כל־סוף אומגעוואַנדעלט ווערען אין א פּאָליטישע
מאַכט. די וויכטיגקייט און ווערטה פון קאָאָפּעראַציע האָט אויך
אנערקענט דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס אין
קאָפּענהאַגען, אין 1910."

די טעטיגסטע מיטגלידער פון די בעלגישע, דענישע און צום
גרעסטען טייל אויך פון די דייטשע קאָאָפּעראַטיווען זיינען אויך
מיטגלידען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. מאַנכע פון זיי פאַר־
נעמען אין ביידע ערטער דעם אָנגעזעהענסטען פּלאַץ. אויך אין
אַמעריקא זיינען די סאָציאַליסטען טעטיג אין די קאָאָפּעראַטיווען.

היינט־צו־טאָג הערט מען שוין כמעט אין ערגיץ ניט קיינע שום
טענות געגען קאָאָפּעראַציע. קיינער צווייפעלט שוין היינט ניט
אין איהר ערציהערישען און רעוואָלוציאָ־
נערען ווערטה.

אין ערגיץ ניט — א חוץ אין דער אידישער גאַס. אונזער
אידישע גאַס איז נאָך דער איינציגער ווינקעלע אין דער וועלט,
וואו מען קען נאָך אמאָל הערען אן אלטע טענה, אן אויסגעדראָ־
שענעם ארגומענט געגען קאָאָפּעראַציע. אָבער — אויך ביי אונז,
אידען, הייבען שוין אָן נייע ווינטען צו בלאָזען. טאַקע אביסעל
שפּעטלאַך; אָבער ניט צו שפּעט.

## ניינטער קאַפּיטעל.

# פּראָפיט, דיווידענד און באָנוס. — זייער באַדייטונג פאַר דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

אזוי ווי די ווערטער: „פּראָפיט“, „דיווידענד“, און „באָנוס“ ווערען גאַנץ אָפט דערמאָנט אין אונזער ארבייט, וועלען מיר זיך דאַריבער אויף זיי דאָ אַביסעל אָפּשטעלען.

„פּראָפיט“, אין ענגען עקאָנאָמישען זין, מיינט אייגענטליך א געלדליכער געווינס, וואָס ווערט באשאפען פון האנדעל צווישען צוויי אָדער מערערע פּערזאָנען. שוין פון דער פּארטייטשונג אליין איז צו זעהן, אַז די קאָנסום־קאָאָפּעראַטיווען מאכען ניט קיינע פּראָפיטען אין געוועהנליכען זין פון וואָרט, וואָרים זיי זיינען דאָך אליין די קויפער און פארקויפער.

די פּראָדוקטען אין א קאָאָפּעראַציע ווערען שטענדיג פארקויפט פאַר מעהר, ווי זיי ווערען געקויפט. דאָס מוז, זעלבסטפאַרשטענדליך געטאָן ווערען, כדי צו דעקען אלע הוצאות, ווי, למשל, שכירות, דירה־געלד, באַלייכטונג, אפּנוץ־געלד פאַר'ן מעבעל און כלים א. ז. וו. דער ריוח וואָס בלייבט איבער נאָך די הוצאות הייסט „פּראָפיט“. דער ענגלישער קאָאָפּעראַטיווער פאַרבאַנד הייסט דיעזען ריוח רופען: „דער פאָנד וואָס איז געוועהנליך באַקאַנט אלס „פּראָפיט“. די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען ליידען זעהר פיעל פון דיזען נאָמען „פּראָפיט“, ווייל זיי מוזען אָפּגעבען א טייל פון דעם צו דער רעגירונג אלס טעקסעס, הגם אין דער ווירקליכקייט איז דיזער ריוח ניט קיין פּראָפיט, נאָר גיכער אן אפּשפּארונגס־פאָנד פון די מיטגלידער.

דער טייל פּראָפיט, וואָס ווערט צוריקגעגעבען צו די קאָנסומערס, קויפער, פּראָפּאָרציאָנעל צו די געקויפטע פּראָדוקטען, ווערט אָנגערופען דיווידענד.

אויך דער באַגריף „דיווידענד" קען ביי די קאָאָפּעראַציעס ניט אַנגעווענדעט ווערען ריכטיג. ווערטערליך מיינט „דיווידענד" — אַ סומע, וואָס איז באַשטימט צו צוטיילען. אין קאָמערציעלען לע־בען ווערט דיזער טערמין ריכטיג אַנגעווענדעט, ווייל דאָרט ווערט דער ריוח באַשאַפען פון קאַפּיטאַל אָדער סטאָק. די קאָאָפּעראַטי־ווען באַנוצען זיך היינט מיט דעם טערמין נאָר אויס געוואָהנהייט, ווייל די ערשטע קאָאָפּעראַטיווען האָבען איהם אריינגעבראַכט אין געברויך. אָבער אין דער ווירקליכקייט איז דאָס עטוואָס גאַנץ אַנדערש פון קאַפּיטאַליסטישען „דיווידענד."

אזוי פיעל פאַר די ווערטער. איצט אַ ביסעל וועגען זייער פּראַקטיק.

---

דיווידענד ווערט גאַנץ ריכטיג אָנגערופען דער ווינ־קעל־שטיין פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. אָהן דער דיווי־דענד־סיסטעם וואָלטען מיר היינט גאַנץ זיכער ניט געהאַט אַזאַ וועלט־אומפאַסענדע באַוועגונג. די מענשליכע פּסיכאָלאָגיע איז שוין אזוי באַשאַפען: ער מוז גלייך זעהן געוויסע רעזולטאַטען פון זיין ארבייט, פון זיינע חלומות. דאָס האָבען גאַנץ גוט באַ־גריפען די ערשטע קאָאָפּעראַטאָרס. און אַ דאַנק דיזער דיווידענד־סיסטעם איז טאַקע אזוי לייכט צו קריגען קויפער אין אַ קאָאָפּעראַ־טיווען געשעפט.

אַ געוויסע צאָהל קאָאָפּעראַציעס האָבען געמאַכט עקספּערי־מענטען און האָבען אַנגעפיהרט זייערע געשעפטען אָהן דיווידענד. אנשטאָט צו מאַכען פּראָפיטען, אנשטאַט צו נעמען צוערשט פון'ם קויפער מעהר און איהם נאַכדעם צוריק־צו־געבען די געלד, האָבען זיי בעסער באַלד ביי איהם גענומען נאָר אזוי פיעל, וויפיעל דער פּראָדוקט קאָסט, אראָפּרעכענענדיג אַלע נויטיגע הוצאות. מיט אַנדערע ווערטער, זיי האָבען איהם פאַרקויפט צו קאָסט־פּרייז. אָבער קיינע פון דיזע קאָאָפּעראַטיווען האָט ניט געהאַט קיין ער־פאָלג, און אַלע האָבען זיי געמוזט איינפיהרען די אַלטע די־ווידענד־סיסטעם.

אין אָנפאַנג קומט עס אויס אַ ביסעל קשה: פאַרוואָס זאָל מען טאַקע ניט פאַרקויפען צו קאָסט־פּרייז? מען קען דאָך צוציהען וואָס מעהר קונים דורך דעם. אָבער ווען מען טראַכט זיך

אין דעם א ביסעל מעהר אריין, זעהט מען גלייך, אז דאָס איז ניט אזוי איינפאַך און אונשעדליך, ווי עס דוכט זיך.

ביים פארקויפען צו קאָסט־פרייז מוז מען זיך רעכענען מיט פאָלגענדעס:

1. די פרייזען אויף די פראָדוקטען זיינען ניט שטענדיג די־זעלבע, און עס וואָלט דעריבער אויסגעקומען צו ענדערען דעם פאר־קויפס פרייז צו אָפט, און דאָס איז דאָך פארבונדען מיט פיעלע שוועריגקייטען.

2. יעדער געשעפט מוז שטענדיג האָבען א געוויסען רעזערוו־קאפיטאל, און אויך זיין פארזאָרגט אין א נויט־פאַל. א געשעפט איז קיינמאָל ניט פארסטראַכירט פון דעפי־ציטען. אויך ניט שטענדיג קומט אריין די זעלבע צאָהל קוי־פער. אויב דער פאראיין וועט ניט האָבען קיין רעזערוו־קאפיטאל, פאָ פון וואנען וועט ער נעמען צו דעקען דעם היזק?

3. פארקויפען צו קאָסט־פרייז, אָדער זאָגאר א ביסעל בי־ליגער ווי דער מארק־פרייז איז, מיינט צו פארשאפען זיך אומזיסטי־גע צרות, ווייל מען רייצט אויף זיך אָן די פריוואטע קרעמער און הענדלערס. און אין אַ אָפענער שארפער קאָנקורענץ האָבען זיי, די קרעמער, א סך מעהר פארציגע, ווי די קאָאָפעראציעס. דאָס האָבען מיר געזעהן כמעט אין אַלע לענדער, וואו די קאָאָפעראציעס האָבען נאָר אָנגעהויבען צו מאַכען נייע עקספערימענטען. די פרי־וואטע סוחרים ברויכען שטענדיג אַזעלכע מיטלען, מיט וועלכע א קאָ־אָפעראציע קען זיך ניט באַנוצען. אָט, צ, ב. ש., זיי פעלשען די פראָדוקטען, גיבען א קלענערע וואָג, מאָס א. ד. גל. צו איבערצייגען די קונים, אז די פריוואטע סוחרים פעלשען, איז ניט שטענדיג אזוי לייכט: טיילמאָל זיינען די פעלשונגען אזוי קינסטליך, דאָס נאָר א גאנץ געניט אויג קען זיי ענטדעקען.

4. א קאָאָפעראציע האָט א חוץ צו פארקויפען פראָדוקטען צו ביליגערע פרייזען, אויך אַנדערע אויפגאַבען. א קאָאָפעראציע, וואָס טוט נאָר דאָס, איז אפשר א גוטע טשאַריטי־אינסטיטוציע, א באַרגיין־סטאָר, אָבער ניט קיין קאָאָפעראציע. אן אמת'ע קאָ־אָפעראציע מוז זעהן צוצוגעוועהנען איהר מיטגלידער צו שפאר־זאמקייט, ערציהען איהרע מיטגלידער, טאָן געוויסע געזעלשאַפט־ליכע ארבייט א. ד. גל. נון, אויב דער קאָאָפעראטיוו פארקויפט צו

קאָסט־פּרייז, פון וואנען וועט ער נעמען אָנצופיהרען זיינע איבע־ריגע אויפגאַבען?

5. פארקויפען א סך ביליגער, טראָץ אלע שפּאָרזאם־מאס־רעגלען, קען דאָך די קאָאָפּעראַציע ניט. און דאָס ביסעלע ביליגער, וואס זי קאן זיך שוין יע ערלויבען, איז אייגענטליך אזוי קליין און אומבאדייטענד, דאָס דער קויפער באמערקט עס אפט גאר אינ־גאנצען ניט. און דעריבער איז דאָס א גאנץ שוואכער צוציהונגס־מיטעל.

גאנץ אנדערש איז אָבער, ווען דער קויפער קריגט צוריק א גע־וויסע סומע אויף אמאָל. דאמאלס זעהט זיך שוין דאָס גאנץ אנ־דערש אָן.

דאָס זיינען אלץ אזעלכע אמת'ען, וועלכע ווערען יעצט שוין אנערקענט אין אלע לענדער. נאָר אין דער אידישער גאס פּאסירט עס נאָך אמאָל, אז א „קאָאָפּעראַטיווע פּאראיינדעל", אויסגעוואק־סען איבער נאכט, ווי ווילדע שוואמען נאָך א רעגען, הייבט אָן צו מאכען עקספּערימענטען פון דאָס־ניי. איין גליק איז נאָר, וואָס אזעלכע „קאָאָפּעראַציעס" עקזיסטירען ניט לאַנג, שטארבען פּונקט אזוי שנעל ווי זיי ווערען געבוירען, און באאיינפלוסען אָדער אי־בערצייגען קיינעם ניט.

---

ווי גרויס דארף זיין דער דיווידענד? קיין אבסאָלוטע מאָס פאר דיווידענד פאר אלע פעלע און איבעראל, קען ניט זיין, ווייל די באדינגונגען זיינען אין יעדען אָרט אנדערע. מען קען אָבער זאָגען, אז דער דורכשניטליכער דיווידענד באטרעפט צווישען 6 און 8 פּראָצענט (אין אמעריקא צווישען 5 און 6). דאָס הייסט, אז פון יעדע הונדערט דאלער, וואָס ווערט אויסגעגעבען אויף פּראָדוקטען אין א קאָאָפּעראַטיווען געשעפט, קריגט דער קויפער צוריק צווישען 6 און 8 דאלער.

מאנכע קאָאָפּעראַטיווען צאָהלען זאָגאר 10 און 12 פּראָצענט דיווידענד.

עס זיינען פונדעסטוועגען פאראן געוויסע גרענעצען, וועלכע קיין שום קאָאָפּעראַטיווע טאָר ניט איבערטרעטען: די דיווידענ־דען טאָרען ניט זיין צו הויך און ניט צו קליין.

די מעגליכקייט צו צאָהלען הויכע דיווידענדען קען באשאפען ווע־

רען דורך דעם, וואס די קאָאָפּעראַטיווע רעכענט צו הויכע פּרייזען; אָדער זי גיט ניט די ריכטיגע קוואַליטעט.

צו קליינע דיווידענדען קענען שטאַמען פון דעם, וואָס די קאָאָפּעראַטיווע נעמט צו קליינע פּרייזען פאר די פּראָדוקטען; וואָס איהר פארוואַלטונג איז ניט אַ גענוג פעהיגע; אָדער זי האָט ניט קיין מעגליכקייט צו קויפען גענוג פּראָדוקטען אין האָלסייל, אַזוי אַז זיי זאָלען איהר קאָסטען ביליגער.

עס זיינען, ליידער, פאַראַן נאָך גענוג קאָאָפּעראַציעס, וועלכע יאגען זיך שטענדיג נאָך דיווידענד. דיווידענד — איז זייער איינציגער אידעאַל. זיי וועלען מאַכען קאָמפּראָמיסען מיט די סאַמע וויכטיגסטע קאָאָפּעראַטיווע כּללים, אַבי צו מאַכען וואָס מעהר פּראָפיטען.

דער קאָאָפּעראַטיווער קאָנגרעס אין ענגלאַנד האָט אין 1903 אָנגענומען אַ שאַרפע רעזאָלוציע געגען אַזאַ יאָגעניש. דאָס איז במעט אַ ווארנונג צו אַלע קאָאָפּעראַטיווען, דאָס מיט דעם, וואָס זיי באַשאַפען און יאָגען זיך נאָך צו הויכע, אוננאַרמאַלע דיווידענדען, שטעלען זיי די גאַנצע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין געפאַהר.

דאָס רוב קאָאָפּעראַטיווען צאָהלען דיווידענד יעדע דריי מאָנאַטען (קוואַרטאַל); אַנדערע, ווידער, איין מאָל אין יאָהר: קיין אַלגעמיין אָנגענומענער כּלל וועגען דעם איז ניטאָ. וויפיעל דיווידענדען דער אָדער יענער קויפער קריעגט, ווערט באַשטימט, ווי מיר האָבען עס שוין אָנגעוויזען אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל, דורך די טשעקס (פון רעדזשיסטער), וואס דער קויפער קריגט יעדען מאָל, ווען ער קויפט וואס עס איז אין קאָאָפּעראַטיוו, אָדער דורך דעם, וואס דער קאָאָפּעראַטיוו פארשרייבט, פיהרט אַ חשבון, וויפיעל דער אָדער יענער גיט צו לייזען.

אין די קאָאָפּעראַטיווע בעקערייען ווערט אויף יעדען ברויטעל ארויפגעלעגט אַ לייבעל. די קאָנסומערס זאַמלען דיזע לייבעלס, און מען ווייסט דעריבער, וויפיעל ברויט יעדערער האָט געקויפט.

---

דאָס רוב קאָאָפּעראַטיווען פארקויפען נאָר צו מיטגלידער, און במילא קריגען דיווידענד נאָר מיטגלידער. אין אַנדערע ערטער האָט מען אָבער אויסגעפונען, דאָס עס איז בעסער פאר די קאָאָפּעראַציעס, ווען זיי באַשרענקען זיך ניט אויף מיטגלידער. און די קאָאָפּעראַציעס פארקויפען דאַרטען צו יעדען קויפער אָהן אונטער־

שיעד, צי ער איז אַ מיטגליד אָדער ניט. אייניגע פון אזעלכע קאָ־אָפּעראַטיװען מאכען ניט קיין אונטערשיעד אויך ביים צאָהלען די־ווידענדען, און צאָהלען דעם זעלבען דיווידענד־פּראָצענט אי צום מיטגליד, אי צום זייטיגען קויפער. אנדערע אָבער מאכען יע אַ אונטערשיעד. אזוי, למשל, ווען אַ מיטגליד *) קריגט 8 דאָלער דיווידענד פון יעדע הונדערט דאלער, וואס ער האָט אויסגעגעבען אין קאָאָפּעראַטיוו, קריגט דער ניט־מיטגליד נאָר 4 דאָלאַר.

א סך קאָאָפּעראַטיווען (די ענגלישע, למשל,) ערלויבען די ניט־מיטגלידער אויסצוצאָהלען זייערע שערס מיט די דיווידענד. ווען אַ פּערזאָן צאָהלט נאָר איין 25 סענט, הייסט ער שוין אַ מיטגליעד און איז שוין בארעכטיגט צו זאמלען די דיווידענד־טשעקס. דאָס איז זעהר אַ גוטע פּאָליסי. ווייל דער קאָאָפּעראַטיוו געווינט דער־ביי דאָפּעלט: ער קריגט צו אי קויפער, אי מיטגלידער.

אין מאנכע קאָאָפּעראַטיווען (די דייטשע, למשל) מוזען די קויפער צוערשט האָבען 5 שערס, ביז וואנען זיי זיינען בארעכטיגט צום דיווידענד. די שערס קענען אָבער אויסגעצאָהלט ווערען דורך די דיווידענד. דאָס ווערט געטאָן, אום דער קאָאָפּעראַטיוו זאָל האָ־האָבען וואס אַ גרעסערען ארבייטס־קאַפּיטאַל, אום ער זאָל קענען קויפען וואָס מעהר פּראָדוקטען אין האָלסייל.

בכלל קען מען זאָגען, אז די ענגלישע סיסטעם איז די בעסטע. דאָרט, וואו די קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג איז נאָך שוואך, יונג (ווי די אידישע, למשל) דאַרף איבערהויפּט די פראגע, ועמען צו פּאַר־קויפען און ועמען ניט, איגנאָנצען ניט אויפגעהויבען ווערען. וואָס מען דאַרף אָבער יאָ דיסקוטירען איז, וויפיעל דיווידענד זאָל דער ניט־מיטגליעד קריגען, און וועלכע מיטלען זאָל מען אָנווענדען, אום דעם קויפער וואָס גיכער ארייגצוציהען אַלס מיטגליעד.

איינע פון די הויפּט־אויפגאַבען פון יעדע קאָאָפּעראַציע דאַרף זיין, **צו מאכען יעדען קויפער פאר א מיטגליד**. די שטאַרקייט פון קאָאָפּעראַציע קען אָפּט־מאָל געמאָסטען ווערען דורך דעם, וויפיעל פון איהרע קויפער און פּאַטראָניזירער באַלאַנגען צו איהר אַלס מיטגליעדער.

---

*) זאָל דער לעזער אין זינען האָבען, אז יעדעס מאָל וואָס מיר דער־מאָנען דאָס וואָרט מיטגליעד, מיינט דאָס אַ שער־האָלדער. ווייל נאָר די שערס באַצייכענען די מיטגליעדערשאַפט אין אַ קאָאָפּעראַטיוו.

מיר האָבען ביז אַהער גערעדט וועגען דיווידענד, וואָס ווערט אויסגעצאָהלט אין בארע געלד.

אָבער קעש־דיווידענד איז אייגענטליך ניט די איינציגע פאָרמע פון דיווידענד. מיר האָבען זיך אויף איהר לענגער אָפּגע־שטעלט, ווייל זי איז די פּאָפּולערסטע פאָרמע פון צאָהלען דיווידענד, וואָס ווערט פּראַקטיצירט ביי די גרעסטע צאָהל קאָאָפּעראַציעס.

עס זיינען, נאַטירליך, פאַראַן אַ סך אַנדערע פאָרמען פון צאָה־לען דיווידענד. אַט, למשל, איינינע קאָאָפּעראַטיוועז, אנשטאט צו געבען דעם מיטגליעד־קויפער עטליכע דאָלער דיווידענד, פאַראינ־שורען איהם בעסער אויף אַ קראַנקען־פאַל, ארבייטסלאָזיגקייט, סטרייק, אונגליקס־אָדער טויטען־פאַל. אנדערע קאָאָפּעראַטיוועז פאַרוואַנדלען די דיווידענדען אויף געוויסע פּאַרוויילונגען, ווי, טעאַטער, צ. ב. ש., קאָנצערטען, עקסקורסיאָנען, בעלער, א. ד. גל. דאָס הייסט, אַז אנשטאט דעם, וואָס יעדער זאָל צונעמען די דיווי־דענד פאר זיך, און די פּאָאר דאָלער זאָלען פאַרשווינדען אונבאַ־מערקט, וועלען זיי בעסער פאַרברויכט ווערען אויף געוויסע סאָ־ציאַלע פּאָנדען.

דיזע סיסטעם איז צוערשט פּראַקטיצירט געוואָרען אין בעל־גיען, און זי רופט זיך דעריבער די בעלגישע סיסטעם.

די בעלגישע סיסטעם איז ניט שטאַרק פאַרשפּרייט, הגם מאַנ־כע קאָאָפּעראַטיוועז — זאָגאר אין אַמעריקאַ — פּראַקטיצירען איהם מיט דעם גרעסטען ערפאָלג. מיר וואָלטען קיין קאָאָפּעראַ־טיוו ניט געראַטען איהם צו פּראַקטיצירען, ביז וואַנען די פּראַגע וועט ניט גרינדליך פריהער שטודירט ווערען. דיזע סיס־טעם איז טראָץ איהרע מעלות זעהר אַ קאָמפּליצירטע און פאָדערט אַ געוויסע ערפאַהרונג און אונטערנעמונגס־גייסט — אַ געגענ־שטאַנד, וואָס איז אַ זעלטענהייט ביי יונגע (וואָס זיך שעמען? — אידישע) קאָאָפּעראַציעס.

אין קאַפּיטעל, וואו מיר באַשרייבען די בעלגישע קאָאָפּעַ־ראַטיוועז, וועלען מיר זיך אויף דיזען פּונקט לענגער אָפּשטעלען.

באָנוס. דאָס וואָרט „באָנוס" הייסט אַ מתנה, אַ חוץ די שכירות, וועלכע די אָנגעשטעלטע קריגען. דאָס ווערט געטאָן אום כדי צו מאַכען, דאָס די ארבייטער זאָלען פיהלען, אַז זיי זיינען אויך שטיקלאַך שותפים צום געשעפט, און אַז זיי דאַרפען אויך זיין פאַראינטערעסירט אין זיין ערפאָלג.

מאַנכע קאָאָפּעראַציעס גיבען יעדען יאָהר א באָנוס פּראָפּאָר־ציאָנעל צו די פּראָפּיטען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען. אַנדערע, ווידער, פּראָפּאָרציאָנעל צו די שכירות אָדער אומזאַץ.

אָם מעהרסטען ווערט די באָנוס־סיסטעם פּראַקטיצירט אין סקאָטלאַנד. די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל האָט שוין גע־האַט באַשלאָסען צו געבען אַ באָנוס צו איהרע ארבייטער. אָבער עס האָט ניט לאַנג גענומען, און דער באַשלוס איז אָפּגעשאַפט געוואָ־רען, ווייל: „די פּראָפּיטען ווערען באַשאַפען פון די קאָנסומערס, און ניט פון די ארבייטער; געהערען זיי דארום צו די ערשטע.“

ביים ענגלישען קאָאָפּעראַטיווען קאָנגרעס אין 1909 איז באַ־ריכטעט געוואָרען, אַז אין 1908 האָבען פון 1,560 קאָאָפּעראַ־טיווען

געצאָהלט באָנוס — 242 געזעלשאַפטען.
צו די צאָהל אָנגעשטעלטע אין די קאָנסום־פאַראיינען 14,288
צו די צאָהל ארבייטער אין די פאַבריקען — 9,928
דער סך הכל באָנוס האָט באַטראָפען — 377,010 דאָלער.

ווי מיר זעהן פון דיזע פאָאר ציפערען, צאָהלען נאָר א קליינע צאָהל ענגלישע קאָאָפּעראַציעס באָנוסעס. די „ראָטשדיילער אונ־פּאַרטייאישע פּיאָנערען געזעלשאַפט“ צאָהלט אויך ניט קיין באָנוס.

א סך אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַטיווען צאָהלען א באָנוס צו זייערע אָנגעשטעלטע ניט אין געלד, נאָר דורך געוויסע פאַרזיכע־רונגס־פאָנדען, ווי למשל, קראַנקען־פאַרזיכערונג, אונגליקס־אָדער טויטען־פאַל, אָלד איידזש א. ד. גל. מיר דענקען, אַז דיזע סיסטעם איז פּראַקטישער און דויערהאַפטער.

עס איז אמת, אַז א קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט מוז זיך רע־כענען אויך מיט די אַרומיגע אומשטענדען, און קען איהרע ארביי־טער ניט געבען קיין צו גרויסע שכירות. אָבער פאַר די אָנגעשטעלטע אין די קאָאָפּעראַציעס מוזען שטענדיג געשאַפען ווערען אַזעלכע באַדינגונגען, אַז זיי זאָלען פיהלען, דאָס זיי געפינען זיך ניט אין פּריוואַטע אונטערנעמונגען. די קאָאָפּעראַציעס ווען פון דעם אין יעדע הינזיכט א סך געווינען. זעהן מיר דאָך, דאָס זאָגאר פּרי־וואַטע אונטערנעמער קומען לעצטענס צו דער איבערצייגונג, דאָס „פּראָפּיט־שערינג“ מיט די ארבייטער צאָהלט זיך פאַר זיי בעסער.

יעדענפאַלס פאַרדיענט די באָנוס־סיסטעם אַ אויספּרובירונג.

## קאפיטעל צעהן.

# טענות געגען קאָאָפּעראַציע.

געוויסע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען טענה'ן, אז קאָאָפּעראַטיווען קאָנען דאָך ניט פאַרווירקליכען דעם אידעאַל פון סאָציאַליזם, און דאַריבער זיינען זיי א נעץ פאַר'ן ארבייטער, זיי ציהען איהם נאָר אָפּ פון ווירקליכען קאמף.

טהיילוויז איז עס אמת. די קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג אליין קען אונז טאַקע ניט ברענגען דעם סאָציאַליזם. אָבער זי ליגט אויף דעם וועג פון אידעאַל, און זי דערנעהענטערט אונז צו איהם. די קאָאָפּעראַציע שפּיעלט א ראָלע וואָס איז ענהליך צום עקאָנאָמישען קאמף אין דער פאַבריק. פּונקט ווי דער פאַרקירצטער ארבייטס-טאָג דערנעהנטערט דעם פּראָלעטאַריאַט צום סאָציאַליזם, ווייל ער פאַרקלענערט די אויסבויטונג און פאַרשטאַרקט די באוואוסטזיניגקייט פון ארבייטער-קלאַס, אזוי דערנעהענטערט איהם צום אידעאַל אויך די קאָאָפּעראַציע, ווייל זי באַזייטיגט, פאַרקלענערט די צאָהל פון די, וואָס לעבען פון פרעמדע ארבייט.

די אנשטרענגונג צו דערשלאָגען זיך צו העכערע שכירות איז א רעוואָלוציאָנערער אקט; פאַר וואָס זאָל די אָנשטרענגונג, דאָס דער ארבייטער זאָל קענען געניסען פון דער הוספה צו וועלכער ער האָט זיך דערשלאָגען, באַטראַכט ווערען פאַר א קלענערען רעוואָלוציאָנערען אקט?

דורך בילדונג עפענען מיר אויף דעם ארבייטער'ס אויגען, אום ער זאָל זעהען זיין ריכטיגען צושטאַנד. די קאָאָפּעראַציעס גיבען אוועק א טייל פון זייערע פּראָפיטען אויף בילדונג, און שטופּענוויז ענטוויקלען זיי ביי זייערע מיטגלידער אויך נייע און רעוואָלוציאָנערע אנשויאונגען איבער האַנדעל.

---

ווייטער טענה'ן די געגנער פון די קאָאָפּעראַטיווען, אז אפילו

ווען די קאָאָפּעראַציעס זאָלען דערגרייכען זייער ציעל, ווען אפילו די לעבענס־מיטלען זאָלען א דאַנק דעם פיעל ביליגער ווערען, וועט דאָך אויך דער ארבייטער גאָר ניט האָבען דערפון, ווייל דערמיט אליין גיט מען א געלעגענהייט די אונטערנעמער צו פארקלענערען דעם ארבייטס־לוין. דאָס הייסט דאָך: אין איין קעשענע אריין, פון דער אנדער קעשענע ארויס.

דאָס איז אָבער ניט ריכטיג. עס איז געווען א צייט, ווען מען האָט געמיינט, אז די שכירות האַלטען זיך אויף דעם נידריגסטען מצב, אז זיי ווערען נאַטירליכערווייזע געטריבען צום מינימום, וועל־כער איז נויטווענדיג פאַר דעם ארבייטער, ער זאָל עקזיסטירען און זיך מעהרען. דאַן ווען מען האָט זיך געהאלטען פאַר דיעזע טעאָריע, האָט מען געקענט גלויבען די באַהויפּטונג פון די פּעסימי־טיסטען, אז פאַרלייכטערען דאָס לעבען מיט דער הילף פון מאַכען קלענער די פּרייזען פון לעבענס־מיטעל הייסט העלפען פארקלע־נערען דעם ארבייטס־לוין. היינט אָבער איז שוין די פאַלשקייט פון דיזער באַהויפּטונג באַוויזען געווארען. און ווירקליך, אין גאַנץ אייראָפּא האָט ענגלאנד די ענטוויקעלטסטע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, אין פונדעסטוועגען זיינען די שכירות אין ענגלאנד צווי־שען די העכסטע. דערמיט ווילען מיר, נאַטירליך, ניט זאָגען, אז די דאָזיגע הו״כע שכירות האָט דער ענגלישער פּראָלעטאריאַט צו פאַרדאַנקען די קאָאָפּעראַטיווען. ניין, מיר ווילען נאָר באַווייזען, אז די ביליגקייט פון לעבענס־מיטלען האָט אין ענגלאַנד ניט געווירקט שלעכט אויף די ארבייטס־באַדינגונגען, אויף די שכירות, נאָר גראַדע פאַרקעהרט.

---

מען זאָגט ווייטער, אַז קאָאָפּעראַטאָרם קענען ניט פיהרען די געשעפטען אויף די זעלבע באַדינגונגען, ווי געוועהנליכע אונ־טערנער, ווייל זיי פעהלט געניטקייט און די נויטווענדיגע האַנ־דעלס־קענטעניש.

אויף דעם קען מען ענטפערן, דאָס קיין סוחר איז ניט געבאָרען געווארען אַ פארטיגער סוחר: ער מוז זיך פריהער צוגעוועהנען, לערנען. די היינטיגע קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג איז אין סך הכל אַלט ארום 75 יאהר, און זי פיהרט שוין פונדעסטוועגען די גרעסטע געשעפ־טען אין דער וועלט. די ענגלישע, דייטשע, דענישע, בעלגישע, און — נאָך מעהר, — די רוסישע קאָאָפּעראַטיווען פיהרען די גרעסטע אונ־

טערנעמונגען אין זייערע לענדער. קיין טראַסט אין דער וועלט קען זיך מיט זיי ניט פאַרגלייכען. מיר זעהען ווי אַרבייטער אָדער געוועזענע אַרבייטער פיהרען אָן מיליאָנען - געשעפטען. זיי פאַנ־גען גאַנץ אָפּט אָן מיט אַן אומבאַדייטענדע סומע. אָבער אין אַ קורצער צייט פאַרנעמען זיי דעם אויבען־אָן אין קאָמערציעלען לעבען.

עס איז אמת, אַז זיי קענען ניט אַזוי עקספּלואַטירען זייערע אַרבייטער, ווי די פּריוואַטע אונטערנעמער. זיי מוזען די אַרביי־טער בעסער באַלוינען און באַוויליגען זיי אויך קירצערע אַרבייטס־שטונדען. אָבער דאָס איז דאָך מעהר אַ זכות פאַר די קאָאָפּעראַ־טיווען, ווי אַ קלאַגע געגען זיי. די גרעסטע קאָאָפּעראַטיווע בעקע־רייען אין ענגלאַנד און בעלגיען, למשל, האָבען איינגעפיהרט אַן 8 שטונדיגען אַרבייטס־טאָג און באַדייטענד געהעכערט די שכירות, און דאָס שטערט זיי חלילה ניט צו מאַכען גוטע געשעפטען און גרויסע פּראָפיטען.

---

ווייטער טענה'ט מען, קאָאָפּעראַציע קען ניט האָבען קיין איינפלוס אויף די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, זי קען ניט פאַרבעסערען די לאַגע פון די אַרבייטער אַלס אַ קלאַס.

דאָס איז אויך נאָר אַ טיילווייזער אמת. עס פאַרשטעהט זיך, אַז קאָאָפּעראַציע קען ניט האָבען קיין איינפלוס — אין אָנפאַנג — אויף די גרויס־אינדוסטריע, ווייל זי באַזיצט ניט קיין גרויסע קאַפּיטאַלען. אָבער עס זיינען פאַראַן אַ סך פאַלען, וואו די קאָאָפּע־ראַציעס קענען יא האָבען, זאָגאַר אין אָנפאַנג, אַ גרויסען איינפלוס און ערפאָלג. און וואו קאָאָפּעראַציע איז ניט אימשטאַנד צו פאַרבעסערען די לאַגע פון די אַרבייטער אַלס קלאַס דירעקט, קען זי עס טאָן א י נ ד י ר ע ק ט.

קאָאָפּעראַציע ווירקט אויף די פאַרבעסערונג פון מאָראַלען און מאַטעריעלען צושטאַנד פון ק ל א ס פון לוין־אַרבייטער, אָרגאַניזירענדיג זיי, אַרויסרופענדיג אין זיי אַ געפיהל פון זייער מאַכט און געבענדיג זיי געלד־מיטלען צו פיהרען אַ קאַמף, למשל, ביי די וואַהלען, סטרייקס, א. ד. גל.

---

די קאָאָפּעראַטיווען האָבען אָבער נאָך אַ מין געגנער, ספּעציעל

ביי אונז אידען, — און דאָס זיינען די פארטיידיגער פון קליין־בירגערטום געגען קאָאָפעראַציע. זייער טענה איז אזוי: „די קאָאָפעראַטיווען זיינען געריכטעט געגען דעם מיטעל־קלאַס; זיי נעמען דורך דעם ביי די ארבייטער אוועק די האָפנונג ווען־עס־איז צו ווערען זעלבסטשטענדיג“.

נאָר די פראַגע איז אייגענטליך, צי עס איז אזא גליק פאר ארבייטער צו ווערען אזעלכע „זעלבסטשטענדיגע“ סוחרים. מיר ווייסען, אז מיט'ן פּראָגרעס פון דער אינדוסטריע ווערט די צאָהל פון קליינע זעלבסטשטענדיגע בעלי מלאכות אלץ קלענער, און זייער אָרט פארנעמט די גרויסע אינדוסטריע. מיר ווייסען אויך, אז דער באוואוסטזיניגער פּראָלעטאַריאַט מוז זאגאר אליין פיהרען א שווע־רען קאמף מיט די קליינע פאבריקאנטען וואס האלטען אויף הויז־ארבייט, וועלכע איז פארבונדען מיט א לאַנגען ארבייטס־טאָג, קליינע שכירות און איז דער בעסטער באָדען פאר עקספּלואַטאַציע. דער פּראָלעטאַריאַט שטרעבט דאריבער איהר צו באזייטיגען, אפילו דאָרט, וואו דער קאפּיטאַליזם שענקט איהר נאָך אויף א געוויסע צייט דאָס לעבען, ווייל ער איז איבערצייגט, אז די אלע פארמיטלער לעבען אויף זיין רעכנונג, און אז וואָס גרעסער עס איז זייער צאָהל, אלץ גרעסער איז דער גראַד פון זייער אויסבויטונג.

דאָסזעלבע איז אין האנדעל. וואָס גרעסער עס איז די צאָהל פארמיטלער אין האנדעל, אלץ טייערער קאָסטען די לעבענס־מיטלען, ווייל אלע פארמיטלער לעבען אויף דעם חשבון פון די קאָנסומער. און זיי צו פארניכטען שטרעבען טאקע די קאָאָפעראַטיווען. שוין איצט זעהען מיר, ווי די קליינע געשעפטען, די קרעמלעך פאַלען און קומען אום אין דער קאָנקורענץ מיט די ריזיגע געשעפטען, דע־פּארטמענט סטאָרס, וואו מען קען אלץ קריגען פון דער ערשטער האנד. דערפון שטאַמט די שנאה פון די קליינבירגער צו די גרויסע געשעפטען. און דאָרט, וואו די קליינבירגער האָבען (ריכטיגער: געהאַט) אין זייערע הענד די מאכט, ווי למשל, אין נידער עסטרייך, גיבען זיי זאָגאר ארויס געזעצע געגען דער קאָנצענטראַציע פון האנ־דעל.

עס איז דאריבער לייכט צו באגרייפען, אז די פארשווינדונג פון מיטעלען קלאַס איז אַן אומגליק נאָר אין די אויגען פון די יעניגע, וואָס זיינען צופרידען פון דער היינטיגער געזעלשאַפט. די אָבער, וואָס זיינען איבערצייגט, אז די היינטיגע געזעלשאפט מוז ראדיקאל

איבערגעבויעט ווערען אויף יסודות פון דעמאָקראַטיע און גלייכ־
בארעכטיגונג, באטראכטען די פארשווינדונג פון פארמיטלער, וואָס
לעבען אויפ'ן חשבון פון פרעמדע ארבייט, פאַר א גליק.

די גרויסע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמער פארניכטען די קליינע
פּריוואַטע אונטערנעמונגען, ניט צום גונסטען פון יחידים, נאָר פון
דער גאנצער מאסע געברויכער, קאָנסומערס. מען דאַרף דאריבער
ווי ווייט מעגליך מיטווירקען דאָס די פארמיטלער זאָלען וואָס
שנעלער פארשווינדען. דורכדעם ווערען מיר מאכען א שריט פאָר־
ווערטס, און די סאציאלע רעוואלוציע וועט שנעלער געהן אין דער
ריכטונג פון גערעכטיגקייט און גלייכהייט.

קאָאָפּעראַציע איז ניט קיין פּאַליאַטיוו, ניט נאָר א צייטווייי־
ליגע פארבעסערונג, נאָר א רעוואָלוציאנערער מי־
טעל אָהן בלוטפארגיסונג.

## עלפטער קאפיטעל.

# די הויפט־אויפגאבען פון די קאָנסום־פאראיינען.*)

די קאָאָפּעראטיווע באוועגונג ווערט גאנץ אָפט באשולדיגט, אַז זי איז קליינבירגערליך, קרעמעריש און שטעלט זיך בכלל ניט קיין הויכע אויפגאבען. צום באדויערען ליגט אין דיזע באשולדיגונג א גרויסער טייל אמת. וואָרים עס זיינען טאקע פאראן א היבשע צאָהל קאָאָפּעראציעס, וועמעס איינציגער ציעל איז: דיווידענד און ביליגערע פּראָדוקטען. עס איז אָבער א געוואלטיגער אונ־רעכט צו אורטיילען די גאנצע באוועגונג נאָך דיזע קאָאָפּעראציעס. מיר ווילען צו דיזען צוועק דאָ ברענגען עטליכע ציטאטען פון באוואוסטע קאָאָפּעראטיווע טעאָרעטיקער, ווי אויך איניגע אויס־ציגע פון די פּרינציפּען־ערקלערונגען פון געוויסע געזעלשאפטען און מיר וועלען אין דערזעלבער צייט גלייך קענען זעהן, וואס פאר אויפגאבען די קאָנסום־פאראיינען שטעלען זיך.

* * *

ערנסט בוש אין זיין בוך: „די סאָציאַלע פראגע און איהר פארענטפערונג" זאָגט:

„די גאנצע קראפט פון דער בורזשואזיע ליגט ניט אין איהר געלד, נאָר אין דעם ריוח, וואָס ברענגען אריין איהרע געשעפטען, איהרע פירמעס, איהרע פארמיטלונג. לאָזט איהר, דער בורזשוא־זיע, איהר ביסעל געלד, נאָר גיט איהר ניט די געלעגענהייט צו זיין א פארמיטלער צווישען פראדוקציאן און קאָנסומציאן (פארברויך), לאָזט איהר ניט מאַכען מסחרים, דאן איז זי במילא טויט געשלאָ־גען, דען איהר פארשטאָפּט איהר דעם איינציגען קוואַל פון איהר

*) אין ענגלאַנד און אין אמעריקא זיינען זיי דאָס רוב באקאנט אונטער די נעמען: „קאָאָפּערייטיוו סטאָרס" און „דיסטריביוטיוו סאָסייטיס"; אין דייטשלאנד: „קאָנסום־פעראיינען" און גענאָסענשאפטען"; אין רוס־לאַנד: „אַרטעל־פּאָטרעביטעלעי", און אויך כמעט אין אַלע לענדער אונ־טער דעם נאָמען: „קאָאָפּעראַטיוו" אָדער „קאָאָפּעראַציע."

רייכקייט און כח, אַלע מיטלען פון הערשונג, פון ווירקונג און כאבאר זיינען איהר אָפּגענומען. די הויפּט זאַך איז נאָר, אַז די ארבייטער זאָלען אויפהערען צו געבען מתנות פּריוואַט־פאַרמיטלער דורך קויפען ביי זיי סחורה, נאָר זאָלען זוכען אריינצונעמען אין זייער אייגענע הענד דעם קאָנסום, ווי אויך די פּראָדוקציאָן פון די סחורות... קודם כל דאַרף יעדער איינציגער ארבייטער קויפען אַלע זיינע געברויכס־ארטיקלען אין דער אייגענער קראָם, ד. ה., ביי דעם קאָנסום־פאַראיין...

„דעם פּראָפיט, וועלכען די קליינע קאָנסום־פאַראיינען טראָגען אריין, ווענדעט מען אָן צו גרינדען פאַבריקען און גרויסע געשעפטען. די ארבייטער־געגאָסענשאַפטען וועלען אויף אַזא אופן אריינקריגען אין זייערע הענד דעם גאַנצען פּראָדוקציאָנס־און־האַנדעלס־לעבען און במילא וועלען צו זיי איבערגעהן אויך זייטיגע אונטערנעמונגען, למשל: מאַשין־פאַבריקען, פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטען, באַנק־געשעפטען, א. ז. וו., אויף וויפיעל זיי וועלען זיין נויטיג."

א נ ס ע ל, דער פאַטער פון די בעלגישע קאָאָפּעראַטיווען, דריקט זיך ערגעץ אַזוי אויס:

„אַ דאַנק די קאָנסום־פאַראיינען קענען מיר שטורמען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט מיט קאַרטאָפעל און 4 פונטיגע לאַבענס ברויט.... ווען די ארבייטער־פיהרער ווערען צוליעב זייערע איבערציינונגען ארויסגעיאָגט פון די ווערקשטאַטען (ווען מען שטעלט זיי אויף דער שוואַרצער ליסט) און בלייבען אָהן ברויט, קענען זיי זיין זיכער, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו וועט זיי געבען אַ באַשעפטיגונג".

דער איטאַליענער ק אָ נ ט י שרייבט אין זיין בוך: „מוטואַליטעט און קאָאָפּעראַציאָן":

„די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען האָבען אין זייער אויסזיכט — פריינדשאַפט; אין זייערע פּרינציפּען — גלייכהייט, און אַלס זייער אידעאַל — די באַפרייאונג פון אַלע מענשען אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות".

ד ז ש י י מ ס ט ה אָ מ פּ ס אָ ן פאַרטייטשט „קאָאָפּעראַציע," אַלס אַ פאַראייניגונג פון ארבייטער, כדי צוזאַמען, דורך וואָס מעהר עקאָנאָמיע, לייכטער צו מאַכען זייער עקזיסטענץ, ווי אויך צו פאַרבעסערען זייערע מאָראַלישע, אינטעלעקטועלע, פיזישע

און געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען און צו דערגרייכען די גלייכע פאַנאַנדערטיילונג פון דעם ווערט פון זייער אַרבייט.

א כאַראַקטעריסטישע פּרינציפּען ערקלערונג האָט אַן אַלטע ענגלישע קאָאָפּעראַציע:

„פאַר אַלעם ערשטען מוזען מיר שאַפען געלד... דער פאָנד דאַרף געשאַפען ווערען דורך וועכענטליכע ביטראַגע. ווי נאָר דער פאָנד וועט זיין גענוג גרויס, זאָל א סטאָר געעפענט ווערען. אַלע מיטגליעדער מוזען קויפען אין דיזער סטאָר. דער גרעסטער טייל פון די פּראָפיטען זאָל אַוועקגעלייגט ווערען אַלס א פאָנד צו פאַר־גרעסערען דעם געשעפט. מיר ווילען אַזוי אַרום האָבען צוויי קוועלען פון הכנסה: די וועכענטליכע ביטרעגע און די פּראָפיטען... די געזעלשאַפט וועט דאַן האָבען א מעגליכקייט צו באַשעפטיגען אייניגע פון די מיטגליעדער... מיט דעם וואוקס פון׳ם קאַפּיטאַל וועט די קאָאָפּעראַציע האָבען א מעגליכקייט צו באַשעפטיגען אַלע מיטגליעדער, אָדער די גרעסטע טייל פון זיי. די מיטגליעדער ווילען דאַן גלייך קענען האָבען אַלע פּאַרציגע פון קאָאָפּעראַטיוו. מיט׳ן וואוקס פון קאַפּיטאַל וועט מען מיט דער צייט האָבען א מעגליכקייט צו קויפען אַן אייגען שטיק לאַנד, וועלכעם דאַרף קולטי־ווירט ווערען פון אייגענע מיטגליעדער, און אַזוי אַרום פאַרמירען א קערנדעל פאַר א נייע געזעלשאַפט, באַזירט ניט אויף אויס־בויטונג...״

וועלכע אידעאַלע אויפגאַבען די ראָטשדיילער פּיאָנערען האָבען זיך געשטעלט, איז די לעזער שוין באַקאַנט. אין דער פּראַקטיק האָבען די קאָאָפּעראַציעס באַוויזען, אַז זיי האָבען זיך ניט צו שעמען מיט זייער אידעאַליזם. נאַטירליך, קען מען דאָס ניט זאָגען אויף אַלע.

אָבער מאַנכע קאָאָפּעראַטאָרס געהען אייגענטליך שוין אַביסעל צו ווייט מיט זייער אידעאַליזם: זיי דענקען, אַז דורך קאָאָפּע־ראַציע אַליין ווילען זיי זיין ביכלות צו ערגרייכען דעם סאָציאַליס־טישען שטאַאַט.

אַזאַ אַנזיכט איז אָבער ווייט אַן איבערטריבענע. אום די אַרבייטער זאָלען זיך באַפרייען פון די קאַפּיטאַליסטישע קייטען, מוזען זיי קעמפּפען מיט אַלע וואַפען, אויף אַלע געביטען, — אין דער פּאַרטיי, אַלס בירגער; אין די טרייד־יוניאָנס, אַלס אַרבייטער, און אין די קאָאָפּעראַציעס אַלס קאָנסומערס. נאָר

דורך דיזער „דריי־אייניגקייט" קענען זיך די ארבייטער באַפרייען פון קאַפּיטאַליסטישען יאָך. די קאָאָפּעראַציע דאַרף דיענען אַלס א „פּריפּעראַטאָרי סקול", אַלס א פאַרבעררייטונגס־שולע פאַר'ן סאָציאַליזם, פאַר'ן קאָאָפּעראַטיווען שטאַאט. דורך דעם געמיינשאַפטליכען אינטערעס אין אַזעלכע אונטערנעמונגען פלאַנצט מען איין חבר'שע געפיהלען ביי די מיטגליעדער, וועלכע לערנען זיך אויך אויס אַליין צו פאַרוואַלטען זייערע אונטערנעמונגען. בקיצור: מען דאַרף קוקען אויף די קאָאָפּעראַציעס מיט אָפענע אויגען און ניט איבערשעצען אדער אונטערשעצען זייער ווערט.

מאַנכע קאָאָפּעראַציעס יאָגען זיך איבערהויפּט נאָך וואָס מעהר פּראָפיט. און ניט זעלטען ווערען דערביי פאַרלעצט די גרונד־פּרינציפּען פון קאָאָפּעראַציע. אַזעלכע געזעלשאַפטען מוזען מיט דער צייט ווערען ריינע געשעפטס־אונטערנעמונגען. א קאָאָפּעראַציע טאָר ניט ווערען א קרעמעל, פון וואַנען עטליכע פּערזאָנען זאָלען ציהען נוצען. א קאָאָפּעראַציע מוז זיין א פ א ל ק ס־ א ו נ ט ע ר נ ע מ ו נ ג, און מוז זיך אויך פאַרנעמען מיט קולטור־ארבייט, ווי ערציהונג, בילדונג, טעאַטער, א. ז. וו.

די הויפּט־צרה פאַר קאָאָפּעראַציע קומט פון דעם, וואָס דער ברייטער עולם האָט כמעט קיין אַהנונג ניט, וואָס אייגענטליך די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג באַצוועקט. און אַם שטאַרקסטען פיהלט זיך דאָס ביי אונז אידען. אידישע קאָאָפּעראַציעס ווערען אָפט געגרינדעט פון איבערטריבענע אידעאַליסטען, וועלכע נעמען גאָר אין אכט ניט די ריין געשעפטליכע זייט פון דער באַוועגונג. אַזעלכע געהען סוף־כל־סוף אונטער. ווייל צוערשט איז דאָך א קאָאָפּעראַטיוו א געשעפט, ווען אויך א געזעלשאַפטליכעס געשעפט, ער מוז דאריבער שטעהען אויף א פעסטען ג ע ש ע פ ט ל י כ ע ן פונדאַמענט און האָבען א קלאָרע ריכטונג און אַן ערנסטע פאַרוואַלטונג. מיט אַבסטראַקטע אידעען, מיט רוחניות קען מען קיין קאָאָפּעראַציע ניט בויען און נאָך ווייניגער איהר אָנהאַלטען.

מאַנכעס מאָל, ווידער, ווערען אידישע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען געגרינדעט גראַדע פון „אמת'ע" געשעפטס־לייט, און אַזעלכע פיהרען שוין אָן זייער קאָאָפּעראַציע אין א ווירקליכען ביזנעס־גייסט — אָהן געזעלשאַפטליכע ציעלען, אָהן קולטורעלע שטרעבונגען. מיט דער צייט ווערט פון דער גאַנצער אונטערנעמונג א „געשעפטעל", און עטליכע אידען האָבען פּרנסה־בכבוד

— און דערמיט ענדיגט זיך עס. יא, נאכדעם קומען ווידער צו גערן אנדערע אידען, וועלכע זוכען מאטעריאל פאר ארטיקלען, און שטע־לען איינס־צוויי אויף אן אקסיאמע, אז — אידען זיינען נים פעהיג פאר קאָאָפּעראַציע...

די הויפט־אויפגאבע פון די קאָנסום־פאַראיינען דאַרף דאַרי־בער זיין צו פאַרבינדען **אידעאליזם** און **פּראַקטיש־קייט**. איינס אָהן דעם צווייטען קען דאָ נים עקזיסטירען.

צוועלפטער קאפיטעל.

## די פּראַקטיק פון קאָאָפּעראַציע.
## ווי אזוי קאָנסום פאראיינען ווערען געגרינדעט.

„איך בין ערענסט איבערצייגט, דאָס קיין שום קאָנסום־פאראיין קען ניט האָבען קיין ערפאָלג אָהן אַקטיווע, פעהיגע, ערענסטע און איבערגעגעבענע פארוואַלטער.“ — גלאַדסטאָן.

עס זיינען פאראַן א סך וועגען און מיטלען ווי אזוי צו גרינדען א קאָנסום פאראיין, א קאָאָפּעראַטיווע סטאָר ; מאנכע זיינען איינפאכע און אנדערע זיינען זעהר קאָמפּליצירטע. אָבער עס איז זעהר שווער צו זאָגען, וועלכע פון זיי זיינען די בעסטע : דאָס הענגט פיעל אָפּ פון אָרט, פון די גרינדער, פון מענשען־מאַטעריאַל, — פון די מענשען, צווישען וועלכע און מיט וועלכע עס קומט אוים צו ארבייטען. עס איז דאריבער קלאָר, אז די יעניגע, וועלכע נעמען זיך אונטער צו גרינדען א קאָאָפּעראַטיווע, מוזען זיך רעכענען מיט די ארומיגע אומשטענדען.

אין דיזען בוך ווילען מיר נאָר בקיצור אָנצייגען אויף די פּאָפּולערסטע מעטאָדען פון גרינדען א קאָאָפּעראַטיוו. אָבער עס וואָלט געווען אַן אונרעכט צו זאָגען, אז זיי זיינען די בעסטע. וואָס מיר ווילען דאָ נאָר זאָגען איז, אז אין די בעסטע קאָאָפּעראַטיווע האנד־ביכער רעקאָמענדירט מען זיי, און פון אונזער אייגענער ערפאהרונג ווייסען מיר, אז זיי זיינען ניט אזוי שווער דורכצופיהרען.

---

### קאָאָפּעראַטיווע קלובען, אדער שותפות׳ע איינקויפונג.

די אידעע דערפון איז אַן איינפאכע און ווערט שוין לאַנג פּראַקטיצירט אין פיעלע קלענערע אמעריקאנער שטעדטלעך, אויף פאָלגענדען אופן : עטליכע פריינד אָדער מיטגלידער פון א

פאראיין, אָדער גאָר ארבייטער פון איין שאפ נעמען זיך צונויף און קויפען איין זייערע נויטווענדיגסטע פּראָדוקטען געמיינשאפטליך אין האָלסייל. דורך דעם גיט עס זיך זיי איין איינצוקויפען פּראָ־דוקטען פאר ביליגערען פּרייזען אָדער, — אין געוויסע פעלע, — פון בעסערער קוואַליטעט.

מעהרסטענס ווערט דאָס, נאַטירליך, פּראַקטיצירט דאָרט, וואו עס איז נאָך גאָר ניטאָ קיין קאָאָפּעראטיווע באַוועגונג, אָדער וואו דיזע באַוועגונג איז נאָך ניט גענוג ענטוויקעלט.

אין מאַנכע קאָנטרי־שטעדט פון ניו יאָרק סטייט פּראַקטיצירען דיזען מיטעל דאָס רוב הויז־פרויען, גאַנצע פאַמיליעס. זיי קויֿ־פען צוזאמען: קויהלען, קארטאָפעל, מעהל, צוקער, טהעע, קאַפע, א. ד. גל. וואָס גרעסער עס איז די צאָהל פאַמיליעס, אלץ פאר א גרעסערע סומע ווערט געקויפט און אויף אלץ א ביליגערען פּרייז.

דיזע ארבייט ווערט דורכשניטליך אַזוי פּראַקטיצירט: דורך די איניציאַטיווע פון איינער אדער עטליכע פערזאָנען ווערט אויף א באַשטימטען פּלאַץ איינגערופען א מיטינג פון די פאַמיליעס, וואָס וואוינען אין נאָהענטער שכנות, וואו די פראגע ווערט אַלזייטיג באשפּראָכען; און די יעניגע, וועלכע זיינען איינפערשטאַנען מיט דער ארבייט, אָרגאַניזירען נאָכדעם א קאָאָפּעראַטיווען, געמיינ־שאַפטליכען איינקויפס־פאראיין. די מיטגליעדער צאָהלען איין א געוויסע סומע אין א קויפס־פאָנד און וועהלען אויס פון זייער מיטע א פערזאָן, וועלכע איז מעהר פעהיג די איינקויפונגען צו מאַכען. אויב די פּראָדוקטען מוזען ליגען א לענגערע צייט, ווערט געדונגען א דירה, וואו די פאמיליעס קומען זיך צונויף אין א באַשטימטען טאָג, אָדער טעג אין וואָך צו מאַכען זייערע איינקויפע.

דאָס איז, אַלזאָ, אַזאַ מין טעטיגקייט, וואָס פאָדערט ניט קיין סך מיטלען, קענטעניס אָדער אנשטרענגונג, — א מין טעטיגקייט, וועלכע ברייננט גלייך גוטע רעזולטאַטען.

דער פאראיין קויפט איין פּראָדוקטען אין האָלסייל און פאַר־קויפט זיי אויף ריטייל פּרייזען, ד. ה., אויף דיזעלבע פּרייזען פון די פּריוואַטע סטאָרס, און די פּראָפיטען, וואָס שטעלען זיך דערביי אָפּ, בלייבען פאָרלויפיג אין דער קאַסע, כדי דער פאראיין זאָל קענען קויפען פאר גרעסערע סומען אין האָלסייל.

דער פינאַנציעלער געווינס פון אַזאַ קליינער קאָאָפּעראַטיווער טעטיגקייט איז אפשר ניט באַזונדערס גרויס; דערפאר אָבער

איז ניט אָפּצושאַצען דעם גרויסען אָרגאַניזאַטאָרישען און ערציהע־רישען איינפלוס פון אזא קאָאָפּעראַטיווען קלוב.

די הויז־פרוי איז נאָך אלץ דער פּרימיטיווסטער טייל פון דער געזעלשאפט, און צו איהר איז נאָך אלץ שווערער צוצוקומען מיט א וועלכער־ניט־איז אויפקלערונגס־ארבייט. די טעגליכע פּרעסע זאגאר איז נאָך פאר איהר א שלאָס מיט זיבען ריגלען. דאָס ביסעל אנשטרענגונג וואס איז ביז יעצט געמאכט געווארען צו־צוקומען צו איהר, איז נאָך פאָרלויפיג ניט געקרוינט מיט גרויס ערפאָלג.

דער בעסטער מיטעל דורך וועלכען מען קען אם לייכסטען צוקומען מיט אויפקלערונג צו דער הויז פרוי, איז די קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג, וועלכע מאכט, דאָס זי זאל זיך זעלבסט נעמען צו אינ־טערעסירען מיט געזעלשאפטליכע פראגען.

און דער בעסטער אנפאנג, די עלעמענטאר־שולע פאר קאָאָפּעראַציע, זיינען די קאָאָפּעראַטיווע איינקויפס־קלובען, פון וואנען עס בילדען זיך מיט דער צייט אויס מענשען, וועלכע זיינען שוין פעהיג אָנצופיהרען דיזע ארבייט אויף א גרע־סערען מאסשטאב.

מאנכע קאָאָפּעראַטיווע איינקויפס־קלובען גיבען זיך אויך אָפּ מיט געוויסע געזעלשאפטליכע און קולטורעלע ארבייט. פון דיזע קלובען וואקסען גאנץ אָפט ארויס די גרעסטע קאָאָפּעראַטיוון, אין דיזע קלובען ווערען די מיטגלידער נעהנטער באקאנט איינער מיט'ן צווייטען, און מען געפינט אויך גאנץ לייכט אויס, ווער עס איז פעהיג פאר די אָדער יענער ארבייט.

## א קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג אויף א גרעסערען מאסשטאב.

ווען עטליכע פּערזאנען קומען צו דער איבערצייגונג, דאָס א קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג קען האָבען א קיום אין זייער שטאָדט, דארף זייער ערשטער שריט זיין צו גרופּירען ארום זיך וואָס מעהר מענשען, וועלכע זיינען איינפערשטאַנען מיט זייער געדאַנק. שוין אין אנפאנג דארף מען זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט'ן קלייבען דעם מענשען־מאטעריאל. פון איהם, נאָר פון איהם, העננגט אייגענטליך אָפּ דער גאנצער ערפאָלג פון דער אונטערנעמונג.

א גרויסע אָרגאַניזאַציע האָט שטענדיג א געזונדען מאָגען

און קען דאריבער לייכט פארדייען אלע מינים כאראקטערען. אין א קליינעם פאראיין, בפרט נאָך, ווען דער זעלבער האלט זיך ערשט אין גרינדען, הענגט דער גאנצער שיקזאַל פון פאראיין כמעט אין גאנצען אָפּ פון יעדען איינעם באזונדער, מוז מען דאריבער זיין פארזיכטיג, וועמען מען נעמט אריין אלס מיטגליעד.

די גרופּע מענשען, — וואָס מיר נעמען אָן, אז זיי זיינען אלע צונעפּאסט צו א געזעלשאפטליך־געשעפטליכע אונטערנעמונג, — דארף זיך פאַר אַלעם ערשטען באקענען מיט דער קאָאָפּעראטיווער ליטעראטור, וואס קאָאָפּעראציע מיינט בכלל, און, ווען מעגליך, אויך באזוכען עטליכע קאָאָפּעראטיווע געזעלשאפטען.*) נאָך דעם ערשט ווי די גרופּע האָט זיך שוין אביסעל באקענט מיט קאָאָפּעראציע בכלל, און ספּעציעל מיט די **שוועריגקייטען וואָס אַ קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונג האָט אויסצושטעהן**, ערשט דאַן דארף זי גרינדען איהר קאָאָפּעראטיווען פאראיין.

דער ערשטער פּראקטישער שריט דארף זיין אויסצוארבייטען עטליכע אלגעמיינע כללים, רולס, ווי אזוי די געזעלשאפט זאָל געפיהרט ווערען. אין דיזע רולס דארף צווישען אנדערעס זיין אויך וועגען פּרייז פון א שער.

ווי די לעזער ווייסען שוין, איז ביי כמעט אלע קאָאָפּעראטיווען איינגעפיהרט, דאָס א שער קאָסט בלויז 5 דאָלער, וועלכע מען קען אויסצאָהלען אין קלענערע אפּצאהלונגען. אָבער, ליידער, קען מען זיך ניט אלע מאָל באנוצען מיט דיזען קאָאָפּעראטיווען פּרינציפּ, ספּעציעל, אין די פאראייניגטע שטאאטען. אין מאנכע סטייטס איז דער געזעץ צו הארט פאַר די קאָאָפּעראציעס, און יעדער מיט־גליעד, למשל, מוז גאָר האָבען ניט װעניגער ווי 5 שערס (25 דאָלער). יעדענפאלס, זיינען שטענדיג פאראן געוויסע וועגען, ווי אזוי ניט צו פאַרלעצען דעם געזעץ און דעם קאָאָפּעראטיווען פּרינציפּ. צו דעם צוועק דארף מען זיך שטענדיג באראָטען מיט א קאָמפּעטענטען

*) עס איז אויך ווינשענסווערט, דאָס איידער זיי מאַכען וועלכען־ניט־איז שריט, זאָלען זיי זיך צוערשט דורכשרייבען מיט דער „פעדערא־ציע פון אידישע קאָאָפּעראטיווען אין אמעריקא", ניו יארק, אָדער ווען די שכנה'שאַפט איז אַ ניט־אידיש שפּרעכענדע, זאָלען זיי זיך דורכ־שרייבען מיט דער „קאָאָפּעריישיוו ליעג אָוו אמעריקא," ניו יארק.

און געוויסענהאפטען לאַיער (און אויך מיט דער קאָאָפּעראַטיווער פעדעראַציע).

עס איז ווינשענסווערט, אַז אין אנפאנג זאָלען די מיטגלידער, אויסער דעם אויך צאָהלען דיוס, באשטימטע וועכנטליכע בייטרע־גע, אויף צו דעקען אַלע נויטיגע הוצאות (קאָרעספּאָנדענץ, מיטינג לאָקאַל, א. ד. גל). כדי פון די שער־געלדער זאָל גאָר ניט געריהרט ווערען.

יעצט ערשט הייבט זיך אָן די ריכטיגע ארבייט פאַר די מיט־גלידער, נעמליך, צו באשטימען וואס פאַר אַן אונטערנעמונג עס זאָל געגרינדעט ווערען. א סך קאָאָפּעראַטיווען זיינען אונטערגע־גאנגען נאָר א דאַנק דעם, וואָס זיי האָבען זיך ניט גענומען צו דער ריכטיגער אונטערנעמונג.

לאָמיר אָננעמען, למשל, אַז די מיטגלידער האָבען באשלאָסען צו עפענען א גראָסערי סטאָר. אום צו עפענען א קליינע, אָבער גוט־איינגעריכטעטע גראָסערי דאַרף מען האָבען, לאָמיר זאָגען, לכל הפחות, 15 הונדערט דאָלער. מיט אביסעל אנשטרענגונג קענען די מיטגלידער שאפען די געלד, ד. ה., דורך פאַרקויפען שערס. איז אָבער דערביי א צרה, וואס די מיטגליעדער וואהנען ניט אין איין דיסטריקט, נאָר זיינען צעווארפען איבער דער גאנצער שטאָדט, און זיי וועלען דאריבער ניט קענען קויפען אין דער גראָסערי. אין אַזאַ פאַל איז ניט פראַקטיש און זאָגאר געפעהרליך צו פאַרלאָזען זיך, אַז קונים וועלען שוין מסתמא קומען.

לאָמיר נעמען אַן אנדער ביישפּיעל. די מיטגליעדער וואהנען יא אין איין דיסטריקט און האָבען דאריבער גיכער א מעגליכקייט צו גרינדען אַן אונטערנעמונג. האָט אָבער דער קאָאָפּעראַטיוו באשלאָסען צו עפענען, זאָגען מיר, א בעקעריי. נון, אום צו עפענען אַן אנשטענדיגע בעקעריי (זאָגאר אויף א קליינעם מאסשטאב) דאַרף מען האָבען פון 5 ביז 10 טויזענד דאָלער, — א סומע, וועלכען דער פאַראיין קען אויף קיין פאַל ניט צוזאמענ־ברענגען.

ווי מיר זעהען אַלזאָ, איז זעהר שווער צו זאָגען וואָס פאַר א אונטערנעמונג מען זאָל אין אנפאנג גרינדען, ווייל דאָס איז אויס־שליסליך אפהענגיג פון א רייהע אומשטענדען. אָבער עס וועט ניט שאַדען צו מאַכען א פּאָר באמערקונגען.

פון ערפאהרונג ווייסען מיר, אז קאָאָפּעראַטיווע גראָסעריס,

הויפּטזעכליך ביי אידען, האָבען אין די פּאראייניגטע שטאאטען געהאט א קלענערען ערפאָלג, ווי, למשל, קאָאָפּעראטיווע בעקריייען.

דאָס, וואָס קאָאָפּעראטיווע גראָסעריס האָבען ניט אזא ערפאָלג ווי בעקריייען, קען מען ערקלערען מיט דעם, וואָס גראָסעריס, אין א קליינעם מאסשטאב, זיינען דאָס רוב פּעני־ביזנעס, און זיינען אָפּהענגיג פון יעדען קונד. ווען עטליכע קונים געהען אוועק (עס איז דאָך ניט מעגליך יעדען צופרידענצושטעלען) אָדער ציהען אוועק פון דער שכנה'שאפט, ווערט די סטאָר גלייך געשטעלט אין א שלעכטער לאגע. ניט זעלטען איז עס דער אָנהויב פון זיין אונטערגאנג. דאָס טרעפט זיך אָם מייסטען אין גרעסערע שטעדט, וואו דער עולם איז שטענדיג א „מופענדער".

קען מען דאריבער זאָגען, אז גראָסעריס דארפען געעפענט ווערען נאָר דאָרט, וואו דער עולם איז מעהר א „זיצענדער", וואו די מיטגליעדערשאפט איז גענוג גרויס, און, מעהר פאר אלעס, ווען מען איז זיכער מיט א גענוגענדע צאָהל קונים.

דער כלל ביי אלע קאָאָפּעראציעס דארף זיין: בעסער עפענען א גרעסערע אונטערנעמונג שפּעטער, איידער עפענען א קליינע אונטערנעמונג באלד. וואָרים פון א קליינע אונ־טערנעמונג געווינען גאנץ ווייניגביידע: ניט די קאָאָפּעראציע, ניט די קונים.

עס איז טאַקע אמת, אז פון קליינע אונטערנעמונגען קענען זיך די מיטגליעדער מיט דער צייט אויסלערנען צו פאַרוואלטען גרע־סערע אונטערנעמונגען. אָבער די אונטערנעמונג טאָר ניט זיין צו קליין. דאָס איז ספּעציעל וויכטיג אין גרעסערע שטעדט. גאנץ אָפט זיינען די רעזולטאטען, וואָס אזעלכע קליינע אונטערנעמונגען ברייגנען, ניט ווערטה די ענערגיע, וואס זיי קאָס־טען.

דאָס הייסט אָבער ניט, אז מיר באהויפּטען, דאָס קאָאָפּעראציע מוז געפיהרט ווערען נאָר אויף א גרויסען מאסשטאב. מיר ווייסען גאנץ גוט, אז די גרעסטע קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונגען זיינען ענטשטאַנען פון אָרימע, קליינע געשעפטען. מען דארף אָבער אויך אין זינען האָבען, אז די אומשטענדען זיינען היינט־צו־טאָג אנדערע, ווי מיט א זיבציג יאָהר צוריק. ספּעציעל בולט איז דאָס אין גרויסע

שטעדט, וואו קליינע אונטערנעמונגען ווערען בטל בשישים אין די פיעלע דעפּאַרטמענט־ און „טשעין סטאָרס.”

עס איז דאַריבער וויכטיג צו וויסען, דאָס וואָס פאַר א אונ־טערנעמונג דער פאַראיין זאָל ניט באַשטימען צו עפּענען, מוז ער שטענדיג נעמען אין אכט דעם מאַרק, די קונים, — די מעהר אָדער וועניגער באַשטימטע צאָהל קויפער, אויף וועלכע ער קען אבסאָלוט האָפען.

לאָמיר אָננעמען, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו האָט באַשלאָסען צו עפּענען א גראָסערי. צו דעם צוועק דאַרף ער ערוועהלען א ספּעציעלע קאָמיטע, וועלכע זאָל מאַכען א „קענוועס” צווישען די שכנים, ווי אויך צווישען די פאַמיליעס פון די מיטגלידער. לאָמיר ווייטער אָננעמען, אַז דיזע קאָמיטע האָט אויסגעפונען, דאָס עס זיינען פאַראַן ארום צוויי הונדערט פאַמיליעס, וואָס האָבען זיך פאַרפּליכטעט צו קויפען אין דער סטאָר. די קאָמיטע האָט ווייטער אויסגעפונען, אַז דורכשניטליך גיט יעדע פאַמיליע אויס 400 דאָלער א יאָהר אויף פאַרשידענע גראָסערי פּראָדוקטען, און אַז די באַדינגונגען זיינען אַזעלכע, אַז דער קאַפּיטאַל וועט קענען מאַכען אַן אומזאַץ 8 מאָל א יאָהר, וואָס דאָס מיינט, אַז מען וועט דאַרפען האָבען 50 דאָלער קעש אויף יעדע פאַמיליע, אום איהר צו באַזאָרגען מיט די נויטיגע פּראָדוקטען. הייסט עס, אַלזאָ, אַז אַזאַ פאַראיין דאַרף האָבען 10,000 דאָלער, „קעפּיטאַל סטאַק” (גרונד־קאַפּיטאַל) און וועט קענען דאַן מאַכען אַן אומזאַץ פון 80 טויזענד דאָלער א יאָהר.

אין דער ווירקליכקייט אָבער וועט דער פאַראיין ניט דאַרפען קיין 10 טויזענד דאָלער קעש אויף צו מאַכען אַן אומזאַץ פון 80 טויזענד דאָלער א יאָהר. מען קען מיט פיעל ווייניגער געלד דאָס באַווייזען צו טאָן. מיר האָבען אָבער אבזיכטליך דערמאָנט א גרעסערע סומע, כדי צו ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון לעזער, דאָס עס איז שטענדיג בעסער צו האָבען א גרעסערען „קעפּיטאַל סטאַק” ווי די אונטערנעמונג פאַרלאַנגט עס.

די הויפּט אויפגאַבען פון א נייעם קאָאָפּעראַטיווען פאַראיין דאַרף דאַריבער זיין צו באַשטימען, וועלכע אונטערנעמונג עס וועט זיין אַם פּאַסינגסטען אונטער די אומשטענדען.

נאָך דעם ווי דיזע ארבייט איז שוין אָפּגעטאָן, דאַרף זיך דער

פאַראיין נעמען צו דער צווייטער שווערער אויפגאַבע : זוכען א פּאַסיגען מענעדזשער אָדער סיילסמען.

פונקט ווי עס זיינען אונטערגעגאַנגען אַ סך קאָאָפּעראַטיוועו א דאַנק דעם, וואָס זיי האָבען ניט אַנגעפאַנגען מיט דער ריכטיגער אונטערנעמונג, אַזוי זיינען אויך אונטערגעגאַנגען ניט ווייניג קאָאָפּע־ראַטיוועו צוליעב דעם, וואָס זיי האָבען ניט געהאַט די ריכטיגע פאַרוואַלטערס.

קאָאָפּעראַציעס ווערען דאָס רוב געגרינדעט פון אַרבייטער, וועלכע זיינען אַ גאַנצען טאָג פאַרנומען ביי זייער אייגענער אַרבייט. מוז מען דאַריבער דינגען ספּעציעלע מענשען, וועלכע זאָלען טאָן די אַרבייט אין דער אונטערנעמונג. אגב פאָדערט יעדע אונטער־נעמונג געוויסע געשעפטס־קענטעניסע, אַזוי גוט ווי ספּעציעלע מענשען, וועלכע זאָלען וויסען ווי אַזוי די אונטערנעמונג צו פיהרען.

אָבער דאָ אייגענטליך קומט די הויפּט־שוועריגקייט : וואו נעמט מען אַ פּאַסענדען מענעדזשער. ווארים פאַר אַ קאָאָפּעראַציע דאַרף מען ניט נאָר סתם אַ געשעפטס־מענש, נאָר אַזאַ, וואָס באַזיצט אַ סך אַנדערע אייגענשאַפטען. זיין כאַראַקטער און ע ה ר ל י כ ק י י ט שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע. דאָס איז אַ קהל'־שער געשעפט, און ער מוז האָבען יעדענס צוטרויען. זיינע פעהיג־קייטען אלס געזעלשאַפטס־מענש האָט אויך עפּעס צו זאָגען. ווארים דאָס איז אַ קאָאָפּעראַציע, און די מיטגליעדער האָבען דאָך עפּעס אַ דעה צו זאָגען.

די מענעדזשער ־ פראַגע איז דאַריבער איינע פון די ע ל ע מ ע נ ט א ר ס ט ע פּראָבלעמען פון יעדען קאָאָפּעראַטיוו. אין דער קאָאָפּעראַטיווער וועלט רופט מען דיזע פראַגע : „די אַנגעוועהטאָגסטע פּראָבלעם". דיזע פראַגע געפינט זיך שטענדיג אויף דער טאָגעס־אָרדנונג ביי אַ סך קאָאָפּעראַציעס.

עפּענט ניט צוערשט קיין אונטערנעמונג ביז וואַנען איהר האָט ניט קיין פּאַסענדען מענעדזשער !

געפינענדיג אַ פּאַסענדען מענעדזשער דאַרף דער יונגער פאַראיין זיך מיט איהם בעראַטען אין אַלע געשעפטס־אַנגעלעגענ־הייטען פון דער אונטערנעמונג.

עס שפּיעלט אָפט מאָל זעהר אַ גרויסע ראָלע, ו ו י א ז ו י די אונטערנעמונג ווערט לכתחילה איינגעריכטעט : דער אויסער־ליכער אויסזעהן און די געגענד האָט אויך אַ סך צו זאָגען.

עס איז אויך ווינשענסווערט, אז די געזעלשאפט זאָל צו דער צייט, ווען זי לאַדעט איין אַ מענעדזשער שוין האָבען אויסגעאַרבייט די קאָנסטיטוציע פון דער אונטערנעמונג, ווי אויך אינקאָרפּאָרירען די געזעלשאפט (דאָס מוז מען נאָך׳ן געזעץ נאָך טאָן ביים ארויס־לאָזען די שערס).

עס איז אפשר אויך ווערט דאָ צו באַמערקען, דאָס מאַנכע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען זיינען ניט געוואָרען אזוי שנעל פּאָפּולער, נאָר אַ דאַנק זייער צו גרויסען, אָדער צו שווערען נאָמען. אַ קורצער נאמען איז שטענדיג בעסער פאַר אַ קאָאָפּעראַציע. גיט ניט אייער פאַראיין קיין שום ספּעציפישען נאמען (ווי, למשל, קאָאָפּעראַטיווער בוטשער סטאָר, א. ד. גל) ווי באַלד איהר האָט אין זינען צו ווערען טעטיג אויף פאַרשידענע געביטען.

## אַ סטאָר אויף פיער רעדער.

אין פיעלע גרויסע שטעדט — הויפּטזעכליך אין אייראָפּאַ — דאָרט וואו די מיטגליעדערשאַפט איז צושפּרייט איבער דער שטאָדט, און עס איז דארום שווער צו עפענען אַ סטאָר, ווערט אָפּט געטאָן אזוי: דער פאַראיין לאָזט ארויס שערס און אָרגאַניזירט די געזעלשאפט און דעם גרונד־קאַפּיטאַל לויט דער זעלבער סיס־טעם, ווי עס איז אויבען באשריבען געוואָרען, נאָר אנשטאָט צו עפענען אַ סטאָר, קויפט ער אַ גרויסען וואָגען, אויף וועלכען ער פיהרט די פּראָדוקטען פאַנאַנדער צו די מיטגליעדער. דער וואָגען איז אַ ווענטיגער, אַ צוגעמאכטער, און אינעווייניג איז אין איהם איינגעריכטעט אַ סטאָר מיט אַלע קליפּערלאַך.

פונקט אין דער באַשטימטער שטונדע, עטליכע מאָל אין טאָג, קומט דער וואָגען צו צום קונה׳ס הויז, וואו די די הויז־פרוי וואַרט שוין אויף איהם. דער הויפּט מסחר געהט אָן אויף באַשטעלונגען, וואס ווערען געמאכט מיט אַ באַשטימטער צייט בעפאָר.

אַזוי ארום ווערען איינגעשפּאָרט געוויסע הוצאות, און אַלע מיט־גליעדער האָבען אַ מעגליכקייט צו קויפען אין זייער אייגענער אונ־טערנעמונג. מיט דער צייט, ווען דער פאַראיין האָט שוין ערוואָר־בען אַ היבשע מיטגלידערשאַפט און קונים, עפענט ער שוין אַ סטאָר, אָדער פאַרשידענע סטאָרס. אין מאַנכע שטעדט זיינען די גרעסטע קאָאָפּעראַטיווע געשעפטען ענטשטאַנען פון דיזע „ארומפאָהרענדע סטאָרס".

דיזע סיסטעם פאָדערט ניט קיינע געוואַלדיגע קאַפּיטאַלען און האָט אויך די מעלה, וואָס זי קען שנעל צוציהען קונים. אין געוויסע שטעדט ווערען דורך אזא סיסטעם פאנאנדערגעפיהרט אויך מאָל־צייטען צו די פאַמיליעס — פארנאנדערגעפיהרט פון זאַגענאנטע ארומפאָהרענדע קיכען. דאָס איז זעהר פּראקטיש פאר ארביי־טער־פאַמיליעס, וואו די פרוי האָט אפשר ניט די מעגליכקייט אליין צו קאָכען.

אויף אַן עהנליכען אופן קען מען אין די גרויסע ארבייטער־צענטערס צושטעלען „טרוקענע מאָלצייטען“ אין די שעפּער. די ארבייטער וואָלטען דאַן ניט געווען געצוואונגען צו געהן אין די ביליגע רעסטאראנען און לאָנטש־רומס, וואו זיי פארדארבען זייערע מאָגענס.

## גרינדען קאָנסום־פאראייגען דורך קרעדיט־בענק.

דיזע סיסטעם ווערט דאָס רוב פּראקטיצירט אין רוסלאַנד און צום טייל אויך אין דייטשלאַנד. געטאָן ווערט דאָס צוליעב דעם: אזוי ווי די געלד־פראגע איז איינע פון די וויכטיגסטע פראגען ביי דער גרינדונג פון קאָנסום־פאראיינען, ווערט דארום באשלאָסען, אז פאר אלעם זאָל געגרינדעט ווערען א קאָאָפּעראטיווער קרעדיט־פאראיין, וועלכער זאָל שפּעטער העלפען עפענען א אונטערנעמונג. הגם דיזע סיסטעם איז אביסעל קאָמפּליצירט, ווערט זי פונדעסט־וועגען גאַנץ ערפאָלגרייך אָנגעווענדעט אין רוסלאַנד. דער מאָסקווער נ א ר אָ ד נ י  ב א נ ק (וועלכער מאכט שוין איצט א גרעסערען אומזאַץ פאר דער ענגלישער קאָאָפּעראטיווער האָלסייל סאָסייעטי) איז דער הויפּט־פינאנסיר פון אלע קאָאָפּעראטיווען אין רוסלאַנד.

א דאַנק דיזער סיסטעם, פארנעמט איצט רוסלאַנד אין באַצוג צו קאָאָפּעראטיווען דעם ערשטען פּלאַץ אין דער וועלט: אין 1917 זיינען שוין אין רוסלאַנד געווען 16,057 קאָאָפּעראטיווע קרעדיט־בענק און 20 טויזענד קאָנסום־פאראיינען.

וועגען קאָאָפּעראטיווע קרעדיט־בענק וועלען מיר נאָך רעדען אין א באַזונדערען קאַפּיטעל.

דרייצעהנטער קאפיטעל.

# זאכען, וואָס מען דאַרף נעהמען אין אנבאַטראַכט ביים גרינדען אַ קאָאָפּעראַטיוו.

## „ערפאהרענע” ביזנעס-לייט אלס מענעדזשערס.

עס איז אַן אייגענטימליכער פאקט, דאָס כמעט אַלע קאָאָפּע־ראַטיווע סטאָרס, וואָס זיינען אונטערגעגאַנגען פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר אין ניו יאָרק און אין אַ סך אַנדערע שטעדט, זיינען פאַרוואַלטעט געוואָרען פון ערפאהרענע געשעפטס-לייט — פער־זאָנען, וועלכע האָבען שוין פאַר זיך אַליין געהאַט געשעפטען, און זיינען דאַריבער באַקאַנט מיט אַלע טריקס און הינטערוועגלעך פון דער אַלגעמיינער ביזנעס-וועלט. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז מען האָט אַזעלכע ערפאהרענע ביזנעס-לייט שטענדיג געמוזט צאָהלען גוטע שכירות. און דאָס, אייגענטליך, וואָס די פאַרוואַלטערס זיינען געווען ערפאהרענע ביזנעס-לייט, האָט מיטגעבראַכט, אַז די קאָאָפּע־ראַטיווען זאָלען... וואָס שנעלער אונטערגעהן.

אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אין אַנדערע לענדער איז שוין פון לאַנג אָן פאַראַן אַ סענטימענט געגען אָנשטעלען געוועזענע ביזנעס-לייט אין אַ קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעמונג. כמעט אַלע מענעדזשערס פון די דאָרטיגע קאָאָפּעראַטיוון זיינען אַזעלכע וואָס האָבען קיינמאָל ניט געהאַט קיין ביזנעס פאַר זיך אַליין, נאָר האָבען אין גאַנצען באַקומען זייער ערפאַהרונג אינערהאַלב די קאָאָפּעראַטיוון.

און אַזוי פיהרען זיך ניט נאָר די לאָקאַלע קאָאָפּעראַטיוון, די קלענערע קראָמען, נאָר זאָגאַר אַ סך קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל־סאָסייעטיס, ווי, למשל, די ענגלישע, וועלכע מאַכען מיליאָנען דאָלער אַ יאָהר אומזאַץ.

עס איז אויך אַ גוט באַקאַנטע טאַטזאַכע, דאָס „ערפאהרענע” ביזנעס-לייט ווערען ערשט דאַמאָלס טעטיג אין אַ קאָאָפּעראַטיווע

געזעלשאפט, ווען זיי דערשמעקען, אז דער קאָאָפּעראַטיוו קען ווערען א „פּעאינג פּראָפּאָזישאָן“, אז עס וועט זיין פון וואנען אָפּצולעקען א ביינדעל. עס איז אויך באקאנט, דאָס ווי נאָר די געוועזענע ביזנעס־לייט הויבען אָן צו ווערען אקטיוו אין א קאָאָפּעראַטיוו, פארנעמען זיי באלד דעם אויבען־אָן און באקומען די הויפּט־דעה, ווייל דער דורכשניטליכער ארבייטער האָט שטענדיג א געוויסען אפּשיי פאר א ביזנעס־מאַן, וועלכער „ווייס אלעס“ אויפ'ן ביזנעס־געביט.

און ווי נאָר די „ערפאהרענע“ ווערען מיטגליעדער פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס אָדער מענעדזשערס, דאן קען מען שוין מיט זיכערהייט זאָגען, דאָס דער קאָאָפּעראַטיוו איז פארלאָרען, ווייל א קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג טאָר קיינמאָל ניט אָנגעפיהרט ווערען, אין דעם זעלבען גייסט און מיט די זעלבע מעטאָדען, ווי א פּריוואַטע אונטערנעמונג. עס ליגט שוין אין דעם כאראקטער פון א ביזנעס־מאַן שטענדיג אביסעל צו פעלשען די קוואליטעט און די קוואנטיטעט.

פון דער אנדער זייט, ווידער, איז וויכטיג, אז די יענינע, וועלכע נעמען זיך אונטער צו פארוואלטען א קאָאָפּעראַטיוו, זאָלען באזיצען א ג ע װ י ס ע קאָמערציעלע ערפאהרונג, — עס פארשטעהט זיך, ניט פון דעם מין, פון וועלכע די ביזנעס־וועלט באשטעהט.

אין ענגלאנד, רוסלאנד און דייטשלאנד זיינען פאראַן ספּעציעלע שולען און קאלעדזשעס פאר קאָאָפּעראַטיווע מענעדזשערס און אָנגעשטעלטע.

זעלבסטפארשטענדליך, אז די מענעדזשערס דארפען זיין גוט באקאנט מיט דעם כאראקטער פון די ביזנעס. דאָס מיינט אָבער ניט צו זאָגען, אז אום צו זיין א מענעדזשער אין א בעקעריי, למשל, מוז מען זיין נאָר א בעקער; אין א רעסטאָראַן — נאָר א געוועזענער רעסטאָראַן־קיפּער, אדער א וועיטער. וואס א מענעדזשער מוז האָבען איז — געוויסע א ל ג ע מ י י נ ע ג ע ש ע פ ט ס־ פ ע ה י ג ק י י ט ע ן.

## אָרגאניזירען דעם מאַרקעט.

קיין קאָאָפּעראַטיווע אָרגאניזאציע זאָל ניט עפענען קיין סטאָר

פריהער, ווי זי האט ארגאניזירט דעם מארקעט, עס הייסט, די מיטגלידערשאפט.

עס איז ניט ראטזאם פאר א קאאפעראטיוו זיך צו פארלאזען אויף צופעליגע קונים. דער ערפאלג פון די דייטשע קאאפעראטיוען, למשל, קען מען ביז א געוויסען גראד צושרייבען צו דעם, וואס זיי פארלאזען זיך ניט אויף אפשר. אין בערלין, צ. ב., ווערט א קאאפעראטיוו געעפענט מייסטענס אויף אזא אופן: ווען עטליכע מיטגלידער פון א באשטימטען דיסטריקט ווילען האבען א קאאפעראטיווע סטאר, ארגאניזירען זיי צוערשט דעם דיס־טריקט, און עפענען די סטאר ערשט דאן, ווען זיי קריגען לכל הפחות 200 מיטגלידער, וועלכע פארפליכטען זיך צו קויפען אין דער קאאפעראטיווער סטאר.

ניט איין אידישע קאאפעראטיווע גראסערי סטאר איז פאר די לעצטע עטליכע יאהר אונטערגעגאנגען צוליעב דעם, וואס דיזער עלמנטארער אמת איז פארלעצט געווארען.

## וועהלען די מיטגליעדערשאפט.

ניט פון קיין קלענערער וויכטיגקייט איז די ארט און ווייזע פון וועהלען און ארגאניזירען די מיטגליעדערשאפט, בפרט נאך ביים אנפאנג, ווען די ארגאניזאציע איז קליין. כמעט אין קיין באוועגונג קען די מיטגלידערשאפט ניט פארשאפען אזוי פיעל אונאנגענעמליכקייטען ווי אין א קאאפעראטיווע ארגאניזאציע. און ביים אריינגעמען מיטגליעדער מוז מען דאריבער זיין זעהר פארזיכטיג.

ביים אריינגעמען א מיטגליעד זאלט איהר איהם ניט צוזאגען קיין איבריגע גליקען, ווייל ביים ערשטען אונגעלונגענעם שריט וועט ער ווערען ענטטוישט און וועט פארלירען דעם גאנצען צו־טרויען צו אייך.

רעקלאמעס, אדווערטייזמענטס און צו שרייענדע ווינדאו־שאוס זיינען שטענדיג שעדליך פאר א קאאפעראטיווע אונטערנעמונג. די אייראפעאישע קאאפעראטיווען האבען א גרויסען טייל פון זייער ערפאלג צו פארדאנקען זייער ערנסטקייט און באשיידענקייט. **באשיידענקייט** איז ניט נאר א גוטע מידה, נאר אויך א **נויטווענדיגקייט** פאר א קאאפעראטיווע געזעלשאפט.

דער בעסטער פונדאמענט פאר א קאאפעראטיוו זיינען ניט די

יעניגע מיטגליעדער, וועלכע פאַרשטעהען די פּרינציפּען פון קאָאָפּעראציע, נאָר די, וועלכע זיינען באקאנט מיט די ש ט ע ר ו נ ג ע ן און ש ו ו ע ר י ג ק י י ט ע ן, וואָס א קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונג האָט דורכצומאכען אויפ'ן וועג צו ערפאָלג. און פון דעם איינענטליך, ווי אזוי די מיטגליעדער שטעלען זיך פאַר זייער אַרביים, העננט אָפּ דער ערפאָלג פון א קאָאָפּעראטיוו.

פאַר'ן נייעם מיטגליעד זאָלט איהר ניט מאָלען דעם קאָאָפּעראטיוו בלויז אַלס א גוטע ביזנעס־אָרגאַניזאַציע; און, איהר מוזט איהם אויך שטענדיג אָנווייזען אויף די א י ד ע א ל ע זייט פון קאָאָפּעראַציע. ווארים, ווי שוין געזאָגט, איז א קאָאָפּעראטיווע סטאָר ע פּ ע ס מ ע ה ר ווי א געוועהנליכע ביזנעס־אונטערנעמונג. דאָס איז גיכער א קליינער עקספּערימענט, ווי אזוי אומצוענדערען אונזער איצטיגע געזעלשאַפט.

פאַנגט ניט אָן צו גרינדען אייער קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונג דורך א מאַסמיטינג. ווייל אויף א מאַסמיטינג קומען פאַרשידענע עלעמענטען, וואָס איהר קענט קיינמאָל ניט וויסען זייערע אבזיכטען. מען דאַרף שטענדיג אין זינען האָבען, אַז וואָס קלענער די אָרגאַניזאַציע, אַלץ פאַרזיכטיגער מוז מען זיין מיט'ן אריינגעמען מיטגליעדער.

## קאָמיטעס.

ערוועהלט ניט צופיעל קאָמיטעס אין אייער קאָאָפּעראַציע, הויפּטזעכליך ווען אייער פאַראיין איז נאָך קליין. א קאָאָפּעראציע טאָר ניט האָבען צופיעל „דעה זאָגערס" און מוז זיין ווי ווייט מעגליך קאָנצענטרירט. א באָארד אָוו דירעקטאָרס (א פּארוואַלטונגס־ראַט) איז דאָס רוב גענוג פאַר א קליינע געזעלשאַפט. די באָארד אָוו דירעקטאָרס קען זיך, נאַטירליך, נאָכדעם איינטיילען אין סאָב־קאָמיטעס.

עס טויג ניט, ווען צופיעל קאָמיטע־לייט גיבען „אָרדערס" דעם מענעדזשער. די באָארד אָוו דירעקטאָרס פאַרלירט דורך דעם שנעל איהר רעפּוטאַציע, און די אונטערנעמונג—אָפּטמאָל א גוטען מענעדזשער.

אין אייערע קאָמיטעס זאָלט איהר ניט ערוועהלען לייטע מיט קרינגערישע נאַטורען, סתם „קיקערס". אויב איהר זעהט, אַז איינער „רייסט זיך גלאַט אויף די גלייכע ווענד", דאַן ציהט איהם בעסער

צוריק פון דער קאָמיטע. אמת'ע קריטיק, נאטירליך, איז שטענדיג אם פּלאַץ.

## אַ סיסטעם.

גלייך אין אנפאנג פון דער ארבייט מוזט איהר האָבען אַ ס י ס ט ע ם אין אייער געשעפטס־פיהרונג. די ביכער מוזען געפיהרט ווערען פּינקטליך און ווי ווייט מעגליך אויך א י י נ ־ פ א ך, אזוי, אז די באָארד אָוו דירעקטאָרס זאָל זיי אויך קענען פארשטעהען.

יעדע סטאָר דארף שטענדיג וויסען, וויפיעל ארטיקלען זי האָט אין סטאָק, און וויפיעל זי דארף באַשטעלען.

די באָארד אָוו דירעקטאָרס דארף האָבען וועכענטליכע סטייט־מענטס וועגען דעם צושטאנד פון דער אונטערנעמונג. זי מוז שטענדיג וויסען, צי דער געשעפט גיט ריוח אָדער מען לעגט צו איהם צו. די מיטגליעדער דארפען קריגען לכל הפּחות איין מאָל אין יעדע דריי מאָנאטען אַ פּ ו ל ע ן ב א ר י כ ט וועגען דער אונטערנעמונג. כמעט אין אַלע קאָאָפּעראטיווען ווערט דיזער באריכט געדרוקט און פארנאנדערגעשיקט צו די מיטגליעדער.

פארגעסט ניט : דאָס איז אַ קאָאָפּעראציע, און אַלע מיט־גליעדער מוזען וויסען דעם פּ ו ל ע ן אמת. באהאלטען פון די מיטגליעדער דעם אמת הייסט פיהרען דעם קאָאָפּעראטיוו צום אונטערגאנג.

די אונטערנעמונג מוז שטענדיג אזוי אוועקגעשטעלט ווערען, דאָס עס זאָל זיין אַ שטענדיגע קאָנטראָלע איבער איהרע הוצאות און הכנסות.

געדענקט שטענדיג דעם ביבלישען שפּרוך : „אַ לאָך רופט דעם גנב"...

די אָנגעשטעלטע אין די קאָאָפּעראציעס מוזען זיין ה ע כ ע ר פ ו ן י ע ד ע ן פ א ר ד א כ ט.

פיעלע קאָאָפּעראציעס זיינען אונטערגעגאנגען נאָר אַ דאנק זייער „לויזע" סיסטעם.

זאָלען אייערע ביכער געפיהרט ווערען פון פאך־לייט, און איהר וועט ניט האָבען קיין אונאנגענעמליכקייט.

די שוואכקייט פון פיעלע קאָאָפּעראטיווע סטאָרס באַשטעהט אין זייער מעטאָדע פון בוך־פיהרונג, בעסער געזאָגט, פון דעם, וואָס

זיי האָבען ניט קיין מעטאָדע. אַן אַלטער שפּריכוואָרט זאָגט: „איין שוואַך רינגעלע מאכט די גאנצע קייט שוואך". אַ שוואַכע סיסטעם פון בוך־פיהרונג מאכט די גאנצע סטאָר שוואַך. בלויז איינינע פון אונזערע מענעדזשערס קענען אייך זאָגען דעם ריכטיגען נעט פּרייז פון די פּראָדוקטען, וואָס עס קאָסט די דעליוועריז, און וויפיעל עס קאָסט די פארוואלטונג. אין פיעלע פעלע איז שווער אויסצוגעפינען צי די סטאָר מאכט פּראָפיטען, אָדער זי ברייננט פארלוסטען. די אונטערזוכונג פון דעם פינאנציעלען צושטאנד איז אונפּאָלקאָם.

## פערצעהנטער קאפיטעל.

# קליינינקייטען וואָס פאַרשאַפען גרויסע צרות.

אַ באוואוסטער אַמעריקאנער קאָאָפעראטאָר — דאָנקאן מעקדאָנאַלד — דריקט זיך אומגעפעהר אַזוי אוים וועגען די אַמעריקאַנער קאָאָפעראטיוועו :

מיר לעזען אָפט אין קאָאָפעראטיווע און אין אנדערע זשורנאַלען באַגייסטערנדע ארטיקלען וועגען אויסגעצאָהלטע דיווידענדען, וועגען פאַרגרעסערטע געשעפטען, און ווי אויך וועגען דעם, ווי אַזוי מיר שניידען דורך קאָאָפעראציע די פרייזען פון לעבענס־מיטלען, — און מיר ווערען שטאָלץ. דיזע ארטיקלען ערמוטיגען מענשען אָנצופאַנגען אַ סטאָר אָהן דעם נויטיגען קאַפּיטאַל, אָהן די נויטיגע לאָיאַליטעט, אָדער אָהן אַ גענינגענדער צאָהל מיטגליעדער, וואָס זאָל מאַכען דעם ערפאָלג זיכער. און דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ הויבט זיך גלייך אין אנפאנג אָן. לאָמיר דאריבער וואַרנען אַלע די וועלכע פלאַנעווען דיזען שריט, ניט צו מאַכען די פעהלערען, וואָס האָבען טהיילוויז צוריקגעהאַלטען די קאָאָפעראַטיווע באַוועגונג אויף פיעלע יאָהרען...

אין פאַרלויף פון פאַרגאַנגענעם יאָהר (1918) האָבען מיר באַזוכט 80 אָדער 90 קאָאָפעראטיווע סטאָרס. און וועהרענד דאָס רוב פון זיי זיינען געווען ערפאָלגרייך, זיינען אָבער די מייסטע פון זיי אין געוויסע צייטען געשטאַנען אין געפאַהר אונטערצוגעהן. ווייל די אורזאַכען זיינען געווען : מאַנגעל אין קאַפּיטאַל און אין געשעפטס־ערפאַהרונג ; אונוויסענהייט וועגען קאָאָפעראַציע און קיין סיסטעם אין דער בוך־פיהרונג ; די מיטגליעדער אַליין האָבען ניט פּאַטראָניזירט זייער אייגענע אונטערנעמונג ; אונאָרענטליכע און אונפעהיגע מענעדזשערס ; שמוציגע ניט־אַנציהענדע סטאָרס ; שאַרפע קאָנקורענץ, א. ד. גל. דאָס זיינען אַלץ אורזאַכען, וואָס בלויז א י נ ע פון זיי איז גענוג אויף צו פאַראורזאַכען דעם אונטערגאַנג פון דער בעסטער סטאָר.

לאָמיר בקיצור פאַרגלײַכן דיִ פאַרשידענע אורזאַכען פון מיסערפאָלג, וואָס מיר האָבען פריהער אויסגערעכענט.

צו ווייניג קאַפּיטאַל. — כדי צו מאַכען דעם קאָאָפּעראַטיוו „לייכט" און „אַנציהענד", האָבען געוויסע געזעלשאַפטען אָנגעפאַנגען מיט דעם, וואָס זיי האָבען געקראָגען אָדער געליהען צו 10 דאָלער פון יעדען מיטגליעד. לאָמיר זיך פאָרשטעלען, למשל, אַז 100 פערזאָן האָבען געגעבען צו 10 דאָלער יעדער, עס איז געוואָרען 1000 דאָלער, אויף וועלכע זיי האָבען איינגעריכטעט א סטאָר. 4, 5 אָדער 6 הונדערט דאָלער איז אַוועק אויף מעבעל (פּוירניטשור) און אַנדערע קלייניגקייטען. דאַן דאָס איינריכטען פון דער דעליווערי: פערד, וואָגען, א. ז. וו. וואָס מען נעמט גאַנץ אָפט אויף אויסצאָהלען. און ווען עס קומט צו קויפען די סחורה, איז קוים געבליבען נאָך עטליכע הונדערט דאָלער.

קומט איהר צום האָלסיילער, זאָגט ער אייך, אַז ער גיט אייך די סחורה אויף 30 טעג, אויב איהר ענטזאַגט זיך פון די 2 פּראָצענט, וואָס ער גיט געוועהנליך אַרונטער פון חשבון, ווען איהר קויפט, פאַר קעש. נו, געוויס, ניט האָבענדיג גענוג געלד, לאָזט איהר די 2 פּראָצענט פאַלען, און איהר נעמט די פּראָדוקטען אויף 30 טעג ציים. דאָ האָט איהר שוין פאַרלאָרען 2 פּראָצענט. די 30 טעג קומען אָן, און איהר דאַרפט צאָהלען דעם ביל. דאָ פאַנגען זיך אייגענטליך אָן אייערע שוועריגקייטען, ווייל איהר האָט נאָך ניט די גאַנצע געלד, וויפיעל אייער ביל באַטרעפט. דער האָלסיילער וויל אָבער פון קיין זאַך ניט וויסען, ער פאַרלאַנגט די גאַנצע געלד. איהר רופט א מיטינג פון די שער־האָלדערס, ווייל איהר מוזט האָבען מעהר געלד. עס הויבט זיך אָן צו צייגען אונצופרידענהייט. מאַנכע פון די מיטגליעדער פאַרלאָזען אייך גאָר אין גאַנצען און פאַנגען אָן קויפען אין אַן אַנדער סטאָר, און די אמת'ע צרות הויבען זיך ערשט אָן.

אָדער, אַן אַנדער ביישפּיעל: איהר האָט הונדערט מיטגליעדער, און פאַר טויזענד דאָלער סחורה. יעדער איינער וויל אָבער נעמען אויף באָרג אויף 50 דאָלער, ביז וואַנען ער קריגט זיינע שכירות. און ווען אַלע קומען נעמען די סחורה, כאַפּט איהר זיך, אַז עס פעהלט אייך אויס איין אַרטיקעל, אָדער א צווייטער, און דער מיטגליעד מוז שוין געהן קויפען אין אַן אַנדער פּלאַץ. אלזאָ, וואָס זעהט איהר דאַן? אַז איהר קענט ניט האָבען א סטאָק פון

פינף טויזענד דאָלער סחורות, ווען אייער קאַפּיטאַל האָט בלויז באַטראָפען 1000 דאָלער. דער סוף איז, אַז עס פאַנגט זיך אָן אַ „רייסעניש" צווישען די מיטגליעדער, און עס פאַרשווינדט די האָפנונג צו ראַטעווען די שיף פון אונטערגאַנג.

אָדער שטעלט זיך פאָר, אַז איהר האָט שוין געהאַט גענוג קאַפּיטאַל, נאָר ביי אייער באָארד אָוו דירעקטאָרס און דעם מענע־דזשער האָט געפעהלט געשעפטס־ערפאַהרונג. עס איז געקומען צו אייך אַ „גוטער" סיילסמאַן, און ער האָט אייך אָנגעפּאַקט אַ סטאָר מיט אַרטיקלען, וואָס וועט אייך נעמען אַ יאָהר אָדער צוויי, איידער איהר וועט זיי אויספאַרקויפען. איהר קענט אָבער אַזוי לאַנג אַזוי פיעל סחורה ניט האַלטען, מוזט איהר שניידען די פּריי־זען, כדי אביסיל פּטור צו ווערען פון אייער איבערגעפּילטען סטאָק. דאָ האָט איהר ווידער ענטדעקט אַ נייע עפּענונג, דורך וועלכע די בייזע וואַסערען קומען אַריין אין אייער קאָאָפּעראַטיווער שיף.

און ווידער אַמאָל, לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אַז מיר האָבען שוין גענוג קאַפּיטאַל און אַ גוטע געשעפטס־פאַרוואַלטונג. באַשטעהט אָבער די מיטגליעדערשאַפט פון אַזאַ עלעמענט, וואָס יאָגט זיך נאָך מציאות. עס ציהט די מעמבערס צו די „באַרגיינס", וואָס אַ מיסטער דזשאָנס, אַ מיסטער סמיטה, אָדער אַ מיסטער ליוואַי פאַרקויפט. למשל, יעדער סטאָר האָט אַ געוויסען אַרטיקעל, וואָס פאַרקויפט זיך ביליגער. די געשעפטס־לייט רופען עס אַ „לידער". איינער פאַרקויפט צוקער אויף קאָסט־פּרייז, און מאַנכעס מאָל פאַר ווינציגער, ווי איהם קאָסט אַליין. אַן אַנדערער פאַרקויפט אויף אַזאַ שטייגער מעהל, אָדער וועלכען־ניט־איז אַרטיקעל. די מיט־גליעדער, דערזעהענדיג, אַז דאָרטען אין יענעם סטאָר איז אַ געוויסער אַרטיקעל ביליגער, לויפען זיי אַהין. זיי ווייסען ניט, אַז דאָס איז בלויז אַ פּאַסטקע אַריינצונאַרען דעם קויפער. אַזוי מאַכען זיי רייך דעם פּריוואַטען אונטערנעמער, און זייער אייגענע סטאָר פאַרנאַכלעסיגען זיי אויפצובויען. זיי זיינען צו קורצזיכטיג צו זעהען זייערע אייגענע אינטערעסען. אַזעלכע מיטגליעדער מוז מען ספּעציעל בילדען און לערנען וועגען „דער צוקונפט פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג."

און ווייטער, אויב איהר האָט אַ באָארד אָוו דירעקטאָרס, וואָס איז נאַכלעסיג אָדער אונוויסענד, קען דער מענעדזשער צושטעלען גלענצענדע באַריכטען וועגען גוטע פּראָפיטען, וועהרענד אין דער

אמת׳ען דערלעגט זי גאָר געלד. עס קען גאָר זיין, אז דעם מענע־דזשער׳ס פאַרזיכערונגס־באַנד איז שוין לאנג אויסגעגאנגען, אז זיינע ביכער זיינען אין אַ שלעכטען צושטאנד, און אז ער וואַרט נאָר אויף אַ גינסטיגע צייט צו מאַכען אַ „ויברח“, איבערלאָזענדיג אין דער אונטערנעמונג בלויז די אנדענקונג פון אַ שלעכטער רעפּוטאַציע...

שאַרפע קאָנקורענץ איז אַ זאַך, וואָס איהר וועט געווים באַגע־גענען איבעראַל. געוויסע קאָמפּאַניעס אונטער פאַרשידענע נעמען, זיינען אַלע גרייט צו מאַכען גוטע געשעפטען. שוין ניט רעדענדיג פון די קאָמפּאַניעס, וועלכע באַשעפטיגען אַ סך מענשען און גיבען זיי אויף באָרג ביז דעם טאָג וואָס מען צאָהלט זיי אוים די שכירות: אַזעלכע קאָמפּאַניעס רעכענען שטענדיג וואָס פאַר אַ פּרייזען זיי ווילען נאָר. מאַנכע פון זיי האָבען אַ גאַנצע קייט („טשעין סטאָרס“) פון געשעפטען איבער׳ן גאַנצען לאַנד. זיי, נאַטירליך, וועלען קיינ־מאָל ניט לייזען די פראַגע פון דעם שטייגענדען קאָסט אויף לעבענס־מיטעל. דער איינציגער אויסוועג איז: אז מיר אַליין זאָלען האָ־בען אונזער אייגענע קייט פון סטאָרס, און מיר זאָלען קויפען אונ־זערע סחורות אויף דעם זעלבען שטייגער, ווי זיי טוען עס.

שמוציגע און ניט אַנציהענדע סטאָרס זיינען שטענדיג אפּשטוי־סענד. די סטאָר, וואָס וויל מאַכען געשעפטען, מוז האָבען ניט נאָר געוויסע אַרטיקלען צו פאַרקויפען, נאָר אויך אַן אויסזעהן, וואָס זאָל צוציהען קונים. אין פיעלע פלעצער האָבען מיר גע־טראָפען מענשען, וועלכע האָבען אונז געזאָגט: „מיר וואָל־טען באמת געגליכען צו קויפען ביי אייך אין סטאָר, עס זעהט אבער דאָרט אויס ניט אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זיין“.

## פופצעהנטער קאפיטעל.

# פאַרוואַלטונגס־פּראָבלעמען.

אין די פריהערדיגע קאפיטלען האָבען מיר שוין געזעהען, וואָס פאר א באדייטענדע ראָלע דער מענעדזשער שפּיעלט אין א קאָאָפּע־ראטיווער אונטערנעמונג. מיר האָבען געזעהן, אז פון איהם העננט פאקטיש אָפּ א גרויסער טייל פון דער עקזיסטענץ פון דער קאָאָפּע־ראציע.

איצט ווילען מיר זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען די אָנגע־שטעלטע פון די קאָאָפּעראטיוועז בכלל.

די ארבייטער־פראגע איז זעהר א דעליקאטע און קאָמפּליצירטע ביי אַלע קאָאָפּעראציעס. דיזע פראגע ווערט ריכטיג באצייכענט אין דער קאָאָפּעראטיווער וועלט אלס „די אָנגעוועהטאָגטער פּראָב־לעם". די אורזאכען, פאר וואָס די ארבייטער פראגע איז מעהר קאָמפּליצירט ביי די קאָאָפּעראטיוועז, ווי ביי די פּריוואטע אונטער־נעמערס, קענען בקיצור אזוי איבערגעגעבען ווערען:

די קאָאָפּעראציעס זיינען געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס, ארבייטער־פאראיינען, און זייערע אָנגעשטעלטע מוזען דאריבער בעסער באהאנדעלט ווערען — בעסער ווי אין קאפּיטאליסטישע אונערנעמונגען. דאָס איז קלאָר. אָבער, ליידער, זיינען די קאָאָפּע־ראטיווען באגרענעצט אין זייער פרייגיביגקייט, וואָרים זיי מוזען זיך רעכענען מיט די ארומיגע באדינגונגען, מיט די מארק־פּרייזען, א. ד. גל. זיי האָבען דאריבער ניט קיין מעגליכקייט צו געבען דעם ארבייטער „זיין פולען לוין פאר זיין ארבייט". די ארבייטער, ווידער, פון זייער זייט, וויסענדיג, אז דאָס איז א קאָאָפּעראציע, ניט קיין פּריוואטע אונטערנעמונג, ווילען אויך האָבען געוויסע פאָרציגע פון קאָאָפּעראטיוו, און ניט זעלטען, עפּעס מעהר ווי „געוויסע פארציגע", אדער אין פשוט'ע ווערטער גערעדט, — זיי נוצען גאנץ אָפּט אוים די קאָאָפּעראציע פאר זייער אייגענעם צוועק. ווי מיר זעהען, אלזאָ, מוזען געוויסע קאָנפליקטען פאָרקומען זאָגאר בלויז פון פּסיכאָלאָגישען שטאנדפּונקט.

פון דער פּראקטיק ווייסען מיר, אז קאָאָפּעראטיוועז

באהאנדלען שטענדיג בעסער זייערע אנגעשטעלטע, ווי קאפי־טאליסטישע אונטערנעמער. אבער, ליידער, קען מען דאס ניט זאגען אויף די ארבייטער. דער פאקט, אז דאס איז א קאאפעראַ־טיווע אָרגאניזאציע, גיט זיי אפט צו קאמפס־חשק צו פארלאנגען וואס מעהר. ניט איין קאאפעראטיוו האט זיך צוליעב דעם געמוזט פארמאכען. די ארבייטער פארגעסען גאנץ אפט, אז א קאאפע־ראציע ווערט ניט געגרינדעט מים׳ן צוועק צו געבען זיי וואס מעהר. דאס איז די אויפגאבע פון דער טרייד־יוניאן. דער הויפט־ציעל פון דער קאאפעראציע איז דער ק א נ ס ו מ ע ר און ניט דער ארבייטער.

נאך יאהרען פון פראקטיק און פארשידענע עקספערימענטען האבען די קאאפעראטיווען ביי זיך אויסגעארבייט געוויסע כללים, ווי אזוי צו פארלייכטערן דיזע אנגעוועהטאגטע פראבלעם.

דער ערשטער כלל פון יעדען קאאפעראטיוו מוז זיין: שטרענ־גע יוניאן־באדינגונגען. די ארבייטער מוזען גענומען ווערען פון דער יוניאן, און זייערע שכירות מוזען זיין יוניאן־שכירות. דארט, וואו עס איז גיטא קיין יוניאן (א נאן־יוניאן טרייד), דארפען די ארבייטער פון די קאאפעראציעס קריגען די בעסטע באדינגונגען און שכירות — לויט די אומשטענדען.

די קאאפעראציעס מוזען שטענדיג זיין די בעסטע מוסטערען פאר ארבייטער־באדינגונגען. אויפ׳ן קאאפעראטיוו קוקט מען פון אלע זייטען — ספעציעל די פריוואטע אונטערנעמער. דאס זאל מען שטענדיג אין זינען האבען ביים איינארדנען די ארבייטער באדינגונגען.

אויב עס קומט פאר א סטרייק אין א פאך, אין וועלכען די קאאפעראטיוווען זיינען אויך טעטיג, מוזען די קאאפעראטיווען זיין די ערשטע נאכצוגעבען די פאדערונגען. עס איז, נאטירליך, פיעל בעסער שטענדיג צו פ א ר מ י י ד ע ן א סטרייק. א קאאפעראטיוו געווינט ק י י נ מ א ל נ י ט פון א סטרייק.

כמעט אין אלע לענדער, וואו עס זיינען נאר פאראן קאאפע־ראציעס, ווערען א ל ע סכסוכים געשליכטעט דורך אן אומפאר־טייאישען קאמיטעט (באארד אוו ארביטריישאן). ארבייטער, וועלכע רופען ארויס א סטרייק אין א קאאפעראטיוו, שאדען זיך פונקט אזוי פיעל, ווי דעם קאאפעראטיוו.

די קאאפעראציעס דארפען זיין דיא בעסטע פראפאגאנדיסטען

פאַר יוניאָן־ארבייטער, פאַר דעם יוניאָן לייבעל, א. ד. גל. די יוניאָנס, ווידער, מוזען זעהען צו קאָנטראָלירען די ארבייטער, אז זיי זאָלען ניט שטערען דעם נאָרמאלען גאנג פון די קאָאָפּעראַטיוועז.

אין ענגלאנד, דייטשלאנד און רוסלאנד ווערט די פּארוויקעלטע ארבייטער־פּראַגע טיילוויז געלעזען דורכדעם, וואָס די קאָאָפּעראַציעס האָבען ספּעציעלע שולען צו ערציהען אָנגעשטעלטע פאַר זייערע אונטערנעמונגען. אין דיזע סקולס לערנט מען זיי ניט בלויז דעם פאַך, נאָר אויך די געשיכטע און די אידעאַלען פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, די געגענוואַרט און צוקונפט פון קאָאָפּעראַציע. די ארבייטער ווערען שטופּענווייז ערצויגען צו קוקען אויף קאָאָפּעראַציע ניט ווי אויף א געוועהנליכע געשעפטס־אונטערנעמונג, ניט ווי אויף א גוטע מעלקעדיגע קוה, נאָר ווי אויף אן אידעאַל — אן אידעאַל, וואָס פאָדערט אויך געוויסע אנשטרענגונג און אָפּפער. די סטודענטען, וואָס האַלטען אָם בעסטען אויס זייער עקזאַמען, ווערען שטענדיג פאָרגעצויגען.

אין ענגלאנד און אין רוסלאנד זיינען איצט אויך פאַראַן ספּעציעלע אווענד־שולען, זומער־שולען פאַר קאָאָפּעראַציע. עס האַלטען זיך אין גרינדען אויך ק א א פ ע ר א ט י וו ע א ו נ י־ וו ע ר ז י ט ע ט ע ן.

די ארבייטער פון די ענגלישע קאָאָפּעראַטיוועז האָבען אויך א ספּעציעלען פאַרבאַנד (א חוץ זייערע רעספּעקטיווע יוניאָנס), וועלכער דיענט אַלס פאַרמיטלער צווישען זיי און די קאָאָפּעראַציעס.

אייניגע באַוואוסטע קאָאָפּעראַטאָרס — צווישען זיי אויך וו י ל י א ם מ א ק ס וו ע ל, דער פּרעזידענט פון די שאָטלענדישע קאָאָפּעראַטיוועז — זיינען מיט דער מיינונג, אז אָם בעסטען וואָלט די ארבייטער־פּראָבלעם אין די קאָאָפּעראַציעס געלעזט געוואָרען דורכדעם, וואָס מען וואָלט איינגעפיהרט א פּראָפיט־שערינג סיסטעם (ד. ה., געבען א געוויסען פּראָצענט פון ריינעם פּראָפיט צו די ארבייטער). אין מאנכע קאָאָפּעראַטיוועז ארבייט דיזע סיסטעם זעהר גוט. דאָס רוב קאָאָפּעראַציעס זיינען אָבער געגען דיזען סיסטעם.



ש ו ל צ ע־ד ע ל י ט ש.

**דער גרינדער און פארשפרייטער פון די דייטשע קאאפעראטיווע קרעדיט־בענק.**

זעכצעהנטער קאפיטעל.

# פארשיעדענע פארמען פון קאאפעראציע.

## קאאפעראטיווע קרעדיט־בענק.*)

ווי מיר האבען שוין געזעהען אין די פריהערדיגע קאפיטלען, שפיעלען די קאנסום־פאראיינען (קאאפעראטיווע סטארס) די וויכטיגסטע ראלע אין דער קאאפעראטיווער באוועגונג, און זיי זיינען פאקטיש די ווינקעל־שטיינער פון דיזער באוועגונג. אבער ווי וויכטיג די קאנסום־פאראיינען זאלען ניט זיין, זיינען זיי פונדעסטוועגען נאר איינע פון די פיעלע פארמען פון קאאפעראציע. אין די פאלגענדע קאפיטלען וועלען מיר זיך דאריבער אפשטעלען אויף די וויכטיגסטע פארמען פון קאאפעראציע, ווי אויך אויף די יעניגע פארמען, וועלכע האבען א נאהענטע שייכות מיט די קאנסום־פאראיינען.

* * *

דעם וויכטיגסטען פלאץ, נאך די קאנסום־פאראיינען, פארנעהמען די קאאפעראטיווע קרעדיט־בענק. שוין אזוי פריה ווי אין 1869, אויף איינעם פון די ערשטע קאאפעראטיווע קאנגרעסען אין ענגלאנד, איז באשלאסען געווארען, אז די קאאפעראציעס זאלען גרינדען באנק־און קרעדיט־געזעלשאפטען, וואס זאלען דיענען אלס הילפס־מיטלען פאר די פאראיינען און ווי אויך פאר אינדיווידועלע מיטגליעדער. קיין גרויסען ערפאלג אבער האבען די געגרינדעטע קרעדיט־געזעלשאפטען ניט געהאט, און מיט דער צייט האט זיי דער „קאאפעראטיווער האלסייל בענקינג דעפארטמענט" איינגאנצען איינגעשלונגען. אין 1909 האבען 909 קאאפעראטיווע געזעלשאפטען געהאט פארבינדונגען מיט דעם באנק־דעפארטמענט פון דער קאאפעראטיווער האלסייל, און די פראפיטען פון דיזען דעפארטמענט האט דעם זעלבען יאהר באטראפען 170,520 דאלער.

*) זיי זיינען אויך באקאנט אונטער די נעמען: „קרעדיט יוניאנס", „פאלקס־בענק", „לייה־און־שפאר־קאסעס", א. ד. גל.

קרעדיט איז דער הויפּט־פונדאמענט, אויף וועלכען אונזער מאָדערנע קאָמערציעלע געביידע האלט זיך. אָהן קרעדיט קען זיך ניט באַגעהן ניט נאָר דער קליינער קרעמער אָדער פאבריקאנט, נאָר אויך די גרעסטע קאָמפּאַניע פון דער וועלט. מיט קרעדיט מוזען זיך באַנוצען די אייזענבאהנען־מאַגנאַטען, טעלעגראף־קאָמ־פּאַניעס, א. ז. וו. קרעדיט איז דער צעמענט פון היינטיגען עקאָ־נאָמישען לעבען.

און עס שטעלט זיך א פראַגע: אויב די גרעסטע קאָמפּאַניעס און טראָסטס עקזיסטירען דאָס רוב נאָר א דאנק דעם, וואָס זיי האָבען געלד אין די בענק, וואו דער ברייטער עולם לייגט אריין זיינע אָפּגעשפּאָרטע סענטען, טאָ פאר וואָס זאָלען די ארבייטער ניט קענען אויסנוצען זייערע אייגענע געלדער פאר זיך גופא? פאר וואָס זאָלען די ארבייטער דורך זייערע שווער פארהאָרעוועטע פּאָר דאלער העלפען אויפבויען אונטערנעמונגען, פון וועלכע זיי ווערען נאכדעם אליין אונטערדריקט?

און די ערשטע סאָציאַליסטען און ארבייטער פריינד האָבען טאקע געבויט זייערע סאָציאַליסטישע פּלענער אויף דער מעגליכ־קייט אויסצונוצען דעם קרעדיט פון די ארבייטער פאר די ארבייטער אליין. לאסאַל, למשל, האָט געהאָפט, אז דורך שטאַאַטסקרעדיט וועט ער האָבען א מעגליכקייט צו פאר־ווירקליכען זיין פּלאַן וועגען ארבייטער־אסאָציאַציעס און אויף אזא אופן צו לעזען די סאָציאַלע פראַגע.

אויך דער פראנצויזישער סאָציאַליסט־אַנארכיסט פּרודאָן האָט פיעל האָפנונג געלעגט אויף די קרעדיט־בענק. ער האָט געדענקט, דאָס דורך א פאָלקס־באַנק, וועלכער זאל פארזארגען דעם ארבייטער מיט פרייען קרעדיט און דינען אלס אָפּזאַץ־פּלאַץ פאר זיי־נע פּראָדוקטען, וועט מען אין גאַנצען קענען אָפּשאַפען געלד אלס טויש־מיטעל און באַזייטיגען דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָפּיט. ארבייטס־צייט, האָט ער ערקלערט, וועט דינען אלס מאָס פון ווערט. אַן ארבייטער וועט בלויז דארפען אויסבייטען זיינע פּראָדוקטען אויף די פּראָדוקטען פון אנדערע ארבייטער, נאָר ניט אָנקומענדיג צום קאַפּיטאַליסט.

פּרודאָן׳ס לעהרע איז נאַטירליך ניט מעהר געבליבען ווי א לעהרע: ענדערען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט דורך

אזעלכע פאָלקס־בענק איז, אין בעסטען פאַל, אַן אוטאָפּיע, א שעהנער חלום.

אויף ראָבערט אוען האָט פאָרגעשלאָגען צו גרינדען ארבייטער־בענק („לייבאָר עקסטשענדזשעס"), וואו ארבייטער זאָלען קענען אויסבייטען זייערע פּראָדוקטען אויף נויטיגע לעבענס־מיטלען, אום דורך דעם זיך צו באפרייען פון קאפּיטאליסטישען יאָך.

עס זיינען געמאכט געוואָרען א היבשע ביסעל עקספּערימענטען אויף דיזען געביט, פיעלע בענק זיינען געגרינדעט געוואָרען, אָבער קיינער פון זיי האָט ניט געהאט קיין לאנגע יאָהרען. די אורזאכע, פאַר וואָס דיזע בענק האָבען ניט געהאט קיין לאנגען קיום, איז פּונקט געווען די זעלבע ווי פון די ערשטע קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונגען — דער מאנגעל פון א ריין־געשעפטליכער באזיס, פון א געזונדען קאָמערציעלען פּרינציפּ.

דער גורל צו זיין די אמת'ע באגרינדער און פּיאָנערען פון דיזער באוועגונג איז געפאַלען אויף די דייטשען. שולצע־דעליטש און רייפאייזען, און אויף דעם איטאליענישען־אידישען שטאאטס־מאַן לואידזשי לוצצאטי. זיי האָבען דאָס אוועקגעשטעלט די קאָאָפּעראטיווע קרעדיט־באוועגונג אויף א געשעפטליך־וויסענשאפטליכען באזיס.

שולצע איז געווען א ריכטער אין דעם שטעדטעל דעליטש (ער ווערט דאריבער גערופען שולצע־דעליטש). אין 1848, אין דעם שטורמישען רעוואָלוציאָנערען יאָהר, איז ער גערופען געוואָרען אלס פאַרטרעטער צו דער דייטשער נאציאָנאלער פאַרזאמלונג. ער האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין א הייסער ליבעראל, וואס האָט זאנאר געליטען פאַר זיינע אידעען. זיין גאנצע ענערגיע האָט ער אָבער אָפּגעגעבען אויף פאַרשפּרייטען קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונגען צווישען אָרימע קלאסען. און אויף דיזען געביט איז ער געווען פאַרהעלטניסמעסיג ערפאָלגרייך.

דעם ערשטען באנק האָט ער געגרינדעט אין 1848 אין זיין אייגענער שטעדטעל. ער האָט זיך אָבער ניט באגרענעצט מיט זיין שטעדטעל און איז ארומגעפאָהרען איבער'ן גאנצען לאנד און פאַרשפּרייט זיינע אידעען. אין 1859 איז איהם שוין געלונגען צו פאַראייניגען א סך בענק און אנדערע קאָאָפּעראציעס אונטער

איין פארבאנד מיט'ן נאמען : „אלגעמיינער פארבאנד פון געווערב און פוןווירטשאפטליכע גענאָסענשאַפטען". אין 1867 איז איהם געלונגען דורכצופיהרען א גינסטיגען געזעץ פאר קאָאָפּע־ראציע אויף אין פרייסען.

דער פארבאנד איז געוואקסען מיט אן אומגעהייערע שנעלקייט, און ער האָלט נאָך אין וואקסען : אין 1859 האָט דער פארבאנד געהאט 80 קרעדיט־פאראיינען מיט 18,676 מיטגלידער, און אין 1910 האָט ער שוין געצעהלט צוויי טויזענד קרעדיט־פאראיינען מיט 645,342 מיטגליעדער.

לויט דער אויסערליכער פאָרמע אונטערשיידען זיך די שולצע־דעליטש בענק ניט שטארק פון די געוועהנליכע בענק. שולצע־דע־ליטש בענק נעהמען אריין געלדער פון מיטגלידער פאר מיטגליד־שערס און אָפּגעשפּאָרטע געלדער ; טשעק אקאונטס ; דעפּאָזיטס פון עפּענטליכע געלדער, א. ז. וו. געלד גיבען זיי ארויס צו מיטגלי־דער ענטוועדער דירעקט אלס הלואה אָדער אלס באשטימטען קרע־דיט, מיט וועלכען דער מיטגליד קען זיך באנוצען. אויף דיסקאָנ־טירען די בענק וועקסלען פון מיטגלידער. אלס פארזיכערונגס־מיטלען פאר די חובות נעמען זיי אָן : משכנות ; גוט־זאָגונגען פון אנדערע מיטגלידער ; א מאָרטגיידזש ; א וועקסעל, א. אז. וו.

דורכשניטליך באָרגען די בענק אויס : אָהן שום פאָרזיכע־רונג — 3 פּראָצענט ; אויף גוט־זאָגען פון מיטגלידער — 77 פּראָצענט, און אויף משכנות — 20 פּראָצענט.

די שולצע־דעליטש בענק זיינען אָבער ניט קיין ריין ארבייטער־פאראיינען, און צו זיי באלאנגען אויך : קרעמער, לאנד־אייגענטי־מער, קליינע בעלי מלאכות, א. ד. גל.

דער צוּוואוקס פון זייער קאפּיטאל ווערט באשאפען דורך די אינטערעסט, וואָס זיי רעכענען פאר די הלואות (מיט 1.5 פּראָ־צענט מעהר ווי די באנק אליין צאָהלט). זייערע דיווידענדען באטרעפען פון 5 ביז 7 פּראָצענט, און זיי ווערען פארטיילט אין א רעזערוו־פאָנד ; הוצאות ; בילדונגס־פאָנד, און אין דיווי־דענדען צו די מיטגליעדער.

עס איז אָבער פאראן א גרויסער אונטערשיעד צווישען די קרעדיט־בענק און די פּריוואטע בענק. דער לייהער אין א קאָאָפּעראָ־טיווען באנק איז דער מיטגליד, איינער פון די בעלי בתים, און ער פיהלט זיך דאריבער ניט ערנידריגט ביים מאכען די הלואה :

ער דאַרף ניט אָנקומען צו פילאַנטראָפּיע — זיין פּאַראיינס־חבר זאָגט פאַר איהם גוט; מאָרגען קען זיין וועט ער גוט־זאָגען פאַר זיין חבר. די פּריוואַט באַנק אָבער רעכענט זיך ניט מיט'ן שוואַכען, מיט'ן נויטבאַדירפטיגען. די קרעדיט־בענק, אַלזאָ, פלאַנצען אויך איין פריינדשאַפט און סאָלידאַריטעטס־געפיהלען ביי זייערע מיטגלידער.

פאַר א בעסערען טיפּ קרעדיט־בענק, פאַר מעהר אידעאַלע פאַראיינען האַלט מען די ר י י פ א י י ז ע ן ־בענק.

ר י י פ א י י ז ע ן איז געווען א דייטשער קאָאָפּעראַטאָר, וועלכער האָט ביז 1862 אויספּרובירט פאַרשידענע קאָאָפּעראַטיווע פּלענער און אונטערנעמונגען. אָבער זיינע אַלע עקספּערימענטען האָבען געהאַט א גאַנץ קליינעם ערפאָלג. צום סוף האָט ער אין יאָהר 1862 אָרגאַניזירט די ערשטע באַנק־געזעלשאַפט, באַזירט אויף'ן קרעדיט פון צוויי אָדער דריי פּערזאָנען. ער האָט געגלויבט, אַז יעדער גרופּע פאַרמערס (זיינע בענק זיינען כמעט אַלע פאַרשפּרייט צווישען די פּויערים), פון א געוויסער שכנה'שאַפט דאַרף האָבען א אייגענע קאָאָפּעראַטיווען באַנק, וועלכער זאָל געבען הלוואות נאָר אויף דער גוט־זאָגונג פון עטליכע מיטגליעדער.

רייפאייזען'ס טעאָריע איז געווען, אַז אויב מען קען נאָר געפינען צוויי מענשען, וועלכע ווילען גרינדען אַזאַ באַנק, דאַרף די אַרבייט שוין געטאָן ווערען: איינער דאַרף זיין פּרעזידענט, און דער צווייטער סעקרעטער־טרעזשורער...

די רעגירונג האָט זיך אָבער אריינגעמישט און געמאַכט א געזעץ, אַז מיט ווייניגער ווי 7 פּערזאָן טאָר אַזאַ באַנק ניט געגרינדעט ווערען.

אויך האָט די רעגירונג געמאַכט א געזעץ, אַז די מיטגליעדער מוזען ארויסנעמען שערס. אָבער די קאָאָפּעראַציעס האָבען זיך אַן עצה געגעבען, און האָבען ארויסגעלאָזען שערס, ניט מעהר ווי צו 2 אָדער 3 דאָלער א שטיק. מאנכע בענק האָבען געמאַכט זייערע שערס זאָגאַר צו אַזא נידריגען פּרייז, ווי, למשל, צו איין סענט אין אונזער געלד...

כמעט די איינציגע הוצאה, וואָס אַזא קאָאָפּעראַטיווע באַנק האָט, איז דעם סעקרעטער'ס שכירות. די „עפישענסי" און שפּאַרזאַמקייט פון אָט דיזע בענק איז וואונדערבאַר. דער געוואַלטיגער ערפאָלג קען אילוסטרירט ווערען מיט פאָלגענדע ציפערען: מיט

פיער יאָהר צוריק זיינען אין דייטשלאַנד געווען 16 טויזענד אַזעלכע בענק, מיט אַ־מיטגליעדערשאַפט פון איין מיליאָן זעקס הונדערט טויזענד. די הלואות צווישען זייערע מיטגליעדער האָבען באַטראָפען — 50 מיליאָן דאָלער.

די 6 מיליאַרד מארק וואָס די רייפאייזען בענק קאָנטראָלירען אין דייטשלאַנד, האָבען געענדערט דעם אַגריקולטורעלען־און פארם־אופן פון דייטשלאַנד. דער געווינס פאַר די פויערים איז גאָר ניט אָפּצושאַצען.

די רייפאייזען בענק זיינען געגרינדעט אויף קליינע מיטגליעדער־שערס, און קיינע דיווידענדען צאָהלען זיי ניט. די פּראָפיטען געהען אין אַ רעזערוו־און בילדונגס־פאָנד, וועלכע באַלאַנגען צו קיינעם ניט און זיינען אַ ל ג ע מ י י נ ע א י י ג ע נ ט ו ם.

די הכנסות פון דיזע בענק זיינען: איינטריטס־צאָהלונגען; דעפּאָזיטס און שפּארונגען פון מיטגליעדער. הלואות ווערען געגעבען צו מיטגליעדער, אויב שכנים זאָגען פאַר זיי גוט. דיזע בענק באַשעפטיגען זיך אויך מיט העלפען מיטגליעדער קויפען און פאַרקויפען הייזער אונטער גוטע באַדינגונגען.

עס עקזיסטירט אין דייטשלאַנד נאָך אַנאַנדער טיפּ בענק, און דאָס זיינען די ד ע ־ ה א אַ ז בענק, וועלכע זיינען אַ מאָדיפיצירונג פון דעם רייפאייזען טיפּ.

אַלע פאַרשידענע פאָלקס־בענק ווערען פאַראייניגט אין צענטראַלע און דיסטריקט קערפּערשאַפטען. עס טרעפט זעהר אָפט, אַז אין איין באַנק ליגט געלד אָהן שום נוצען, בעת אין די אַנדערע נויטיגט מען זיך אין געלד. אַ צענטראַל באַנק האָט דאַריבער די מעגליכקייט דיזע אונטערשיידע אויסצוגלייכען. אַ צענטראַל באַנק פאַרזאָרגט די פּלעצער, וואו עס פעהלט געלד, מיט די סומען פון די בענק, אין וועלכע עס איז דאָ אַ איבערפלוס. דערביי קענען געמאַכט ווערען גרויסע ספּעקולאַציעס אין מסחרים, וואָס קליינע בענק זיינען ניט אימשטאַנדע צו טאָן. די צענטראַלע בענק האַלטען אויף אַ גלייכען פּראָצענט דערמיט, וואָס זיי טראַנספערירען קאַפּיטאַלען פון איין פּלאַץ אין אַ צווייטען.

די קרעדיט־בענק זיינען פאַראייניגט אין פאַרבאַנדען; די שולצע־דעליטש בענק זיינען פאַרבונדען אין אַן „אַלגעמיינעם

פאַרבאַנד", די רייפאַייזען בענק — אין א „לאַנדס־פאַרבאַנד" און די דע־האַאַז בענק אין „רייכס־פאַרבאַנד".

פאַר די „לאַנדס־פאַרבאַנדען" איז דער פּרייסישע באַנק (געגרינ־דעט פון דער רעגירונג) דער צענטראַל באַנק. פאַר דעם „אַלגעמיינעם פאַרבאַנד" איז דער דרעזדענער באַנק, איינער פון די אַנגעזעהענ־סטע אין לאַנד, די צענטראַלע אינסטיטוציע.

דער אַלגעמיינער פאַרבאַנד האַלט אָפּ יעהרליכע קאָנגרעסען.

די פאָלקס־בענק פון אַנדערע לענדער אונטערשיידען זיך גאַנץ ווייניג פון די דייטשע.

די איטאַליענישע פאָלקס־בענק, געגרינדעט פון ל ו אַ י ד ז ש י ל ו צ צ אַ ט י, פאַרנעמען זעהר א וויכטיגען פּלאַץ אין איטאַליען. לוצצאַטי, זייענדיג אין ענגלאַנד אין זיינע יונגע יאָהרען, איז שטאַרק באַגייסטערט געוואָרען פון די „פרענדס" סיסטעם פון קרעדיט הלוואות. ווען ער איז צוריקגעקומען נאָך איטאַליען, האָט ער גע־האָלפען איינפיהרען די סיסטעם. די פאָלקס־בענק, לויט דיעזער סיסטעם, גיבען הלוואות פאַרלאָזענדיג זיך הויפּטזעכליך אויפ'ן כ אַ ר אַ ק ט ע ר פון באָרגער. אין אָנפאַנג האָט מען פון לוצ־צאַטי'ס סיסטעם חוזק געמאַכט, אָבער גאַר אין גיכען האָט מען זיך ארומגעזעהן, אַז זי איז זעהר אַן אויסגעהאַלטענע און באַגרינדעטע.

דער מילאַנער באַנק, וואו לוצצאַטי איז געווען דער הויפּט־אַקציאָנער, רעכענט זיך איצט פאַר'ן גרעסטען פאָלקס־באַנק אין איטאַליען. לוצצאַטי האָט דורך זיין רעדנער־קראַפט און פערזענ־ליכען איינפלוס פיעל מיטגעווירקט, דאָס הונדערטער פאָלקס־בענק זאָלען זיך גרינדען אין איטאַליען. די איטאַליענישע פאָלקס־בענק זיינען מעהר דעמאָקראַטיש ווי די דייטשע. די פאַרוואַלטונג באַשטעהט פון אַן עקזעקוטיוו, דיסקאַונט און קאָנטראָל קאָמיטע, — ניט ווי אין דייטשלאַנד, וואו זי באַשעהט פון פאָרשטאַנד פון דריי פערזאָן. הלוואות ווערען געגעבען אויך צו ניט־מיטגליעדער, אויב זיי זיינען נאָר מיטגליעדער פון פריינדליכע פאַראיינען. די איטאַ־ליענישע קרעדיט־בענק זיינען פאַרבונדען מיט פאַרשיעדענע קאָ־אָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, — וועלכע זיי העלפען ארויס מיט געלד.

באַגרינדעט אויף איין דאָלער א שער און גלייכע שטים־רעכט

פאַר יעדען, — האָבען די קאָאָפּעראַטיווע בענק א סך פאַרבעסערט דעם צושטאַנד פון די אָרימע פּאָלקס־מאַסען.

דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק פון מילאַן און די הייזער, וועלכע ער האָט אויפגעבויט, זיינען דער בעסטער באַווייז פון די גרויסע נוצען, וואָס דער איינצעלנער קען קריגען דורך דיזע פּאָלקס־בענק.

אויך אין ר ו ס ל א נ ד פאַרמעהרען זיך קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־בענק. אין 1914 זיינען אין רוסלאַנד געווען 12,751 קרעדיט־, לאַאָן־און שפּאַר־געזעלשאַפטען. אין 1917 האָט זייער צאָהל שוין דערגרייכט 16,057. זייער צאָהל האַלט אין איין וואַקסען. די א י ד י ש ע שטעדט אין רוסלאַנד צייגען אַרויס א פיעבערהאַפטע טעטיגקייט אויף דיזען געביט. די אידען אין רוסלאַנד צייגען פאָרלויפיג אַרויס א שטאַרקערע נייגונג צו די קרעדיט־בענק, ווי צו אירגענד וועלכער אנדער פאָרם פון קאָאָפּעראַציע. די אידישע קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־בענק ווערען אויך געשטיצט פון די איק"א.

די קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־בענק זיינען שוין היינט־צו־טאָג פאַרשפּרייט כמעט איבער דער גאַנצער וועלט. זאָגאַר אין אינדיען און אין עגיפּטען פאַרנעמען זיי שוין אַן אַנגעזעהענעם פּלאַץ. עס איז אויסגערעכענט געוואָרען, אַז עס זיינען שוין איצט דאָ אויף דער וועלט איבער 65 טויזענד פּאָלקס־בענק., וועלכע צעהלען 15 מיליאָן מיטגליעדער און מאַכען א יעהרליכען אומזאַץ פון 7 טויזענד מיליאָן דאָלער ($7,000,000,000).

אויך אין די פאַראייניגטע שטאַאטען הויבט זיך שוין אָן א טעטיגקייט אויף דיזען געביט.

אין 1909 האָט די לעדזשיסלייטשור פון מאַסאַטשוסעטס סטייט די ערשטע אַנערקענט די קאָאָפּעראַטיווע פּאָלקס־בענק, און היינט זיינען זיי שוין אַנערקענט אויך אין די שטאַאטען: ניו יאָרק, נאָרד קאַראָליינא, רהאָוד איילענד, טעקסעס, קאַליפאָרניא, ניו העמפּשייר און וויסקאָנסין. קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט בענק עקזיסטירען אָבער אויך אין פיעלע אנדערע שטאַאטען. מען גיט אָן, אַז היינט־צו־טאָג אָפּערירען שוין איבער 120 קרעדיט־יוניאָנס. א היבשע צאָהל האַלטען זיך אויך אין גרינדען.

אויך די אידען אין אמעריקא האָבען זיך א נעהם געטאָן צו קאָאָפּעראַטיווע בענק. די אידישע פאַרמערס האָבען שוין באַוויזען צו גרינדען אַן ערך 20 אַזעלכע בענק. אייניגע פון זיי באַשעפטיגען זיך אויך מיט קאָנסום־קאָאָפּעראַציעס. פון די שטעדטישע

אידישע קרעדיט־יוניאָנס איז ווערט צו דערמאָנען די ניו יאָרקער „קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט יוניאָן“ (124 דעלענסי סט.), וועלכע צעהלט איבער 400 מיטגליעדער און טוט זעהר גוטע ארבייט. די טוערס פון דיזער קרעדיט געזעלשאפט זיינען באוואוסטע אידישע קאָאָפּעראַטאָרס, וועלכע טראָגען זיך ארום מיט פּלענער צו גרינדען אַ אידישען קאָאָפּעראַטיווען פאָלקס־באַנק.

אין די פאראייניגטע שטאאטען איז אויסער דעם פאראַן אַ גאנץ באזונדערער טיפּ פון פאָלקס־בענק. דאָס זיינען די „בילדינג ענד לאָן אססאָסיאיישאָנס“. אין דער צייט, וואָס די אייראָפּעאישע פאָלקס־בענק באזאָרגען זייערע מיטגליעדער מיט קרעדיט, באשעפטיגען זיך די אמעריקאנער „בילדינג ענד לאאן אססאָסיאיישאָנס“ דערמיט, וואָס זיי באזאָרגען זייערע מיטגליעדער מיט מיטלען צו קויפען אייגענע הייזער. אזעלכע געזעלשאפטען געפינען זיך אין פאראייניגטע שטאאטען ארום 5,350 (אין 21 שטאאטען לויט די באריכטען פון לייבאָר דעפּאַרטמענט). די געזעלשאפטען צעהלען קארגע צוויי מיליאָן מיטגליעדער און באזיצען אַ קאפּיטאל פון איבער 7 הונדערט מיליאָן דאָלער.

אָרגאַניזירט זיינען זיי אויף אַ אייגענאַרטיגען שטייגער. די מיטגלידער, אַ חוץ וואָס זיי קויפען שערס, דארפען אויך צאָהלען דיוס די גאנצע צייט פון זייער מיטגלידערשאפט. ווען איינער פארפעהלט צו צאָהלען דיוס, דארף ער נאָך איינצאָהלען שטראף. ווען עס קלייבט זיך אָן גענוג געלד אין דער קאַסע, זיינען די מיטגלידער בארעכטיגט צו ווערען באזארגט מיט געוויסע סומען פאר הייזער. דערביי פיהרט זיך, דאָס אויב ס'זיינען דאָ אייניגע בעלנים אויף אַ לאָאַן, קריגט דאָס דער יעניגער, וועלכער צאָהלט איין די גרעסטע פּרעמיומס. די געקויפטע הויז געפינט זיך אונטער דער פאַרזיכערונג פון דער אססאָסיאיישאָן. דער באַטרעפענדער מיטגליעד צאָהלט דיוס, ביז די געלד דעקט די הלואה, און דאַן ווערט ער אויס־מיטגליעד.

אַ דאַנק אַלפאָנס דעזשאַרדען פארשפּרייטען זיך די קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־בענק אויך אין קאַנאַדאַ. דער ערשטער קאָאָפּעראַטיוו קרעדיט־באַנק איז דאָרט געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1900, מיט אַ קאַפּיטאל פון 26 דאלאר. און היינט געפינען

זיך שוין דאָרט איבער 150 קרעדיט־בענק מיט גרויסע קאַפּיטאַלען און מיט זעהר אַ וואַקסענדען איינפלוס. *)

* * *

דער ווערט פון די קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־בענק איז ניט לייכט אָפּצושאַצען. אַ חוץ זייער אידעאַלען און ערציהערישען ווערט, האָבען זיי נאָך דעם ווערט, וואָס די מיטגלידער קריגען פון זיי אויך ב אַ ל ד י ג ע נוצען. טויזענדער פאַמיליעס זייַנען דורך זיי געראַטעוועט געוואָרען פון הונגער־נויט, און אונצעהליגע פאַמיליען־דראַמעס זיינען דורך זיי פאַרהיט געוואָרען. טויזענדער קאָאָפּעראַטיווען זיינען ענטוועדער דירעקט געגרינדעט געוואָרען, אָדער זיינען געשטיצט געוואָרען מיט הלואות אָט פון די קרעדיט־בענק. מיט דיזע בענק קענען זיך באַנוצען קליינע בעלי־מלאכות, קרעמער, פאַרמערס און — מעהר פון אַלע — אַרבייטער (אַלס אַ קלאַס).

אַ קרעדיט־יוניאָן, ווען זי איז קליין, אָפּגעזונדערט פון די איבריגע, קען ניט האָבען קיין שום געזעלשאַפטליכע באַדייטונג. פּונקט ווי די איינצעלנע קאָנסום־פאַראיינען קענען ווייניג־וואָס אויפטאָן, אויב זיי זיינען נאָך ניט פאַראייניגט אין גרעסערע פאַרבאַנדען, אין האָלסיילס, אַזוי קענען אויך די איינצעלנע קרעדיט־בענק גאָר ניט אויפטאָן, כל זמן זיי זיינען ניט פאַראייניגט אין צענטראַלע פאַרבאַנדען — אין פּ אָ ל ק ס ב ע נ ק!

שטעלט זיך פאָר וואָס די קרעדיט־בענק וואָלטען אויפגעטאָן ווען אַלע יוניאָנס, אַרבייטער־רינג ברענטשעס און אַלע אַנדערע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס וואָלען דעפּאָזיטעט זייערע געלדער ניט אין פּריוואַטע, נאָר אין די קאָאָפּעראַטיווע בענק, פאַראייניגט אין אַ גרויסען קאָאָפּעראַטיווען פּאָלקס־באַנק! מיר ווייסען אַלע גאַנץ גוט, דאָס אַ סך סטרייקס זיינען פאַרלאָרען געגאַנגען בלויז דערפאַר, וואָס די מיטגליעדער האָבען ניט געקענט „אויסהאַלטען" — עס האָבען אויסגעפעהלט פינאַנציעלע מיטלען. פרייען צוטריט צו די בענק האָבען נאָר די פאַבריקאַנטען, און ניט די יוניאָנס,

---

*) מעהר אייגצעלהייטען וועגען קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט בענק און אויך, ווי אַזוי זיי צו גרינדען, קען מען קריגען ביי דער „פעדעראַציע פון אידישע קאָאָפּעראַטיווען אין אַמעריקא", ניו יאָרק.

הגם דאָס געלד אין די בענק ווערט דאָס רוב אָנגעזאַמעלט און צוזאַ־מענגעשטעלט פון די שווער־פאַרהאַרעוועטע ארבייטער דאָלערס. איז עפּעס א וואונדער, וואָס די באָסעס קענען זיך ערלויבען אַזוי לאַנג צו שטעהן אין סטרייקס? זיי באַנוצען זיך פּשוט מיט די אָפּגעשפּאָרטע געלדער פון די ארבייטער. דאָס הייסט, אַז מיט אייער אייגען געלד שלאָגט מען אייך, און מען אונטערדריקט אייך. דאָס זעלבע טוט דער לענדלאָרד, וועלכער בויט אוים הייזער אויף אייערע אָפּגעשפּאָרטע געלדער, וואָס ער נעמט אין די בענק, און נאָכהער ווארפט ער אייך ארויס פון דיזעלבע הייזער, ווען איהר צאָהלט איהם ניט גענוג דירה געלד. דאָס זעלבע טוט אויך דער קרעמער און אלע אנדערע פון דער סוחר'ישער וועלט: זיי באָרגען אייער געלד פון בענק, און מאכען נאָך דעם אַזוי פיעל פּראָפיטען פון אייך, דאָס זיי גיבען אפּ די געבאָרגטע געלד מיט פּראָצענט און עס בלייבט נאָך ביי זיי א היבשע סומע.

א פּאָר הונדערט קרעדיט־בענק, פאראייניגט אין א פעדעראַציע וואָלטען געשאַפען א גרויסען פאָלקס־באַנק, וואו די ארבייטער־אָרגאַניזאַציעס וואָלטען געקראָגען זייער קרעדיט. דאָס וואָלט געשאַפען א גרעסערען רעספּעקט צו זיי. אין צייט פון א סטרייק אָדער פון א וואהל־קאמף וואָלט מען ניט בעדארפט ארומגעהן מיט פּושקעס און סובסקריפּשאָן־ליסטען, בעטען נדבות מיט א רחמנות־פּנים, דעמאָנסטרירען אונזער שוואכקייט פאַר די רייכע און אוועק־נעמען דעם קאַמפּס־מוט פון אונזערע רייהען. ניין, מיר וואָלטען זיך דאַן געווענדעט צו די פאָלקס־בענק און געשלאָגען דעם פאַר־אייניגטען קאפּיטאַל מיט **אונזער** קאפּיטאַל. ווען די באָסעס וואָלטען געוואוסט, אַז אונטער דער יוניאָן שטעהט נאָך א פעסטונג — די פאָלקס־בענק, וואָלטען זיי גאַנץ זיכער ניט געווען אַזוי „קאַמפּס לוסטיג", ווי זיי זיינען איצט.

א סך ארבייטער נעמען אלע זייערע זאַכען אויף „אינסטאָל־מענטס", אויף אפּצאָהלונגען. זיי ווייסען גאַנץ גוט, אַז זיי צאָהלען דאָפּעלטע פּרייזען. אָבער וואָס קענען זיי זיך העלפען? זיי האָבען פּאָרט ניט דעם נויטיגען קאַפּיטאַל צו קויפען פאַר באַארעס געלד. אנדערש איז אבער מיט די יעניגע ארבייטער, וועלכע באַלאַנגען צו קרעדיט־יוניאָנס. זיי באָרגען זיך אוים די נויטיגע סומע אין זייער פאראיין און דארפען ניט איבערצאָהלען קיין דאָפּעלטע פּרייזען.

די קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־בענק מוזען געהן האַנד־אין־האַנד מיט די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־פאַראיינען. דאָס זיינען צוויי טיילען פון איין דעם זעלבען גוף. ווי מיר האָבען געזעהן גרינ־דען אין מאַנכע ערטער די קאָנסום־פאַראיינען קאָאָפּעראַטיווע בענק, און אין אַנדערע ערטער, ווידער, גרינדען די קאָאָפּעראַטיווע בענק קאָנסום־פאַראיינען. דאָרט ווי דיזע ביידע טיילען זיינען אַם בעס־טען ענטוויקעלטע, מאַכט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג דעם שנעלסטען פּראָגרעס.

זיבעצעהנטער קאפיטעל.

# פראָדוקטיווע קאָאָפעראַציעס.

## 1. די אידעע פון קאָאָפעראַטיווע שעפער.

זינט 1831 גרינדען זיך אין פראנקרייך, בעלגיען, ענגלאנד, איטאליען און דייטשלאנד פארשידענע גרעסערע און קלענערע אר־בייטער פאראיינען, וועלכע עפענען ווערקשטאטען אויף צו פראָדו־צירען געוויסע פראָדוקטען פאר'ן מארקעט. די מיטגלידער צוטיי־לען זיך נאכהער מיט די פראָפיטען פון די פארקויפטע פראָדוקטען. פארוואלטעט ווערען דיזע ווערקשטאטען פון די ארבייטער אליין.

דער צוועק פון די שעפער איז א דאָפעלטער: ערשטענס, צו באזייטיגען א סך שוועריגקייטען, וואָס שטערען דעם איינ־צעלנעם ארבייטער, וועלכער ארבייט אליין אויס זיינע פראָדוקטען צו פארקויפען; און צווייטענס, מיט דער צייט אויך איינצו־פיהרען א בעסערע און מעהר עהרליכערע סיסטעם אין אונזער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט.

מיט איין קלאפ האָבען זיך די מיטגליעדער פון דעם קאָאָפע־ראטיווען ווערקשטאט באפרייט פון זייערע בעלי־בתים און גלייכ־צייטיג האָבען זיי אויך פאר זיך באקומען א ברייטע מעגליכקייט צו קריגען דעם פולען ווערט פון זייער ארבייט. און די טעאָרעטיקער פון יענער צייט האָבען גע'טענה'ט: אויב עטליכע ארבייטער האָבען באוויזען דורך געוויסע אנשטרענגונגען אויסצוקומען אָהן בעלי בתים, טאָ וואָרום זאָלען מיר ניט עפענען אזעלכע שעפער אין אלע פאכען און במילא פטור ווערען פון גאנצען קאפיטאליזם? און אזעלכע האָפנונגען אויף די קאָאָפעראטיווע שעפער האָבען געלעגט ניט נאָר סאָציאליסטען, נאָר אויך פראָמינענטע עקאָנאָמיס־טען. און די דאָזיגע סאציאליסטען און עקאָנאָמיסטען האָבען באשפראָכען פארשידענע אופנים ווי אזוי צו מאכען מעגליך די גרינדונג פון אזעלכע אינדוסטריעלע אָרגאניזאציעס. אין געוויסע פעלע קענען ארבייטער פון פארשידענע אינדוסטריען צוזאמענ־

לעגען זייערע איינענע אָפּגעשפּאָרטע געלדער און עפענען אַ קאָאָפּעראַטיווע שאַפּ; אין אנדערע פעלע קען זיין מעגליך צו קריגען געוויסע סומען ביי פילאַנטראָפּען. עס קען זיך סתם אמאָל טרעפען דאָס אַ געוויסער קאַפּיטאַליסט זאָל וועלען אויפגעבען זיין פאַבריק, אַזוי, דאָס די ארבייטער זאָלען איהר איבערנעמען און מיט דער צייט איהם אויסצאָהלען די באַטרעפענדע סומע מיט געוויסע פּראָצענטען.

ארבייטער קענען ווערען די בעלי בתים פון אַ געוויסער „דזשאָינט סטאָק קאָמפּאַניע“ דורך דעם וואָס זיי וועלען איינציגווייז אויסקויפען איהרע שערס. אויך קענען די ארבייטער ווירקען, אַז די רעגיערונג זאָל זיי אויסבאָרגען געוויסע סומען אויף קאָאָפּעראַטיווען, אין וועלכע זי זאָל אויך מאַכען איהרע באַשטעלונגען. און וואָס גרעסער די ארבייטער קאָאָפּעראַטיווען וועלען זיין, וועלען זיי אין אַלץ מעהר פאַכען אריינדרינגען. און מיט דער צייט וועלען אויך די מינען, באַהנען, א. ד. גל., אינגאַנצען באַלאַנגען צו די ארבייטער גופא.

אַזעלכע אויסזיכטען און אידעען האָבען געהאַט ל ו א י ב ל אַ ן אין פראַנקרייך, פּ ע ר ד י נ א נ ד ל אַ ס אַ ל אין דייטשלאַנד. אויך אַ סך מאַרקסיסטען אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבען זיך יאָהרען־לאַנג ארומגעטראָגען מיט אַזעלכע חלומות, ווי אַזוי צו ענדערען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט. דער סאָציאַליזם פון ר אָ ב ע ר ט א ו ע ן האָט זיך ספּעציעל געשטיצט אויף אַזעלכע פּלענער. עהנליך צו די דאָזיגע אינדוסטריעלע ארגאַניזאַציעס, אבער אין אַ גרעסערער און מעהר קאָמפּליצירטער פאָרם, איז אויך די מאָדערנע סינדיקאַליסטישע באַוועגונג.

פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס פאַרנעמען אַ אנגעזעהענעם פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער ארבייטער באַוועגונג בכלל און פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג בפרט.

## 2. פראַנקרייך.

פראַנקרייך איז דאָס קלאַסישע לאַנד, וואו עס זיינען געמאַכט געוואָרען די ערשטע פאַרזוכע צו פאַרווירקליכען די אידעע פון פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס. די דאָזיגע פאַרזוכע דארפען צוגעשריבען ווערען טיילווייז צו דער שריפטליכער פּראָפּאַגאַנדע און

טעאָריעס פון שאַרל פוריע, און טיילווייז צו דער פּראַק־
טישער פּראָפּאַגאַנדאַ פון היסטאָריקער פיליפּ ביושע.

דיזער היסטאָריקער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אין פּאַריז אין 1831 מיט דער הילפע פון עטליכע גוטע האַנדווערקער געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיווען טישלער שאַפּ. זיין פּלאַן איז געווען: אַלע אַרבייטער זאָלען קריגען גלייכע שכירות, און דער ריוח זאָל בלייבען אַלס קאָלעקטיוועס אייגענטום. אָבער דיזע ערשטע געזעלשאַפט האָט זיך צוליעב געוויסע אורזאַכען אין עטליכע חדשים אַרום אויפגעלעזט.

אין 1834 האָט ביושע געגרינדעט אַ ווערקשטאַט פון עטליכע דזשוּלערס, און דיזער האָט שוין געהאַט אַ בעסערען מזל. דער ווערקשטאַט האָט עקזיסטירט ביז 1848, און דאַן איז די געזעל־שאַפט, וואָס ער האָט איהר געפיהרט, איבערגעבויט געוואָרען, און נאָך עטליכע קאָאָפּעראַטיווע שעפּער זיינען פון איהר ענטשטאַנען, וועלכע האָבען עקזיסטירט ביז אַרום 1896.

אָבער מעהר פון פוריע און ביושע האָט פאַר די פאַרשפּריי־טונג פון קאָאָפּעראַטיווע שעפּער אויפגעטאָן לואי בלאַן. זיין פּלאַן איז געווען: געבען יעדען אַרבייטער פון קאָאָפּעראַ־טיווען שאַפּ שכירות, וואָס זאָל זיין פּראָפּאָרציאָנעל צו זיין פאַמיליע, און אויסער דעם אויך אַ גלייכען טייל פון די ריינע פּראָפיטען.

נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע אין 1848, ווען לואי בלאַן איז געוואָרען אַ מיטגליעד פון דער נאַציאָנאַלער אַסעמבלי (פּאַרלאַ־מענט), איז די אידעע פון קאָאָפּעראַטיווע שעפּער געוואָרען גאַנץ פּאָפּולער צווישען אַלע קלאַסען. אַן ערך פון צוויי הונדערט אַרביי־טער־געזעלשאַפטען זיינען אין יענער רעוואָלוציאָנערער צייט געגרינדעט געוואָרען: צוויי דריטעל האָבען זיך געפונען אין פּאַריז גופא, און פון זיי זיינען אַרום 80 געווען פּראָדוקציאָנס־געזעלשאַפ־טען. אין זעלבען יאָהר האָט די נאַציאָנאַלע אַסעמבלי אויך באַ־וויליגט דריי מיליאָן פראַנק אויף צו שטיצען די אַרבייטער־געזעל־שאַפטען און האַנדווערקער. אָבער מעהר ווי פּראָדוקטיווע קאָאָפּע־ראַטיווען האָבען פון דעם געלד ניט געקראָגען, און די איבעריגע געלדער זיינען פאַרטיילט געוואָרען צווישען די קליינע מייסטערס.

די אויסערליכע לאַגע פון די קאָאָפּעראַטיווע שעפּער, וואָלט אפשר געווען גאַנץ גינסטיג, אָבער צוליעב די פּאָליטישע גרויסע

שפּאַלטונגען און צאנקערייען האָבען זיך פּיעלע שעפּער געמוזט אויפלעזען. ווען עס האָט זיך אין 1854 אָנגעהויבען די רעאַקציע האָט די רעגירונג פאַרמאַכט אַ היבשע צאָהל פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַטיווען. פּונדעסטוועגען זיינען אין פּאַריז אַליין אין 1854 געווען ניט ווייניגער ווי 31 פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס, וועלכע האָבען געהאַט פון 5 ביז 190 אַרבייטער. אָבער אויך זיי זיינען ניט געווען באַשערט קיין לאַנגע יאָהרען: אַרום 1887 זיינען שוין געווען בלויז 17 פּראָדוקטיוו־געזעלשאַפטען.

אין 1880 האָט ב. ראַמפּאַל אוועקגעגעבען כמעט זיין גאַנץ פאַרמעגען פון 175,000 דאָלער, אַלס אַ הילפס־פאָנד פאַר די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס. מיט דעם האָט ער אַריינגעבלאָזען אַ נייע נשמה אין דער אָפּשטאַרבענדער באַוועגונג. אין 1881 האָט די פּאַריזער שטאָדט־פאַרוואַלטונג אָנגעפאַנגען צו מאַכען אַרבייט ביי די קליינע פּראָדוקטיוו־אַסאָציאַציעס אויף פאַרהאַלטניסמעסיג גוטע באַדינגונגען, און אין 7 יאָהר שפּעטער האָט דער אינערן מיניסטער באַווילינגט ספּעציעלע הנחות צו די פּראָדוקטיוו געזעלשאַפטען ביים שליסען קאָנטראַקטען פאַר רעגירונגס־באַשטעלונגען. פון 1893 אָן פלעגט די רעגירונג זאָגאַר געבען די קאָאָפּעראַטיווען קליינע סובסידיעס, אָדער הלוואות אָהן סעקיוריטים (בלויז אויף 2 פּראָצענט). אין 1914 צ. ב. ש., האָט די רעגירונג פאַר דיזען צוועק באַשטימט אַן ערך פון 75,000 דאָלער.

אין 1914 זיינען אין די פאַרשידענע צווייגען פון דער אינדוסטריע געווען רעגיסטרירט אַרום 500 פּראָדוקטיוו־געזעלשאַפטען, וועלכע האָבען צוזאַמען געהאַט אַן ערך פון 20 טויזענד מיטגלידער (שער האָלדערס). דיזע 500 קאָאָפּעראַטיווען האָבען באַשעפטיגט אַרום 25 טויזענד אַרבייטער, פון וועלכע בלויז דריי טויזענד זיינען געווען ניט קיין מיטגליעדער, נאָר איינפאַכע לוין־אַרבייטער. דער יעהרליכער אומזאַץ פון די קאָאָפּעראַטיווען, האָט באַטראָפען קרוב צו 15 מיליאָן דאָלער.

---

פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַטיווען ווערען געגרינדעט הויפּטזעכליך נאָר אין אַזעלכע צווייגען פון דער אינדוסטריע וואו זיי קענען אָנפאַנגען מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַל און עקזיסטירען אין אַ קליינעם מאַסשטאַב. דאָס זיינען נעמליך, די צווייגען וואו גרויס־מאַשינען ווערען נאָך זעלטען קנאַפּ אָנגעווענדעט, ווי צ. ב. ש., דעקאָרייטאָרס,

בוכבינדערס, פּיינטערס, שניידערס, א. ד. גל. כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלעלבע געזעלשאַפטען איז דאָס, וואָס זיי וואַקסען אויס זעהר שנעל און געהען אָפּט אונטער מיט דער זעלבער שנעלקייט. עס פּאַסירט ניט זעלטען, אז אין משך פון א וואָך ענטשטעהט פלוצלינג א פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציע, און אין צוויי וואָכען שפּעטער איז שוין פון איהר קיין זכר ניט געבליבען. נאָך 80 יאָהר עקספּערימענטען אויף דיזען געביט איבער גאַנץ פראַנקרייך, האָבען קוים קנאַפּע הונדערט קאָאָפּעראַטיוון געקענט עקזיסטירען 10 יאָהר, און נאָר אַרום 50 האָבען באוויזען זיך צו דערשלעפּען ביז 20 יאָהר. דאָס רוב זיינען ענטשטאַנען באַלד נאָך א סטרייק.

אזוי ווי דאָס זיינען אַלץ קליינע ווערקשטאַטען, נויטיגען זיי זיך אימער אין קאַפּיטאַל, און דאָס פיהרט צו דעם, אז זיי זאָלען ווערען ענטוועדער אָפּהענגיג פון פאַרשידענע פילאַנטראָפּען, וועלכע ווערען אין זיי סוף כל סוף די הויפּט דעה־זאָגערס ; אָדער זיי זאָלען באַקומען צו רעגירונגס־הלואות, אָדער צו דער הילפע פון מוניציפּאַליטעטען, — וואָס פאַרוואַנדעלט זיי אם ענדע אין ווילענלאָזע בעטלערס, וועלכע מוזען אַלעמען צופרידענשטעלען. פאַר די לעצטע 25 יאָהר זיינען זיי דאריבער אפט געשטיצט געוואָרען פון די רעגירונגס אויטאָריטעטען און קאָנסערוואַטיווע עקאָנאָמיסטען און דענקער. זיי זיינען דאריבער דאָס רוב פ י י נ ד ל י ך צו דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי און האָבען זעהר שוואַכע פאַרבינדונגען מיט די טרייד־יוניאָנס. אויסער דעם, זיינען די פאַרשידענע פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַטיווען אין גאַנצען אונאָפּהענגיג איינער פון צווייטען און קאָנקורירען שטאַרק צווישען זיך : יעדער וויל פאַרקויפען זיין סחורה, יעדער זוכט צו פאַרכאַפּען דעם מאַרק.

אָט, צ. ב. ש., די 70 דרוקעריי־געזעלשאַפטען אין פראַנקרייך — אַרום א דוצענד אין פּאַריז אַליין — האָבען איינע מיט די צווייטע גאָר ניט צו טאָן, און זיי קאָנקורירען צווישען זיך פּונקט אזוי, ווי פּריוואַטע אונטערנעמערס.

דורכשניטליך ווערען דיזע קאָאָפּעראַציעס פאַרוואַלטעט פון א באָאַרד אָוו דירעקטאָרס פון 12 פּערזאָנען, פון וועלכע 9 מוזען זיין אַרבייטער, באַשעפטיגט אין דער קאָאָפּעראַציע, אָדער לכל הפחות פון זעלבען פאַך.

מיר וואָלטען געקענט אויסרעכענען מעהרערע גרעסערע

און קלענערע פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס, וועלכע האָבען אין פינאַנציעלען הינזיכט א גאַנץ ניט קשה'דיגען ערפאָלג. אבער אויף קיין פאל קענען מיר, צום באַדויערען ניט אָנווייזען אויף איינע וואָס זאָל האָבען א וועלכע ניט איז ס אָ צ י א ל ע באדייטונג, — אויף איינע וואָס זאָל זיין פאַראינטערעסירט אין עפּעס אַנ־דערש, א חוץ אין איהרע אייגענע קליינליכע אינטערעסען.

דער הויפּט אידעאל פון די גרעסטע צאָהל מיטגלידער פון אזעלכע קאָאָפּעראַציעס, איז צו ווערען אליין בעלי בתים.

עס איז אויך ווערט צו דערמאָנען, דאָס כמעט אין אלע ארבײ־טער ווערקשטאטען פיהלט זיך שטענדיג א דוחק אין דיסציפּלין. ווען א פאָרמאַן פון א קאָאָפּעראַיווען שאָפּ פאנגט אָן צו געפינען חסרונות אויף דער ארבייט, ווארפט מען איהם גלייך אראָפּ פון פאָרמאַנשיפּ. אין א סך פעלע האָט דאָס געפיהרט צו דעם וואָס די פּאַרוואַלטער האָבען זיך אויפגעהערט צו קימערען, ווי די ארבייט ווערט געמאַכט, ווייל זיי האָבען געוואָלט בלייבען אויף זייער פּאָסטען.

אין אנדערע פעלע, וואו אלעס איז שוין געגאַנגען גוט און דער געשעפט האָט זיך באַצאָהלט ,איז געווען אַן אנדער צרה: ווען דער שאָפּ האָט זיך פארגרעסערט, האָבען די אלטע מיטגלידער ניט גע־וואָלט אריינגעמען אין קאָאָפּעראַטיוו קיין נייע מיטגליעדער. די נייע האָבען זיי אריינגענומען בלויז אלס איינפאַכע ארבייטער. דורכדעם האָבען אזעלכע שעפּער גלייך פארלאָרען זייער קאָאָפּעראַ־טיווען כאַראַקטער. יעדער פון זיי איז געוואָרען א מין קאָרפּע־ראַציע, א פּריוואַטער שאָפּ מיט א סך שותפים, וועלכע זיינען פאַר־אינטערעסירט אין עקספּלואַטירען די איבריגע ארבייטער, וואָס זיינען ניט קיין שותפים.

צום סוף ווילען מיר נאָר דערמאָנען דעם באַקאַנטען ערפאָלג־רייכען פּראָדוקטיוו קאָאָפּעראַטיוו פון די גלאָז־ארבייטער, וועלכער איז פונדאַמענטאל אנדערש פון די ביז איצט דערמאָנטע.

בעגרינדעט איז דיזער קאָאָפּעראַטיוו געוואָרען אין 1895, נאָך אַן אַתנעלונגענעם סטרייק פון מיטגלידער פון דער גלאָז־ארבייטער יוניאָן. זיי האָבען צוזאַמענגעשטעלט א קאַפּיטאל פון 100 טויזענד דאָלער, וועלכע זיינען צוזאַמענגעקליבען געוואָרען דורך פארשי־דענע שערס, וואָס זיינען סובסקרייבט געוואָרען פון ק אָ אָ פּ ע־

ראַטיווע געזעלשאַפטען און פאַרשידענע טרייד יוניאָנס.

מיט דער הילפע פון טרייד יוניאָנס און סאָציאַליסטען האָבען זיי אין 1895 ענטוזיאַסטיש אָנגעפאַנגען זייער ארבייט, אַזוי דאָס ארום 1902 האָבען זיי שוין געהאַט אַן אָפּזאַץ פון 7 מיט אַ האַלב מיליאָן פלעשער, וואָס האָט באַטראָפען ארום 180 טויזענד דאָלער אַ יאָהר. פּראָפיט האָט זיך פון דיזער סומע אָפּגעשטעלט ביי 20 טויזענד דאָלער. וואָס איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דער גלאָז־בלאָזערס יוניאָן פאַר פאַרשידענע קאָלעקטיווע צוועקען. די אַר־ביימער האָבען אליין פאַרוואַלטעט אַלע טעכנישע אַנגעלעגענהייטען פון דער פאַבריק, און דער מענעדזשער איז געווען דער קויפער און פאַרקויפער.

אָבער עס האָט ניט לאַנג גענומען, און די פאַרוואַלטונג איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ קאָמיטע פון 9 פּערזאָנען: זעקס זיינען ערוועהלט געוואָרען פון דער גלאָז־בלאָזערס יוניאָן און דריי — פון אנדערע ארבייטער אָרגאַניזאַציעס. די פּראָפּיטען זיינען געוואָרען אַלץ קלענערע, אַזוי האָט ארום 1912 זיינען שוין קיין פּראָ־פיטען כמעט גאָר ניט געווען, הגם דער אומזאַץ איז געבליבען כמעט דער זעלבער. די אָרדנונג אין דער פאַבריק איז געוואָרען וואָס אַמאָל ערגער, און די שטערונגען אין דער ארבייט אַלץ אָפטער.

געגענווערטיג שטעהט דיזער קאָאָפּעראַטיוו אויף היהנערשע פיסלעך. זיין מיסערפאָלג מוז צוגעשריבען ווערען צו די ביליגע פּאַטענטירטע מאַטעריאַלען פון דיא פּריוואַטע אונטערנעמערס, וועלכע קאָנקורירען מיט איהם.

## 3. בעלגיען.

באַלד נאָך דעם גרויסען עקאָנאָמישען קריזיס פון 1848-9 זיינען אין בעלגיען, אין בריסעל, ליעזש, גהענט א. א. וו. — ענטשטאַנען אַ היבשע צאָהל פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס, הויפּטזעכליך אין די פאַכען פון דרוקער, שוסטער, טישלער, שניידער און סיגאַר־מאַכער. דער גרעסטער טייל פון זיי איז אין משך פון אַ יאָהר אונטערגעגאַנגען דורך די אַלט־באַקאַנטע אורזאַכען: שלעכטע פאַרוואַלטונג, מאַנ־געל אין געלט און דיסציפּלין; אייפערזוכט, יאָגעניש נאָך'ן אַמט פון פאַרוואַלטער א. ז. וו. אָבער איין דרוקעריי, געגרינדעט אין ברי־סעל אין 1849, האָט באַוויזען צו בלייבען לעבען. זי איז מיט דער

צייט געוואָרען אַן ענגע גרופּע פון קליינע אונטערנעמער, וועלכע האָבען געמיינשאַפטליך באַטריבען זייער געשעפט אויף אַ „דזשאָינט סטאָק" באַזיס, און וועלכע האָבען דערביי באַשעפטיגט אַ געוויסע צאָהל ארבייטער, וואָס זיינען ניט געווען קיין מיטגלידער און זיינען דארום ניט בארעכטיגט געווען צו די פּראָפיטען.

צווישען 1865 און 1869 איז אין בעלגיען, פּונקט ווי אין פראנקרייך, געווען אַ שטארק גערעטעניש אויף פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראציעס, און אַ סך ווערקשטאַטען און חברות זיינען געגרינדעט געוואָרען, — דאָס רוב אַ דאַנק דער איניציאַטיווע פון געוויסע פילאַנטראָפּען. מעהר ווי אַ העלפט זיינען פּונקט אַזוי שנעל אונטערגעגאנגען, ווי זיי זיינען געגרינדעט געוואָרען.

איין געזעלשאַפט, — פון שטיינשניידער און מארבעל ארבייטער פון בריסעל, — איז געגרינדעט געוואָרען פון דער טרייד־יוניאָן פון זעלבען פאַך, מיט'ן צוועק צו באַשעפטיגען די ארבייטסלאָזע מיטגלידער. די געזעלשאַפט האָט זיך עטליכע יאָהר געמאַטערט און סוף־כל־סוף האָט זי צוזאַמענגעבראָכען דורך דער שלעכטער פארוואלטונג.

פון 1885 און ספּעציעל פון 1893 אָן האָבען זיך אין בעלגיען אָנגעהויבען צו פארשפּרייטען פארשידענע קאָאָפּעראַטיווע פאראיינען אין אַלע געביטען, — צווישען זיי אויך (עטליכע דוצענד) — פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראציעס. היינט־צו־טאָג עקזיסטירען אַזעלכע פאראיינען אין גהענט, ליעזש, בריסעל א. אז. וו., וואו זיי נעמען ארום פארשידענע פאכען, ווי שוסטער, טישלער, קאָנפעקשאָנערס, קינסטליכע בלומען א. ד. גל. דאָס זיינען אַלע קליינע אונטערנעמונגען, וועלכע ווערען פארוואלטעט פון אַ ערוועהלטע קאָמיטע, דאָס רוב פון פינף מיטגלידער. דער גרעסטער טייל פון דיזע פאראיינען (און דאָס הויפּטזעכליך נאָר אין בעלגיען) זיינען פארבונדען מיט די אָרטיגע טרייד־יוניאָנס, און מאַנכע פון זיי (די טישלער פון בריסעל) גיבען אויך אוועק אַ געוויסען טייל פון זייערע ריינע פּראָפיטען צו זייער יוניאָן. דער קאָאָפּעראַטיוו פון פלאַסטערער פון בריסעל עקזיסטירט הויפּטזעכליך פאר'ן צוועק צו באַשעפטיגען די ארבייטסלאָזע פון פאַך, איבערהויפּט פון דער יוניאָן, אין די ווינטער־מאָנאַטען.

אָבער אַן ערנסטע און אנגעזעהענע באַדייטונג האָבען די בעלגישע פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראציעס באַקומען ערשט אין 1900, ווען

זיי האָבען זיך געשטעלט אין נאָהענטערע באַציהונגען מיט די קאָ־אָפעראַטיווע קאָנסום־פאַראיינען. פּראָדוקטיווע פאַראיינען, וועל־כע זיינען פאַרבונדען מיט דער גרויסער קאָאָפעראַטיווער־קאָנסום־געזעלשאַפט „וואורואיט", — און געפינען זיך אונטער איהר אויפ־זיכט, — זיינען די ערפאָלגרייכסטע אונטערנעמונגען אין בעלגיען. די דאָזיגע פאַראיינען זיינען געגרינדעט געוואָרען פון סאָציאַליס־טישע קאָאָפעראַטאָרס, און רופען זיך: „סאָציאַליסאַישע פּראָ־דוקטיוו־קאָאָפעראַטיוען".

א טייל ארבייטער אין מאנכע פון דיזע קאָאָפע־טיווען, — הגם זיי אַרבייטען אונטער בעסערע באַ־דינגונגען און קריגען אויך אַ העכערען לוין ווי די אַנדערע ארבייטער פון זייער פאָלק קריגען אנדערשוואו, — זיינען פונדעסטוועגען ניט מעהר ווי איינפאַכע לוין־אַרבייטער. אַלס מוסטער פון דיזע גע־זעלשאַפטען קען דינען דער קאָאָפעראַטיוו פון די „פאַראייניגטע וועבער".

מיר וועלען דאָ דערמאנען אויך די קאָאָפעראַטיווע דרוקעריי געזעלשאַפט, וועלכע ארבייט נאָר פאר'ן קאָאָפעראַטיווען מאַרק; די „פאַראייניגטע שפּינער און וועבער"; און די „קאָאָפעראַטיווע מויערערס".

דאָס זיינען די „קאָאָפעראַטיווע מויערערס", וועלכע האָט אויפגעבויט דאָס שעהנע הויז פאר דער „וואורואיט". די געזעל־שאַפט פון די „קאָאָפעראַטיווע מויערערס" איז געגרינדעט געוואָ־רען פון געוויסע מויערער ארבייטער, וועלכע האָבען פאַרלאָרען זייערע שטעלעס דורך אַ לאָקאוט. זייער אומזאַץ אין 1912 האָט באַטראָפען די סומע פון 477,356 פראַנק. אין דעם זעלבען יאָהר האָבען זיי אויסגעצאָהלט 136,458 פראַנק אין שכירות (שוין איינ־געשלאָסען אַ טייל פון די דיווידענדען פון רייגעם פּראָפיט). די דאָזיגע געזעלשאַפט האָט באַשעפטיגט אן ערך 150 מויערער און טישלער. אין 1914 האָט די געזעלשאַפט אויפגעמויערט פאַר דער „וואורואיט" אַ גרויסען פעסט־זאַל און אויך אַ פאַבריק פאַר די פאַראייניגטע וועבער און שפּינער.

אין 1902 איז געגרינדעט געוואָרען אַ טעקסטיל פאַבריק אונ־טער דעם נאָמען: „די פאַראייניגטע וועבער". דיזע געזעלשאַפט האָט זיך פאַרבונדען מיט'ן בעלגישען קאָאָפעראַטיווען פאַרבאַנד און מיט דער אָרטיגער ארבייטער־פאַרטיי. איהרע ערשטע פּופּציג

שער־האָלדערס זיינען געווען די אָנגעזעהענסטע סאָציאַליסטען און קאָאָפּעראַטאָרס, ווי, למשל, וואנדערוועלדע, בער־טראן און א היבשע צאָהל דעפּוטאַטען פון פּאַרלאַמענט.

אין אנפאנג האָט דיזע קאָאָפּעראַטיווע פאבריק גע־האַט דעפיציטען, אָבער ארום 1909 האָט זיך דאָס רעדעל א דרעה געטאָן, און איהרע פּראָפיטען האָבען שוין דערגרייכט 49,970 פראנק, און דער אומזאַץ פון 878,645 פראנק. אין 1910 האָט זיך די געזעלשאַפט פארוואנדעלט אין א קאָמפּאַני אונטער׳ן נאָמען: „פאראייניגטע שפּינער און וועבער". אין 1912 האָט דיזע געזעל־שאַפט געמאַכט א פּראָפיט פון 188,166 פראנק, און איהר אַלגע־מיינער אומזאַץ האָט דאָן באַטראָפען 1 מיליאָן און צוויי הונדערט טויזענד פראנק. מעהר ווי א העלפט פון איהרע סחורות האָט זי גע־קויפט פון די בעלגישע קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס.

* * *

איבעראל, — ניט דוקא אין בעלגיען, — צייגט זיך ארויס דער זעלביגער אמת: אָהן די קאָנסום־פאראיינען האָבען די פּראָדוקטיוו־קאָאָפּעראַטיווען א גאַנץ קנאַפּען ווערט.

דער צענטראל־פאָרשטאנד פון די דייטשע טרייד־יו־ניאָנס האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק אָנגענומען א רעזאָלוציע, וועלכע לויטעט צווישען אנדערעס:

„... פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס דארפען נאָר דאמאָלס גע־נומען ווערען אין אנבאַטראַכט, ווען 1) זיי ווערען אָנגעפיהרט פון עקספּערט־פארוואַלטערס; 2) ווען זיי האָבען א גענוגענדען אר־בייטס־קאַפּיטאל, און 3) ווען נאָהענטע פארבינ־דונגען עקזיסטירען צווישען זיי און די קאָנסום־פאראיינען (אונטערגעשטראָכען פון׳ם שריי־בער). דאָרט וואו די דריי עלעמענטארע באדינגונגען זיינען ניט פאראן, ווערען די ארבייטער דרינגליך אויפגעפאָדערט ניט צו גרינ־דען קיינע פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס..."

עהנליכעס האָט די ערפאַהרונג באוויזען אין איטאַליען, אין די פאראייניגטע שטאַאַטען און — אם בולט׳־סטען — אין ענגלאנד.

אין 1908 זיינען אין ענגלאנד שוין געווען 947 קאָאָפּעראַטיווע שעפּער, וועלכע זיינען געגרינדעט און פארוואַלטעט געוואָרען פון די קאָנסום־פאראיינען. זיי האָבען אין יענעם יאָהר באַשעפטיגט

22,290 אַרבייטער, וועלכע האָבען געקראָגען אויסגעצאָהלט אין שכירות 6 מיליאָן און 539,905 דאָלער. די אויסגעאַרבייטע סחורות האָבען באַטראָפען איבער 55 מיליאָן דאָלאַר.*)

די געשיכטע פון דער קאָאָפעראַטיווער באַוועגונג, אַלזאָ, צייגט אונז דעם וועג פון קאָאָפעראַציע: פאַר אַלעם ערשטען מוזען גע־גרינדעט ווערען קאָנסום־פאַראיינען, קאָאָפעראַטיווע סטאָרס; ווען עס איז שוין פאַראַן אַ גענוגענדע צאָהל סטאָרס, דאַרף מען גרינדען אַ האָלסייל סאָסייטי, וועלכע זאָל זיין דער איינקויפער פאַר אַלע לאָקאַלע קאָאָפעראַטיווע קראָמען; און דאַן ערשט קען מען צו־טרעטען צו פּראָדוקציאָן. מיר מוזען, הייסט עס, פריהער אָרגאַ־ניזירען דעם מ א ר ק, ד. ה., די קאָנסום־פאַראיינען, און נאָך דעם די קאָאָפעראַטיווע פּראָדוקציאָן.

---

*) מעהר וועגען דער ענגלישער קאָאָפעראַטיווער פּראָדוקציאָן ווע־לען די לעזער געפינען אין אונזער באַשרייבונג פון די ענגלישע קאָאָפע־ראַטיווען, אין צווייטען טייל פון דיזען בוך.

## אכצעהנטער קאפיטעל.

# לאנדווירטשאפטליכע קאָאָפעראציעס.*)

אגריקולטורעלע קאָאָפעראטיוועו זיינען געווענליכע פאראייניגונגען פון פארמערס, וועלכע קויפען צוזאמען זייערע מאשינען און זריעות, און וועלכע פארקויפען בשותפות זייערע פראָדוקטען. צו קענען קויפען די פראָדוקטען אויף געווענליכע מארק-פרייזען מוז דער פארמער פראדוצירען אין א גרויסע מאָס. אויף דעם פאדערען זיך גרויסע מאָדערנע מאשינען, וואס קאָסטען היבשע סומען. ניט יעדער פארמער, אלזא, איז אימשטאנד צו קויפען די מאשינען, וואס ער ברויכט אין זיין פארם. און דעריבער גרינדען די פארמערס קאָאָפעראטיווע קריעמעריס צ. ב. ש., וואו יעדער פארמער שיקט צו זיין מילך, און די קרימערי ארבייט שוין דאָס אויס אין פוטער.

דער קליינער פארמער קען געווענליך ניט קומען יעדעס מאָל אין שטאָדט און דירעקט פארקויפען דאָרטען זיינע פראָדוקטען צו די קאָנסומערס. זיינע פראָדוקטען פארקויפט ער דאָס רוב צו פארשיעדענע אגענטען און ספעקולאנטען, וועלכע לעקען דערביי אָפּ א פעט ביינדעל.

די קליינע פארמערס זיינען שטענדיג אונטערגעוואָרפען אונטער די גרויסע שטאָדטישע סוחרים און ספעקולאנטען און מוזען נעמען די פרייזען, וואָס מען גיט זיי. א פאראייניגטער ווידערשטאנד איז דעריבער פאר זיי וויכטיג. קאָאָפעראציע איז דעריבער ביי די פארמערס א לעבענס-פראגע. כמעט אין אלע ציוויליזירטע לענדער גיבען זיך די פארמערס אָפּ מיט קאָאָפעראציע. אין דענעמארק און אין רוסלאנד (סיביר) שפיעלען די אגריקולטורעלע קאָאָפעראטיוועו איינע פון די וויכטיגסטע ראָלען אין געזעלשאפטליכען לעבען.

---

*) זיי זיינען אויך באקאנט אונטער די נעמען: „אגריקולטורעלע קאָאָפעראטיוועו", „פארמער-פאראיינען", „אגראַרישע קאָאָפעראציעס", „אַקערבוי-קאָאָפעראַצ." א. ז. וו.

דער דענישער פארמער איז דער אינטעליגענטסטער פאר־מער אין דער וועלט. א דאנק די אגריקולטורעלע קאָאפּעראטיוועו זיינען די פארמערס געוואָרען די טאָן־געבער אין לאנד. זיי דאָ־מינירען דעם פארלאמענט. מיניסטאָרען ווערען כמעט אויסשליס־ליך ערוועהלט פונ׳ם פויערים־קלאס.

אין 1917 זיינען אין דענמארק געווען 1,087 קאָאפּעראטיווע דעירים מיט א מיטגלידערשאפט פון 158,000 פארמערס, צו וועל־מען עס האָבען באלאנגט דריי פערטעל פון אלע קיה אין לאנד. 95 פראָצענט פון אלע פארמערס האָבען באלאנגט צו די קאָאפּע־ראטיוועו, וועלכע פלעגען, ביז די לעצטע וועלט־מלחמה האט אויס־געבראָכען, שיקען נאָך ענגלאנד פאר א מיליאָן דאָלער (1,000,000) פוטער וועכענטליך.

עס איז כמעט ניטאָ קיין איין געביט פון אגריקולטור, אויף וועלכען די קאָאפּעראטיוועו זאָלען ניט זיין טעטיג.

אויך אין אמעריקא פארנעמען די פארמערס א גרויסען פלאץ אין דער קאָאפּעראטיווער וועלט. עס איז אמת, אז די פארמער־שע קאָאפּעראטיוועו זיינען פון א גאנץ אנדערען טיפּ און האָבען אויך גאנץ אנדערע ציעלען ווי די קאָאפּעראטיוועו, פון וועלכע מיר האָבען ביז איצט גערעדט. אָבער זייער ווערט אלס אזעלכע — אָפּגעזעהן פון די קאָנסום־פאראיינען — טאָר בשום אופן ניט אונטערשעצט ווערען. אין די פאראייניגטע שטאאטען האָבען זיך די פארמערס פריהער ווי די קאָנסומערס גענומען צו קאָאפּעראציע.

אין 1902 איז אין טעקסעס געגרינדעט געוואָרען די „פאר־מערס׳ עדיוקיישאָן און קאָאפּערייטיוו יוניאָן״, וועלכע נעמט שוין יעצט ארום 23 שטאאטען און צעהלט א מיטגלידערשאפט פון 3,500,000. אן עהנליכע, אָבער א פיעל עלטערע פון איהר, איז די „ענשיענט אָרדער אָוו גלינערס״, וועלכע צעהלט 80 טויזענד מיטגלידער. דיזע אָרגאניזאציע האט שוין פאנאנדערגעטיילט איבער 2 מיליאָן דאלער אין פארשידענע בענעפיטען.

די „נאָן־פארטיזאן ליעג״ פארשפּרעכט אויך זעהר א סך אויף דעם אגריקולטורעל־קאָאפּעראטיוועו געביט. הגם דאָס איז א ריין־פארמערשע אָרגאניזאציע, ווערט זי פונדעסטוועגן געשטיצט פון א סך טרייד־יוניאָנס.

אויך די אידישע פארמערס האָבען זיך ארומגעזעהן, דאָס אָהן קאָאפּעראציע זיינען זיי שוואך און אונטערגעווארפען אונטער דער

גרעסטער עקספּלואַטאַציע. די עטליכע אידישע קאָאָפּעראַטיווע קרימערים (אין האַרלעוויל, ניו־יאָרק, למשל) זיינען דער בעסטער באַווייז, וואָס די פאַרמערס קענען אויפטאָן דורך קאָאָפּעראַציע. די לאַגע פון די אידישע פאַרמערס איז בכלל ניט אַזוי גלענצענד, און די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז פאַר זיי אייגענטליך דער איינ־ציגער און ראַדיקאַלסטער מיטעל.

## אגריקולטורעלע קאָאָפּעראַטיווען און קאָנסום־פאַראיינען.

זיינען די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־פאַראיינען (קאָאָפּעראַטי־ווע סטאָרס) און די אַגריקולטורעלע קאָאָפּעראַטיווען געגענזייצ־ליך? דאַרפען זיי זיך פאַראייניגען? דיזע און עהנליכע פראַגען הויבען אָן ביסלעכווייז ארויפצושווימען אין דער יונגער אַמערי־קאַנער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און מוזען דעריבער באַצייטענס געלעזט ווערען.

די ערשטע, וועלכע האָבען באַצייטענס ריכטיג באַגריפען דעם פונדאַמענטאַלען אונטערשיעד צווישען די קאָאָפּעראַטיווע און אַגריקולטורעלע אָדער פאַרמער פאַראיינען, זיינען געווען די ענג־לישע קאָאָפּעראַטיווען. הגם זיי האָבען פאַר דיזע ערפאַהרונג טייער באַצאָהלט, איז דאָס אָבער סוף־כל־סוף ווערט געווען.

אין מיטען פון לעצטען יאָהרהונדערט זיינען אין ענגלאַנד גע־קומען צום פאָרשיין די זאָגענאַנטע קריסטליך־סאָציאַלע, וועלכע האָבען גאַנץ טעטיג אָנגעהויבען צו פּרעדיגען די באַפרייאונג פון אַרבייטער קלאַס. אַלס פאַר אַ מיטעל צו באַפרייען די אַרבייטער האָבען זיי אַגיטירט פאַר פּראָדוקטיוו־קאָאָפּעראַטיווען: די זעלבסט־פאַרוואַלטענדע שעפּער האָבען געזאָלט געגרינדעט ווערען דאָס רוב אויף געבאָרגען קאַפּיטאַל; די אויסגעאַרבייטע פּראָדוק־טען האָבען געזאָלט פאַרקויפט ווערען אויפ'ן עפענטליכען מאַר־קעט פאַר די העכסטע פּרייזען, וועלכע עס וועט נאָר מעגליך זיין צו קריגען, און די ריינע פּראָפיטען צוטיילט ווערען צווישען די אַר־בייטער פון די דאָזיגע שעפּער. דער פּלאַן האָט געהאַט פיעלע אַנ־הענגער. זאָגאַר אַזאַ גרויסער קאָאָפּעראַטיווער טעאָרעטיקער, ווי ד ז ש י י ק אָ ב ה אָ ל י אָ ק, איז אויך געווען באַגייסטערט פאַר דיזען פּלאַן.

די געפּלאַנטע פּראָדוקטיוו־קאָאָפּעראַטיווען האָבען די קריסט־ליך סאָציאַלע באַשלאָסען צו פאַרבינדען מיט די ענגלישע קאָאָפּע־

ראַטיווע האָלסייל סאָסייטי, וועלכע די קאָנסום פאַראיינען האָבען געגרינדעט, כדי צו קענען קויפען זייערע פּראָדוקטען בשותפות, און אין וואָס אַ גרעסערער מאָס. די האָלסייל סאָסייטי האָט אינוועסטעד גרויסע סומען אין די פּראָדוקטיוו־קאָאָפּעראַטיווען. אָבער עס האָט ניט לאַנג גענומען, ווי די דעפיציטען האָבען אָנגעהויבען שטייגען אין אַזא פּראָפּאָרציע, דאָס די גאַנצע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז געשטעלט געוואָרען אין געפאַהר.

אָבער די קריסטליך־סאָציאַלע האָבען זיך וועניג־וואָס געשראָקען פאַר די טרויעריגע רעזולטאַטען פון זייער עקספּערימענט און האָבען געזוכט נייע וועגען, ווי אַזוי צו פאַרווירקליכען זייער אידעאַל.

אין אָנפאַנג פון די ניינציגער יאָהרען האָבען זיי זיך גענומען צו אָרגאַניזירען אַן אינטערנאַציאָנאַלען קאָאָפּעראַטיווען פאַרבאַנד. זייער אבזיכט איז געווען: צו באַשאַפען אַ שטאַרקען אינטערנאַציאָנאַלען קאָאָפּעראַטיווען פאַרבאַנד, וועלכער זאָל אויך דיענען אַלס אַ בייטש געגען די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווען, זיי צו צווינגען אָנצונעמען די קריסטליך־סאָציאַלע פּרינציפּען. אין דיזען פאַרבאַנד האָבען זיי איינגעלאַדען פאַרשיעדענע גרופּעס פון ענגלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, סערביען און אונגאַרן א. אז. וו. — אַלע געזעלשאַפטען, וועלכע האָבען נאָר געהאַט אַ וועלכע־ניט־איז פּרעטענזיע אויף קאָאָפּעראַציע. אין פאַראיין זיינען אריין אויך פּראָפיט־שערינג סאָסייטיס, אינדיווידועלע פּערזאָנען, ווי לאָרדס, פילאַנטראָפּען א. ד. גל., וועלכע האָבען רעפּרעזענטירט נאָר זייער אייגענעם „איך”.

אַזוי ווי עס איז אוממעגליך געווען צו שאַפען אַן איינהייטליכען אינטערעס צווישען די פאַרשיעדענע געזעלשאַפטען און ריכטונגען, האָט זיך במילא דיעזער פאַרבאַנד ניט גערירט פון אָרט. צום סוף איז איינגעלאַדען געוואָרען די „בריטיש קאָאָפּערייטיוו יוניאָן”. דער ענגלישער קאָאָפּעראַטיווער פאַרבאַנד האָט אָנגענומען די איינלאַדונג מיט דער באַדינגונג, אַז די שטים־רעכט זאָל אַזוי איינגעריכטעט ווערען, דאָס די אויבענדערמאַנטע געזעלשאַפטען זאָלען ניט האָבען די מאַיאָריטעט שטימען געגענאיבער די קאָאָפּעראַטיווען. אָבער דער איינפלוס פון די אַגריקולטורעלע פאַראיינען און קרעדיט־בענק איז געווען צו שטאַרק, אַז די שוואַכע שטים־רעכט באַשרענקונג זאָל זיי שעדיגען.

דער תהום צווישען די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום פאַראײנען און די אַגריקולטורעלע און אינדוסטריעלע געזעלשאַפטען איז געווען צו טיעף. יעדע געזעלשאַפט האָט געוואָלט אויסנוצען דעם „אינטערנאַציאָנאַלען קאָאָפּעראַטיווען אַליאַנס" פאַר זיך. יעדער איז נאָר אויסען געווען אַרויסצופּרעסען וואָס מעהר געלד פון קאָנסומער.

די דעמאָראַליזירענדע רייבונגען האָבען באַקומען זייער העכסטען אויסדרוק אויפ'ן אינטערנאַציאָנאַלען קאָאָפּעראַטיווען קאָנגרעס אין בודאַפּעסט, אין 1904, ווען די מאַיאָריטעט פון די דעלעגאַטען האָבען געפּאַסט אַ רעזאָלוציע געגען די סובסידיעס פון די רעגירונגען, וועלכע די פּראָדוקטיוו־קאָאָפּעראַטיווען (אויף די אַגריקולטורעלע) קריגען. אויך האָט די רעזאָלוציע גענומעט, אַז די אויפגאַבע פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג איז ניט צו לעבען בשלום מיט'ן קאַפּיטאַליזם, נאָר שטופּענווייז איהם צו פאַרטרייבען דורך די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען.

אזא עקסטרעמע שטעלונג האָט ווייט ניט געשמעקט די קליינבירגערליכע עלעמענטען. די דייטשע פאַרמערס קרעדיט בענק און די אינדוסטריעלע בענק האָבען זיך די ערשטע אָפּגעריסען פון אַליאַנס. אביסעל שפּעטער האָבען זיך אויך צוריקגעצויגען דאָס רוב אַגריקולטורעלע פאַראײנען און האָבען אָרגאַניזירט אַן אייגענעם אינטערנאַציאָנאַלען פאַרבאַנד. זייט דאַן איז דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיווער אַליאַנס געוואָרען אַ געוויסענהאַפטע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציע, וועלכע רעפּרעזענטירט די אינטערעסען פון די מאַסען אַלס פאַרברויכער.

די היסטאָרישע פּאַסירונגען אין 1904 ווערען אַם בעסטען באַשריבען פון דר. ה א נ ס  מ י ל ע ר, סעקרעטער פון דער אַליאַנס. אָט איז דער סך הכל:

„עס איז אַן אומבאַשטרייטבאַרע טאַטזאַכע, דאָס קיין לאַנד האָט ניט געהאַט קיין ערפאָלג אין די פאַרזוכען צו פאַראייניגען א ל ע אָרטיגע קאָאָפּעראַטיווע פאַראײנען... אַן אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבאַנד קען נאָר דאַמאַלס וואַקסען און געדייהען, ווען אַן איהם זיינען אָנגעשלאָסען פאַראײנען מיט אַ געמיינשאַפטליכען אינטערעס, אַ געמיינזאַמען אידעאַל".

עס איז פאַראַן, ווי שוין געזאָגט, אַ גרויסער תהום צווישען די פאַרמער־פאַראײנען און די קאָאָפּעראַטיווע. די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום באַוועגונג איז נאָך איהר עצם כאַראַקטער נאָך רעוואָלו־

ציאָנער. איהר הויפּט באַזיס איז געגענזעצליך צום באַזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע.

דער תוך פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם זיינען די פּריוואַטע פּראָפיטען. אָט דיזער תוך ווערט באַזייטיגט ביי די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום פאַראייניגען. זיי באַזייטיגען די קליינע קרעמער, די אַגענטען, די האָלסיילערס און ריטיילערס; זיי פאַרמינדערען די פּראָפיטען פון פאַבריקאַנט, באַנקיר, סוחר, א. ד. גל. דורך דעם, וואָס זיי גרינדען אייגענע פאַבריקען, נעמען איהער פאַרמס, הייזער און אַלע אָפּעראַציעס אין די בענק. אויף אַזאַ אופן ווערען אָפּגעשאַפט גרופּען אומזיסטע פרעסערס, נוצלאָזע פּאַראַזיטען, און במילא אויך זייערע פּראָפיטען.

קאָאָפּעראַציע איז באַזירט אויף די פּראָדוקציע פונ׳ם געברויך אליין. מיט אַנדערע ווערטער: די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז נאָר אויסען צו באַפרידיגען די באַדירפניסע פון דער געזעלשאַפט. דער געבוי פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג רוהט אויף אַ פונדאַמענטאַלען פּרינציפּ — ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ע: באַשאַפען כדי צו באַפרידיגען די באַדירפניסע פון די מאַסען, ווערען די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען פון דער מאַסע אויך פאַרוואַלטעט.

ניט אַזוי איז עס אָבער מיט די אַגריקולטורעלע פאַראיינען. די אינטערעסען פון די פאַרמערס אונטערשיידען זיך פון די אינטערעסען פון די קאָנסומערס. די ערשטע שטרעבען צו פאַרגרעסערען די פּרייזען פאַר זייערע פּאָדוקטען, און די לעצטע — צו צאָהלען וואָס קלענערע פּרייזען.

איצט קומט די פראַגע פון עקאָנאָמיע פון אַרבייט, וועגען וועלכען יעדע פאַרמער איז אַזוי שטאַרק באַזאָרגט. די מיטגלידער פון די העכסט־ענטוויקעלטע אַגריקולטור־פאַראיינען, די „פרוט גראָוערס אָוו קאַליפאָרניא“, צ. ב. ש., באַשעפטיגען גאַנץ אָפּט הונדערטער און טויזענדער פּיקערס יעדען שניט־צייט. טראָץ דעם, וואָס זיי באַלאַנגען צו די אַגריקולטור־פאַראיינען, וועלכע האָבען פּרעטענזיעס אויף קאָאָפּעראַציע,, זוכען זיי נאָר, פונקט ווי געוועהנליכע קאַפּיטאַליסטען, צו באַשעפטיגען כינעזישע און יאַפּאַנעזישע „קוליעס“, ווייל זיי אַרבייטען פאַר ביליגער. צוליעב דער זעלבער אורזאַכע שטעלען זיי זיך זאָגאָר ניט אָפּ פאַר קינדער־אַרבייט.

און ביים פאַרקויפען זייערע פּראָדוקטען באַנוצען זיך די אַגריקולטור פאַראיינען פונקט מיט דיזעלבע מיטלען, וואָס יעדער

פּריוואַטער סוחר באַנוצט זיך, — און אפשר נאָך מיט שטאַרקערע, ווייל זיי זיינען דאָך אָרגאַניזירט. עס טרעפט ניט זעלטען, דאָס זיי פאַרהאַלטען גאַנצע וואַגאָנען מיט פּרוכט, אין דער צייט, ווען עס פּיהלט זיך אַ דוחק אויף זיי אין מאַרקעט. זיי טוען עס אום צו קענען קריגען דעם פאַרלאַנגטען פּרייז.

אויך איז אין די אַגריקולטורעלע פאַראיינען ניטאָ קיין דעמאָקראַטיע. די קליינע פּראָדוקטיוו־קאָאָפּעראַטיווען פאַרוואַלטען לכל הפחות געמיינשאַפטליך זייער שאַפּ: דער פּלאַץ און מאַשינען באַלאַנגען צו אַלעמען. אָבער דער מיטגליעד פון אַן אַגריקולטור־פאַראיין, ד. ה., יעדער פאַרמער, האָט זיך זיין אייגענע פאַרם, זעעט און שניידט אויף זיין אייגענע איניציאַטיווע. פאַרמערס קאָאָפּערירען ערשט דאַמאַלס, ווען זיי דאַרפען פאַרקויפען זייערע פּראָדוקטען, אָדער ווען זיי נויטיגען זיך אין זריעות אָדער מאַשינען. און מיר קענען דאַריבער אויף קיין פאַל ניט זעהן וועלכען־ניט־איז פונדאַמענטאַלען אונטערשיעד צווישען די אַגריקולטור פאַראיינען און טראַסטס, הגם די ערשטע האָבען אַ געוויסען סאָציאַלען ווערט.

* * *

פון דעם אַלעם, וואָס מיר האָבען ביז איצט געזאָגט, דאַרף זיין גענוג קלאָר, אַז קיין פאַראייניגונג צווישען די קאָנסום־פאַראיינען און די אַגריקולטורעלע קאָאָפּעראַטיווען קען ניט און טאָר ניט פאָרקומען. אָבער געוויסע פאַרבינדונגען דאַרפען זיי יאָ האָבען.

די קאָנסום־פאַראיינען, אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען נאָך ניט אימשטאַנד זיך אָפּצוגעבען מיט אַגריקולטור, דאָרט, וואו די באַוועגונג איז נאָך יונג, קענען אַ סך געווינען פון דעם, ווען זיי וועלען קויפען דירעקט פון די פאַרמערס. און דער בעסטער מיטעל געגען דער צוטיילונג פון דעם פאַרמער'ס פּראַצע איז אויך, ווען די פאַרמערס קאָאָפּערירען צווישען זיך און פאַרקויפען זייערע פּראָדוקטען דירעקט צו די קאָנסומערס, צו די קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס. אויף אַזאַ אופן קענען באַזייטיגט ווערען אַ סך צווישען־הענדלערס, טראַסטס, אַגענטען, לעגאַלע און קרימינאַלע ספּעקולאַציעס.

דער געוועזענער פוד־קאָמישיאָנער פון ניו יאָרק, דילאָן, האָט באַוויזען (אין 1917), דאָס די פאַרמערס קריגען 4 מיט אַ האַלב סענט פאַר אַ קוואָרט מילך. 6 מיט אַ האַלב סענט נעמען זיך די

מילך סוחרים פאר דעליווערען. דער קאָנסומער צאָהלט פּאר א קוואָרט מילך 11 — 12 סענט. ווען מיר וואָלטען באשאפען א מיטעל, דורך וועלכען פארמערס זאָלען קענען ד י ר ע ק ט צו־שטעלען די מילך צו די קאָנסומערס, וואָלט א קוואָרט פון די בעסטע מילך געקאָסט ניט מעהר ווי אַרום 8 — 9 סענט.

סענאַטאָר מעק'קאָמבער האָט אמאָל געמאַכט א סטייטמענט, דאָס פאר אן אָקס, וועלכען א נאָרד־דאַקאָטאַ'ר פארמער פארקויפט פאר 75 דאָלער, מוזען די ניו יאָרקער קאָנסומער צאָהלען, בעת ער איז פארטיג צום עסען, 250 דאָלער.



די צענטראַל סטאָר פון דער ענגלישער קאָאָפּעראַטיווער האָל־
סייל סאָסייטי.

Lyons Co-Operative Association. CAPITAL, $20,000.00.

Shares $5.00 Each. State of Iowa. No.

**Lyons Co-Operative Association.**

This is to Certify, That ........................................ is entitled to One Share of the Capital Stock of the **Lyons Co-Operative Association,** value $5.00, transferable only in accordance with the Laws and Rules of this Association.

In Witness Whereof, The said Association has caused this Certificate to be signed by the President and Secretary, and affixed thereto the seal of said Association, this ............ day of ........................ 18

L.S.

President.

Secretary.

אַ מוסטער פון אַ קאָאָפּעראַטיווע שער

## נײנצעהנטער קאַפּיטעל.

# ענגלאַנד.

### דער אנפאנג פון דער קאָאָפּעראטיװער באַװעגונג.

דאָס איז געװען א זונטאג נאָכמיטאג אין מאָנאט נאָװעמבער, 1843. פּאַסירט האָט עס אין ראטשדײל, ענגלאַנד, אן אינדוסטריעל װאקסענדע שטעדטעל לעבען מאַנטשעסטער — דעם געבורטס־אָרט פון מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם. צײטען זײנען דאַן געװען פינסטערע, שלעכטע, הױפּטזעכליך פאַר די ארבײטער.

ספּעציעל פינסטער איז יענער נאכמיטאג אױסגעקומען פאַר די ראטשדײלער װעבערס, װעלכע האָבען נאָר װאָס דורכגעמאַכט א ניט־געלונגענעם סטרײק. 28 פון זײ זײנען זיך צונױפגעקומען אין דעם „טשארטיסטישען" לעזע־צימער, אום זיך צו באַראטען װאָס עס קאָן געטאָן װערען אויף צו פֿאַרבעסערן די אונערטרעגליכע לאַגע.

מאנכע פון די 28 װעבערס זײנען געװען זאָ־גענאַנטע „טשאר־טיסטען", װאָס האָבען געקעמפט פאַר פּאָליטישע רעכטע פון די ארבײטער; אנדערע זײנען געװען אָוּעַנ'יסטישע סאָציאַליסטען, װעמעס אידעאַל עס איז געװען א קאָאָפּעראטיװע ברידערליכע געזעל־שאַפט; אין די איבריגע זײנען געװען אײנפאכע, ניט־געלערנטע ארבײטער, װעמעס הענט און פיס עס זײנען געװען געפּענטעט דורך די קרעדיט־סיסטעם פון די זאָגענאַנטע „טראַק" קראָמען, װי אויך דורך זײערע באַזונדערס קלעגליכע שכירות.

פון די אַלע פאַרגעלעגטע פּלענער האָט אױסגענומען דער פאָלגענדער: עס זאָל גלײך געעפענט װערען א קאָאָפּעראטיװע

קראַם פון ארבייטער און פאר ארבייטער, כדי זיך צו באַפרייען פון די הויט־שינדערשע סוחרים און במילא אויך פון דער פאר־שקלאַפּענדער קרעדיט־סיסטעם.

„וואָרום, — האָבען די אנוועזענדע געזאָגט ווענען דעם פּלאַן, — זאָלען מיר טאַקע ניט ווערען אונזערע אייגענע סוחרים און אליין באַזאָרגען זיך מיט אַלע נויטיגע פּראָדוקטען, אַזוי, אַז מיר זאָלען זיך מיט קיינעם ניט דאַרפען טיילען ?"

אָבער אין דער אמת'ען איז זייער אידעאַל (זעה דעם ערשטען טייל פון דיזען בוך) געגאַנגען אַ סך ווייטער, ווי צו ווערען איינפאַכע סוחרים און צו קריגען מיט עטליכע סענט ביליגער זייערע פּראָ־דוקטען :

„דורך דיזע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, — לויטעט זייער רעזאָ־לוציע, — וועלען מיר מיט דער צייט האָבען אַ מעגליכקייט אָפּצושאַפען די עקספּלואַטאַציע און לוין־סיסטעם און במילא זעהן אַזוי צו איינצואָרדנען די קרעפטען פון פּראָדוקציאָן, דיסטריבוציאָן און רעגירונג, אַז מיר זאָלען זיך פאַרוואַנדלען אין אַ זעלבסטשטענ־דיגע פרייע קאָלאָניע".

אַזוי האָבען זיי געהאָפט און געגלויבט.

פון ערשטען בליק האָט עס געשיינט צו זיין טאַקע ניט מעהר ווי אַן אויטאָפּיע, ווי אַ חלום : ווער האָט עס ביז דאַן געהערט, אַז ארבייטער, איינפאַכע וועבערס, זאָלען זיין ביכולת צו פאַרוואַלטען אינדוסטריען און צו קאָנטראָלירען געשעפטען ? אָבער די ראַטש־דיילער פּיאָנערען, ווי מען רופט זיי, זיינען ניט נאָר געווען שעהנע טרוימער, נאָר האָבען אויך געהאַט דעם מוט צו פאַרזוכען זייערע חלומות צו פאַרווירקליכען.

## דער ערשטער שריט.

דער ערשטער שריט צו פאַרווירקליכען זייער חלום איז געווען דער באַשלוס, אַז יעדער זאָל ביישטייערען צוויי פּענס אַ וואָך אויף אַ פאָנד אויף צו עפענען אַ שפּייז־קראָם. ווען דער פאָנד האָט דערגרייכט 140 דאָלער, האָבען זיי געדונגען אַ קראָם אין אַ הינטער־גאַס, באַקאָנט אַלס טאָאד לעין.

אין אַ געוויסען אָוענד האָבען זיי געעפענט די קרעמעל. די גאַס איז פול געווען מיט קרעמער און גאַסען־יונגען, און יעדער קונה (קויפער), וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון דער קראָם, איז

באַגלייט געוואָרען מיט אַ קאַצען־מוזיק און הילכיגען געלעכטער.

טראָץ אַלע פאַרזוכע פון די פּריוואַטע קרעמער צוצושטערען דיזע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג, איז זי גאָר פון טאָג צו טאָג אַלץ געשטיגען. אין 1914, — מיט 70 יאָהר שפּעטער, — אויב די פּיאָנערען וואָלטען נאָך געלעבט, וואָלטען זיי געזעהען, וואָס עס איז געוואָרען פון זייער חלום און קליינע קרעמעל: ווי איבער ענגלאַנד און סקאָטלאַנד זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען ניט ווייניגער פון 1,400 ריטייל קאָאָפּעראַטיווע קראָמען מיט צוויי מעכטיגע קאָאָפּעראַטיווע האָלסיילס, וואָס באַזאָרגען זיי מיט די נויטיגע אַרטיקלען, פון וועלכע אַ היבשע צאָהל ווערען אויסגעאַרבייט אין אייגענע שעפּער; ווי די יעהרליכע פאַרקויפטע פּראָדוקטען פון די קאָאָפּעראַטיווע שעפּער, האָלסייל און ריטייל קראָמען, באַטרעפען ניט ווייניגער פון זעקס הונדערט און פופציג מיליאָן דאָלער, און האָבען אַ מיטגליעדערשאַפט פון ניט ווייניגער פון דריי מיליאָן; ווי פון זייער קאַפּיטאַל, פון 140 דאָלער, איז אויסגעוואַקסען אַ סומע פון איבער דריי הונדערט מיליאָן דאָלער; ווי אנשטאַט פיער אָנגעשטעלטע ווערען שוין אָנגעשטעלט הונדערט אין פופציג טויזענד; ווי פון דעם ריוח פאַר'ן אַיין (1914־טען) יאָהר איז אויסגעטיילט געוואָרען איין און זיבעציג מיליאָן דאָלער ($71,000,000) אין דיווידענדען צו די קאָנסומערס.

צופעליג וואָלטען זיי אויך אויסגעפונען, דאָס די קאָאָפּעראַטיווען זיינען צווישען די גרעסטע איינצעל קויפערס פון ענגלאַנד ביי די ניו יאָרק פּראָדיוס עקסטשיינדזש און די גרעסטע עקספּאָרטערס פון פּוטער אין אירלאַנד; דאָס זיי באַזיצען די גרעסטע סקלאַדען און די בעסטע שוך־פאַבריקען פון ענגלאַנד; דאָס זיי האָבען איינקויפערס אין יעדער וויכטיגער שטאָדט אין דער וועלט; דאָס זיי באַזיצען אויך טויזענדער אַקערס פאַרם־לאַנד; דאָס זיי האָבען זייערע אייגענע שיפען, טעע פּלאַנטאַציעס אין סילאָן, פאַבריקען אין אויסטראַליען און אַגענטען אין יעדען וויכטיגען וועלט צענטער; דאָס זיי גיבען יעהרליך אוים טויזענד דאָלער פאַר קולטורעלע צוועקען; דאָס די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז געוואַקסען זעקס מאָל שנעלער פאַר דער ענגלישער באַפעלקערונג.

ניין, פון די קאָאָפּעראַטיוועו לאַכט מען שוין ניט מעהר: די פּריוואַטע סוחרים האָבען שוין פאַר זיי מורא. דער קאָאָפּעראַטיווער קאָנגרעס אין ג ל א ז ג אָ ו איז ניכער געווען אַ קריעגס־

באַראַטונג געגען דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם, ווי אַ פּרידליכער קאָנגרעס.

וואָס פּאַר אַ שטיצע די „אינדוסטריעלע רעפּובליק“ פון די קאָנסום־פּאַראיינען איז פּאַר׳ן קאַמף פון די ארבייטער געגען קאַפּי־טאַליזם, קען מען זעהן פון פאָלגענדען ביישפּיעל, וועלכער, אגב אורחא, כאַראַקטעריזירט אויך די געשעפטסמעסיגקייט פון די ענג־לישע קאָאָפּעראַטיוון.

אין 1913 זיינען אין דובלין, אירלאַנד, אַרום 30 טויזענד דאָק־אַרבייטער אַרויס אין סטרייק. דער סטרייק האָט זיך פאַרצויגען לאַנג, און דער הונגער האָט זיך גענומען שטאַרק פיהלען. עס איז געווען העכסט נויטיג צו באַזאָרגען די סטרייקערס מיט שפּייז־פּראָדוקטען. דער בריטישער טרייד יוניאָן קאָנגרעס האָט באַווי־ליגט 25 טויזענד דאָלער אויף שפּייז פּאַר די סטרייקערס. אָבער קיין ענגלישער באַנק האָט ניט געוואָלט געבען קיין הלואה אויפ׳ן וועקסעל פון די טרייד־יוניאָנס.

„ווילט איהר באַזאָרגען 30 טויזענד הונגעריגע אירלענדישע אַרבייטער מיט שפּייז אויף די גאַראַנטי פון אונזער אַ וועקסעל?“ — האָט דער קאָנגרעס אָנגעפרעגט די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל סאָסייעטי, אין מאַנטשעסטער.

„אין 48 שטונדען וועט איהר ערהאַלטען 30 טויזענד פּעקלעך מיט שפּייז־פּראָדוקטען“, — איז געווען דער ענטפער פון דעם אָרטיגען מענעדזשער. אין דער באַשטימטער צייט האָבען די סטרייקערס ערהאַלטען 30 טויזענד פּעקלעך. אין יעדען פּעקעל איז געווען 2 פונט איינגעמאַכטס און אַזוי פיעל צוקער; אַ פונט מאַרינירטע פיש, אויך פּוטער און קעז. אין צוויי טעג אַרום זיינען אָנגעקומען די איבריגע 30 טויזענד פּעקלעך. אין יעדען פון דיזע פּעקעלעך איז געווען אויך צו 10 פונט קאַרטאָפעל.

איידער דער סטרייק האָט זיך געענדיגט, האָט די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל סאָסייעטי אַרויסגעשיקט 17 שיפען מיט פּראָדוקטען פּאַר די סטרייקער. אַ דאַנק דיזע שטיצע איז עס די דובלינער דאָק־אַרבייטער געלונגען אַרויסצוווייזען זייער גלענצענ־דען ווידערשטאַנד געגען פאַראייניגטען קאַפּיטאַל.

## די קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס.

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין ענגלאַנד איז טעריטאָריעל

צוטיילט אין ע נ ג ל י ש ע און ש א ט ל ע נ ד י ש ע (סקאָ־טישע). אין יעדער פון זיי זיינען פאראן צוויי אפטיילונגען פון קאָנסום פאראיינען: ריטייל און האָלסייל. לאָקאלע געזעל־שאפטען זיינען פאראן, ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט, ארום 14 הונדערט. ארום זעקס־זיבעטלעך פון דיזע געזעלשאפטען זיינען אָנגעשלאָסען אָן די האָלסיילס, פון וואנען זיי קריגען ארום דריי פערטעל פון זייערע פּראָדוקטען. צוויי פון די גרעסטע געשעפטען, אין מ א נ ט ש ע ס ט ע ר און ג ל א ז ג א ו, ווערען באַנוצט אַלס העדקוואָרטערס פון די ענגלישע און סקאָטישע האָלסיילס.

ארום 6 קאָאָפּעראטיווע געשעפטען האָבען איבער 30 טויזענד מיטגליעדער און באשעפטיגען צווישען 1000 אין 2000 ארביי־טער. הונדערטער קאָאָפּעראטיווען האָבען איבער 500,000 דאָלער אַ יאָהר אומזאַץ, און אַ מיטגלידערשאפט פון איבער 5 טויזענד. אַ גאנצע געגענד — קלאקמאננאן — האָט מעהר קאָאָפּעראטאָרס ווי אָרטיגע היימען. די גרעסטע צאָהל קאָאָפּעראטאָרס געפינט זיך אין ל י ד ז (ענגלאנד) און די גרעסטע קאָאָפּעראטיווע גע־שעפטען ווערען געמאכט אין ע ד י נ ב ו ר ג (סקאָטלאנד).

אין אַ סך שטעדט זיינען די קאָאָפּעראטיווען דער הויפּט פון׳ם עקאָנאָמישען לעבען. אין דעסבאראה, למשל, באַגנוגענט זיך ניט די אָרטיגע קאָאָפּעראטיווע געזעלשאפט מיט פארקויפען נויטיגע לעבענס־מיטלען, נאָר זי פארוואלטעט אויך אזעלכע אונטערנעמונ־גען, וועלכע באַלאנגען אין אנדערע שטעדט אויסשליסליך צו פּריי־וואטע אונטערנעמער. אָט, צ. ב. ש., האָט זי אָפּגעקויפט דעם שכנ׳ישען ווילעדזש פון האַרינגטאָן און באזיצט איבער 4000 אקער לאנד; זי באזאָרגט איהרע מיטגליעדער מיט קליידער, מעבעל, וואָהנונגען, קויהלען, מילך, פלייש, עופות, פּרוכט און גרינצייג פון איהרע אייגענע פארמס, א. ד. גל.

אין 1907 האָבען ארום 400 קאָאָפּעראטיווע געזעלשאפטען אויסגעגעבען אָן ערך פון 50 מ י ל י א ן ד אָ ל ע ר אויף בויען 50 טויזענד וואָהן־הייזער, פון וועלכע דער גרעסטער טייל איז נאָכדעם איבערגעגאנגען צו אינדיווידועלע מיטגליעדער דורך טיילווייזע אָפּצאָהלונגען.

אין פיעלע ערטער, זיינען די קאָאָפּעראטיווען די איינציגע געזעלשאפטליכע און אינטעלעקטועלע צענטרען. די קלוב רומס פון

די קאָאָפּעראַטיווען זיינען יעדען אווענד געפּאַקט מיט אַרבייטער, וועלכע קומען באַשפּרעכען פאַרשיעדענע טאָגעס־פּראַגען.

## דער אונטערשיעד פון אַ קאָאָפּעראַטיווע און פּריוואַטע אונטערנעמונג.

ווי אַזוי ווערען דיזע הונדערטער קאָאָפּעראַטיווען פּאַרוואַלטעט ? מיט וואָס אונטערשיידען זיי זיך פון די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען ? דיזע פראַגען, האָבען מיר שוין באַריהרט אין ערשטען טייל פון דיזען בוך. מיר וועלען זיך דאַריבער דאָ באַגנוגענען מיט מעגליך קורצע אַנטוואָרטען.

יעדע פּערזאָן קען צו יעדער צייט ווערען אַ מיטגליעד אין אַ קאָאָפּעראַטיוו. זי מוז נאָר קויפען אַ שער (אַ חלק) פאַר 5 דאָלער, אין פיעלע קאָאָפּעראַטיווען רעכענט מען שוין פאַר אַ מיטגליעד זאָגאָר דעם יעניגען, וועלכער צאָהלט איין די ערשטע 25 סענט. דאָס איבריגע קען אויסגעצאָהלט ווערען אפילו מיט דיווידענדען.

די קאָאָפּעראַטיווע קראָם פאַרקויפט כמעט אויף די זעלבע פּרייזען ווי דער פּריוואַט קרעמער, אָבער זי גאַראַנטירט די ריינקייט פון די פּראָדוקטען, די קוואַליטעט, וואָג און מאָס. עס איז אַן אָנגענומענער כלל ביי אַלע קאָאָפּעראַטיווען ניט צו פאַרקויפען אויף קרעדיט: דורך דעם ווערט דער אַרבייטער צוגעוואוינט צו שפּאַרזאַמקייט; אויך שפּאַרט דער קאָאָפּעראַטיוו איין באַזונדערע הוצאות אויף בוך־פיהרונג. ענדע פון יעדע דריי מאָנאַטען ווערען די פּראָפּיטען, אָדער דער סוירפּלוס פון ריוח, פינאַנ־דערגעטיילט פּראָפּאָרציאָנעל צווישען די קאָנסומערס, לויט דער סומע אויף וויפיעל יעדער האָט געקויפט. דיזע דיווידענדען, — די פינאַנדערגעטיילטע פּראָפּיטען, — באַטרעפען פון 7 און 12 פּראָצענט.

אין אַ פּריוואַטע געזעלשאַפט ווערען דיווידענדען אויסגעצאָהלט נאָך די צאָהל שערס נאָך, וואָס יעדער איינער האַלט. אַ קאָאָפּעראַטיווע צאָהלט דיווידענדען נאָר לויט דער סומע, וואָס אימיצער האָט איהר געגעבען צו לייזען. אין קאַפּיטאַליסטישע קאָרפּאָריישאָנס האָט אַ שער־האָלדער אַזוי פיעל שטימען וויפיעל שערס ער האָט; אין אַ קאָאָפּעראַציע אָבער האָט יעדער שער־האָלדער נאָר איין שטימע, אָפּגעזעהן פון דער צאָהל שערס.

עס איז זעלטען צו געפינען א קאָאָפּעראַטיוו, וואו אן אָנגעשטעלטער אָדער אַן ארבייטער זאָל האָבען דאָס רעכט ער־וועהלט צו ווערען אין וועלכער־ניט־איז פּארוואלטענדע קאָמיטע אדער אמט. יעדער אָנגעשטעלטער אדער ארבייטער האָט אָבער א רעכט, און אין מאנכע ערטער איז ער זאָגאר געצוואונגען, צו ווערען א מיטגליד פון דער געזעלשאפט. דאָס רוב מיטגלידער פון די קאָאָפּעראַטיווען זיינען פּשוט'ע ארבייטער: וועבערס, מיי־נערס, א. ד. גל. — און די פּארוואלטענדע קאָמיטעען און מענע־דזשערס באַשטעהען דאריבער אויך פון דיזע קלאסען.

אין א פּריוואַטער אונטערנעמונג, אזוי גוט ווי אין קאָאָפּע־ראטיווע שעפּער, איז די צאָהל מיטגלידער באגרענעצט. אין א קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו איז פּונקט דער היפך: וואס מעהר מיט־גליעדער ער צעהלט, אלץ אין א גרעסערע מאָס, און דאריבער אלץ אויף קלענערע פּרייזען קען ער איינקויפען סחורות.

## די פארצווייגטע קאָאָפּעראַטיווע אפּטיילונגען.

באלד אין אנפאנג, ווי עס האָבען זיך גענומען גרינדען קאָאָפּע־ראַטיווע ריטייל קראָמען, האָבען זיי זיך אָנגעשטויסען אן א שונא — אָן האָלסיילער. די האָלסיילערס האָבען געטאָן אלעס מעגליכעס צו שטערען די קאָאָפּעראַטיווע געשעפטען. און ניט איינמאָל האָ־בען זיי זיך אין גאנצען ענטזאגט צו פארקויפען פּראָדוקטען צו די קאָאָפּעראַטיוון. האָבען זיך די קאָאָפּעראַטיווען ארומגעזעהן און גענומען גרינדען אייגענע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל געשעפטען.

אין 1863, ארום צוואנציג יאָהר נאָך דער גרינדונג פון דער ראָטשדיילער קאָאָפּעראַטיווער קראָם, האָבען עטליכע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען אין מאנטשעסטער געגרינדעט א צענטראַלען סקלאַד (וואַארען־לאַגער).

דער קאָאָפּעראַטיווער וואַארען־לאַגער איז געוואקסען און האָט פארגרעסערט די צאָהל דעפּארטמענטס (פון די אדער יענע סחורות). מיט דער צייט האָט ער געעפענט ברענטשעס אין לאָנדאָן, ניוקעסל און אין אנדערע שטעט. עס האָט ניט לאנג גענומען און אזעלכע וואַארען־לאַגערען זיינען ערשיענען איבער גאַנץ ענגלאנד.

די ענגלישע קאָאָפּעראַטאָרס זיינען געגאנגען נאָך ווייטער. זיי האָבען איינגעזעהן, דאָס אום צו ווערען וואָס מעהר אונאפּהענגיג

פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, מוזען זיי קומען אין נעהענ־טערע באַריהרונגען מיט די פּראָדוצירער. האָבען זיי דאַריבער גענומען אַרויסשיקען אַגענטען אין פאַרשידענע וויכטיגע וועלט־טיילען אויף איינצוקויפען סחורות וואָס ווערען ספּעציעל דאָרטען פּראָדוצירט.

אויף דעם זיינען געוועזן נויטיג שיפען. האָבען זיך די קאָאָפּע־ראַטיוון באַזאָרגט מיט עטליכע שיפען. זיי האָבען געגרינדעט אויך איינקויף־דיפּאָס אין פאַרשידענע אויסלענדישע צענטרען, ווי קאָרק, ניו יאָרק, האַמבורג, קאָפּענהאַגען, גאָהענבורג, סילאָן, דעניא (שפּאַניען), מאָנטרעאַל, א. ז. וו.

אויך מיט דעם האָבען זיך די ענגלישע קאָאָפּעראַטיוון ניט באַגנוגענט. זיי האָבען באַלד אויסגעפונען, דאָס אויב זיי וועלען ניט האָבען קיין אייגענע פאַבריקען און שעפּער, וועלען זיי ניט האָבען די בעסטע סאָרטען פּראָדוקטען. דער רעזולטאַט איז געווען, דאָס זיי האָבען ערעפענט אַ רייהע פאַבריקען.

אין אנפאַנג האָבען זיי געגרינדעט פאַבריקען אין דער שפּייז־אינדוסטריע; נאָכהער האָבען זיי געעפענט פאַבריקען אויך פון שיך און קליידונג, שפּעטער אויך פון זייף, מעבעל, מעדיצינישע אַרטיקלען, א. ז. וו. אין 1912 האָט די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל געהאַט 40 אַזעלכע שעפּער, און די סקאָטישע האָלסייל אַרום אַ דאָזען.

די ענגלישע קאָאָפּעראַטאָרס האָבען זיך אויך ביי דעם ניט אָפּגעשטעלט. אַ באַוועגונג „בעק טו דהי לענד“ איז ביי זיי ענטשטאַ־נען: די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג וועט ערשט דאַמאָלס האָבען איהר ריכטיגען געשטאַלט, — האָבען זיי געְ'טענה'ט, — ווען די רויהע מאַטעריאַלען וועלען גענומען ווערען פון אייגענע פעלדער.

נאָך לאַנגע דיסקוסיעס האָבען זיי אין מערב־טייל פון ענגלאַנד געקויפט אַרום 700 ביז 800 אַקער לאַנד פאַר 150,000 דאָלער. עס האָט ניט לאַנג גענומען און די שטיק לאַנד איז באַדעקט געוואָ־רען מיט טויזענדער פרוכט־בוימער, טאָמייטאָס, אוגערקעס און אַנדערע גרינצייגען. אויסער דעם איז דאָרטען אויפגעבויט געוואָ־רען אַ שעהנע ערהאָלונגס־היים פאַר קראַנקע מיטגליעדער.

אין אכט יאָהר אַרום האָבען די קאָאָפּעראַטאָרס אָפּגעקויפט לעבען הערעפאָרד נאָך אַ שטיק לאַנד, וואָס האָט געהאַט אַן ערך פון 22,000 פלוימען־בייטען, 4,500 עפּעל בוימער און איבער 100

טויזענד גוסבערי בושעס (אגרעס). אין 1912 און 1913 איז דער האָלסייל געוואָרען אייגענטימער אויף פון א היבשער צאָהל פארמס, וועלכע גיבען זיך אויך אָפּ מיט פיהצוכט.

טאָמער זיינען פאר זיי געווען וועניג די פארמס אין ענגלאנד, האָבען די קאָאָפּעראטאָרס געקויפט טהעע־פּלאנטאציעס אין סילאָן און פיהרען אָן א גרויסען טהעע האנדעל.

## בענק און אינשורענס.

שוין אזוי פריה ווי 1872 האָט די ענגלישע קאָאָפּעראטיווע האָלסייל אָנגעהויבען איהר קאריערע אלס באנקיער מיט דעם, וואָס זי האָט געגרינדעט א דעפּאָזיט און לאָאן דעפּארטמענט, וועלכער איז מיט דער צייט פארוואנדעלט געוואָרען אין א גרויסע באנק־אפּטיילונג פון דער קאָאָפּעראטיווער האָלסייל סאָסייעטי (אָדער ווי זי ווערט גערופען אין ענגלאנד נאָך איהרע איניציאַלען C. W. S.). די קאָאָפּעראטיווע ריטייל קראָמען דעפּאָזיטען דאָרטען זייערע געלדער, און באָרגען דאָרטען סומען ווען נויטיג. אין 1913 האָבען די דעפּאָזיטס און די הלואות באטראָפען 850 מיליאָן דאָלער.

לעצטענס האָט די קאָאָפּעראטיווע האָלסייל סאָסייעטי אויך ערלויבט אינדיווידועלע מיטגליעדער צו דעפּאָזיטען געלדער אין זייער באנק, וועלכער גיט שוין הלואות אויך צו איינצעלנע מיטגלי־דער פון די קאָאָפּעראטיווע קראָמען אויף צו בויען אָדער צו קויפען אייגענע היימען.

פיער יאָהר נאָך איהר גרינדונג איז שוין די האָלסייל געווען אימשטאנדע צו נעמען די אויפזיכט אויף איהר אייגענע פייער־אינשורענס. אין אָנפאנג איז געגרינדעט געוואָרען א ספּעציעלע געזעלשאפט, וועלכע האָט זיך אָפּגעגעבען מיט דער פארסטראכירונג פון די קאָאָפּעראטיווען. ארום 1911 האָבען די סקאטישע און ענגלישע געזעלשאפטען איבערגענומען די אינשורענס אין זייערע אייגענע הענט. און יעצט נעמט דער אינשורענס דעפּארטמענט אָן יעדע מין פארזיכערונג, ווי, למשל, פון פייער, עקסידענט, טויט, ארבייטער קאָמפּענסיישאָן און געגען גנבות.

ווען אָן ענגלישער קאָאָפּעראטאָר וויל פארזיכערען זיין הויז פאר 500 דאָלער געגען פייער, דארף ער צאָהלען 50 סענט א יאָהר; געגען גנבה — 82 סענט. ארום א העלפט פון די גאנצע אינ־דוסטריעלע אינשורענס־ביזנעס פון ענגלאנד געפינט זיך אין די

הענט פון די קאָאָפּעראַטיווען! ווען די קאָאָפּעראַטאָרם וואָלטען ניט מעהר אויפגעטאָן ווי דיזע זאַך — ארויסנעהמען אזא גרויסע סומע פון רשות פון׳ם קאפּיטאַליזם, וואָלט שוין זייער פּאָרדיענסט אויך געווען אונגעהייער גרויס.

אָבער דער וויכטיגסטער אויפטו פון זייער אינשורענס דע־פּארטמענט, איז דער „קאָלעקטיווער אינשורענס פּלאַן", וואָס איז ניט לאנג צוריק אָנגענומען געוואָרען ביי דער האָלסייל. נאָך דיזען פּלאַן נאָך קען זיך א ריטייל קאָאָפּעראַטיווע קראָם אינשורען אלס א געזעלשאַפט. די קאָאָפּעראַטיווע קראָם צאָהלט איין דעם האָל־סייל אינשורענס דעפּארטמענט צוויי סענט א יאָהר פון יעדע 5 דאָלער, וואָס א מיטגליעדער קויפט איין אין דער סטאָר. דורך דעם ווערען אַלע מיטגליעדער פון דער סטאָר אויטאָמאַטיש אינשורט. דער קאָאָפּעראַטיווער פאַרזיכערונגס דעפּארטמענט דאַרף ניט אויס־געבען קיין עקסטרא הוצאות אויף צו קאָלעקטען די געלד, דאַרף ניט קיינע אינשורענס אגענטען, האָט ניט קיינע „לעפּסעס" און נויטיגט זיך ניט אין קיין באַזונדערע אָפיסעס. טויטען־פאַרזי־כערונג ווערט געצאָהלט צו די מיטגליעדער, לויט די דורכשניטליכע יעהרליכע איינקויפונגען, וואָס דער אָדער יענער מיטגליעדער האָט געמאַכט אין דער קאָאָפּעראַטיווער סטאָר פאַר די לעצטע דריי יאָהר פאַר זיין טויט.

צום ענדע פון 1913 האָבען ארום 400 קאָאָפּעראַטיווע געזעל־שאַפטען אויסגענוצט דיזען פּלאַן, און איבער אכט הונדערט טויזענד מיטגליעדער זיינען אינשורט געוואָרען.

די הוצאות, וועלכע דער קאָאָפּעראַטיווער אינשורענס דע־פּארטמענט מאכט, זיינען זעהר קליין: וועהרענד אין די פּריוואַטע אינשורענס־קאָמפּאַניעס געהט פון יעדע איינגעצאָהלטע 25 סענט ארום 11 סענט אויף הוצאות, געהט לויט דעם קאָאָפּעראַטיווען קאָלעקטיווען פּלאַן בלויז איין סענט, פון יעדע איינגעצאָהלטע 25 סענט, אויף הוצאות.

## קאָאָפּעראַציע און בילדונג

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג גיט זיך, אמת, הויפּטזעכליך אָפּ מיט דאָלארס און פּעניס, אָבער, זי טוט פיעל אויף אויך אויף׳ן געביט פון דער אַלגעמיינער קולטורעלער ערציהונג פון ארבייטער־קלאַס. פיעלע קאָאָפּעראַטיווען לעגען יעהרליך אַוועק צוויי און

א האלב פראצענט פון ריינעם פראפיט — מאנכע לענען זאגאר אוועק 5 און מעהרערע פראצענטען — פאר בילדונגס־צוועקען.

די ענגלישע קאאפעראטארס, צ. ב. ש., האבען ארום 9 יאהר נאך דער עטאבלירונג פון דער קאאפעראטיווער האלסייל סאסייעטי, געגרינדעט א ספעציעלען קאאפעראטיווען פארבאנד, — „דהי קא־אפערייטיוו יוניאן“, — וועלכער גיט זיך אפ מיט קולטורעלע ארבייט.

דער פארבאנד האט שוין ארויסגעלאזען טויזענדע פאמפלעטס, בראשורען און אפהאנדלונגען איבער קאאפעראציע, האט ערעפענט צעהנדליגע ביבליאטעקען (לייברעריס) און לעזע־צימערען ; פיהרט דורך סיסטעמאטישע קורסען און לעקציעס איבער פארשיעדענע סאציאלע פראגען ; האט אויסגעאיבט א שטארקען איינפלוס אויף פארשידענע פאליטישע קערפערשאפטען, אז די פריווילעגיען און רעכטע פון די קאאפעראטיווען זאלען ניט אנגעגריפען ווערען ; ארגאניזירט גאנץ אפט אונטערהאלטונגס־און ארגאניזאציאנס־אווענדען ; גיט פראקטישע עצות צו קאאפעראטיווע סטארס ; איז דער שטענדיגער פארמיטלער אין אלע סכסוכים אינערהאלב דעם קאאפעראטיוו ; האט געמאכט פלענער פאר א גרויסען קאאפעראטיווען קאלעדזש, און האט געהאלפען פאראייניגען אלע קאאפעראטיווע כוחות דורך טויזענדער וועגען.

די קאאפעראטיווע באוועגונג פארזעהט אויך ניט די הויז־פרוי, וועלכע זי מאכט אקטיוו אין סאציאלען לעבען.

אויך גיבען זיך די קאאפעראטארס אפ מיט פארשידענע פאר־וויילונגען (אמיוזמענטס), ווי, למשל, קאנצערטען, טעאטער, בעלער, שפאציר־גענגע, עקסקורסיאנען, א. ד. גל. די סקאטישע קאאפע־ראטיווען האבען אויך א גרויסען קעמפ פאר זייערע מיטגלידער, לעבען איינעם פון די שענסטע אזערעס אין סקאטלאנד.

## די קאאפעראטיווע האלסייל סאסייטי.

די קאאפעראטיווע האלסייל סאסייטי ווערט פארוואלטעט אויף דעם זעלביגען דעמאקראטישען באזיס, ווי די קאאפעראטיווע ריטייל קראמען. פון די 14 הונדערט קאאפעראטיווע קראמען, וועלכע געפינען זיך אין ענגלאנד, באלאנגען 12 הונדערט צו די ענגלישע און סקאטישע האלסיילס. יעדער קאאפעראטיוו, וואס שליסט זיך אן אן דער האלסייל, דארף געבען 5 דאלערדיגע שערס

פאַר יעדען מיטגליעד, וועלכען ער האָט. אין דער ענגלישער האָל־סייל האָט דער פאַראיין אֵ י ן שטימע — פאַר יעדע 500 מיטגליעדער, וועלכע ער האָט; אין דער סקאָטישער זיינען די שטימען פּראָפּאָרציאָנעל צו דער סומע, וויפיעל יעדער פאַראיין קויפט אין דער האָלסייל.

די פאַרוואַלטונג פון דער ענגלישער האָלסייל געפינט זיך אין די הענד פון 32 דירעקטאָרען, ערוועהלט אויף צוויי יאָהר צייט אויף'ן אַלגעמיינעם מיטינג פון די ריטייל סטאָרס. די דירעקטאָ־רען גיבען אַוועק זייער גאַנצע צייט צו דער האָלסייל און קריגען א גלייכען געהאַלט פון 1,750 דאָלער א יאָהר. פאַרגלייכט דיזען געהאַלט מיט די סאַלאַרים פון די דירעקטאָרען פון פּריוואַטע אונ־טערנעמונגען!

12 דירעקטאָרען ווערען ערוועהלט ביי דער סקאָטישער קאָ־אָפּעראַטיווער האָלסייל און קריגען אויך עהנליכע שכירות. כמעט אַלע דירעקטאָרען זיינען געוועזענע אַרבייטער.

## די באַציהונגען צווישען די קאָאָפּעראַטאָרס און זייערע אַרבייטער.

זינט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג עקזיסטירט, האָט זי שטענ־דיג ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט געשענקט צו איהרע אַרבייטער און אָנגעשטעלטע. אין די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַטיוען זיינען די אַרבייטער די גאַנצע בעלי דעות.

אָט, צ. ב. ש., אין דער „נעיסאָן סעלף העלפּ מאַנופעקטשורינג סאָסייטי", (אין ענגלאַנד), וועלכע איז איינע פון די וועניגע פּראָ־דוקטיווע קאָאָפּעראַציעס וואָס האָבען געהאַט א שטיקעל ערפאָלג, — זיינען די אַרבייטער די אמת'ע בעלי בתים.

וואָס אַנבעלאַנגט די קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוען, איז הגם זייער אַרבייטער קאָנטראָלירען ניט אַליין די שעפּער, אַרבייטען זיי פונ־דעסטוועגען, דורכשניטליך, אונטער א סך בעסערע באַדינגונגען, ווי די אַרבייטער פון די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען. די אַרבייטער קענען האָבען א שטימע אויך אין דער פאַרוואַלטונג פון די אונטערנעמונגען, אָבער נאָר ווען זיי ווערען מיטגליעדער אין קאָאָפּעראַטיוו. מיט אַנדערע ווערטער: זיי קענען שטימען אַלס מיטגליעדער, אָבער ניט אַלס אָנגעשטעלטע.

ווען אין א טרייד, אין וועלכער די קאָאָפּעראַטיוען זיינען

טעטיג, איז פאראן א יוניאָן, ווערען די ארבייטער צוגערעדט זיך אנצושליסען אָן איהר. אין פיעלע קאָאָפּעראַטיווען זיינען די אנגעשטעלטע געצוואונגען צו ווערען יוניאָן־לייטע.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואס די ארבייטער פון די קאָאָפּעראַטיוועו קריגען איבעראל דעם פולען יוניאן סקייל, און ניט זעלטען פאר קירצערע ארביימס־שטונדען. אויף פייערען די קאָאָפּעראַטיוועו מעהרערע ימים־טובים, ווי די פּריוואטע אונ־טערנעמער. אין די ענגלישע קאָאָפּעראַטיוועו איז אויך פאראן א „מינימום סקייל אָוו וויידזשעס" פאר מענער און פרויען־ארביי־טער. אין צייט פון א קראנקהייט, אָדער סתם אן אומגליקספאל פון אן ארבייטער, האנדלען די קאָאָפּעראַטיוועו אויך גאָר אנדערש, ווי די קאפּיטאליסטישע אונטערנעמונגען.

אין דער גרויסער (קאָאָפּעראַטיווער) קראמפּסאל ביסקוויט פאבריק, וועלכע איז די גרעסטע פון איהר זאָרט אין ענגלאנד, קומט אויף יעדען ארבייטער אוים פיער אדער פינף מאָל מעהר פּלאַץ, ווי דאָס געזעץ שרייבט פאָר. עס איז זעלטען צו געפינען אזא ליכטיגע און סאניטארע פאבריק ווי דיזע. דאָס איז די איינציגע ביסקוויט פאבריק אין ענגלאנד, וואו עס איז איינגע־פיהרט אן 8 שטונדיגער ארבייטס־טאָג און פינקטליך יוניאָן באַ־דינגונגען. אין דער פאבריק זיינען דאָ ספּעציעלע ערהאָלונגס־צימערען פאר די ארבייטער, פּיאנאָס, גראַמאפאָנס, א רייכע ביב־ליאָטעק און כמעט אלע ענגלישע צייטונגען און זשורנאלען. לע־בען דער פאבריק געפינט זיך אויף א פּלאַץ פאר טעניס, אטלעטיקס און אנדערע פארוויילונגען. צו איהר באלאנגען אויך פרייע זו־מער קעמפּס און א טאנץ־זאאל. גאנץ אָפט ווערען פאר די אר־בייטער פאראנשטאלטעט אונטערהאלטונגס־אווענדען, קאָנצערטען א. ד. גל.

די סקאטישע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל גיט אויך א ספּעציע־לען יעהרליכען באָנוס (געשאנק) צו איהרע ארבייטער, פּראָפּאָר־ציאָנעל צו די פּראָפיטען, וואָס שטעלען זיך אָפּ. אויך דער ענג־לישער האָלסייל האָט געהאט איינגעפיהרט צו געבען א באָנוס די ארבייטער. אָבער מעהר ווי עטליכע יאָהר האָט דאָס ניט אָנ־געהאלטען. אלס אורזאכע האָט דער האָלסייל אָנגעגעבען:

„דער פּוירפּלוס פון די אונטערנעמונגען ווענדעט זיך ניט אזוי פיעל אָן דער טיכטיגקייט און געטריישאפט פון די ארבייטער, ווי

אַן דעם מארקעט. די פּראָפיטען באַלאַנגען דעריבער ניט צו די פּראָדוצירער, ארבייטער, נאָר צו די קאָנסומער, קויפער."

אויב די באַדינגונגען פאַר די ארבייטער זיינען אין די ענג־לישע קאָאָפּעראַטיווען א סך בעסער ווי אין די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען, קען מען אָבער דאַס זעלבע ניט זאָגען אויף די העכערע אַנגעשטעלטע, אויף די פאַרשטעהער פון אינטעליגענטע פּראָפעסיעס. די העכסטע סאַלארי וואָס א מענעדזשער קריגט אין א קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעמונג אין ענגלאַנד און אין סקאָטלאַנד — איז $1000 א יאָהר. קיינער פון די דירעקטאָרען פון דער קאָלאָ־סאַלער ענגלישער האָלסייל, ווי שוין גע׳זאָגט, קריגט ניט מעהר ווי 1,750 דאָלאַר א יאָהר. די מענעדזשערס פון די קאָאָפּעראַ־טיווע פעקטאָרים קריגען צווישען 2 טויזענד און 4 טויזענד דאָלאַר א יאָהר. אין דעם ערך קריגען אויך די מענעדזשערס פון די קאָ־אָפּעראַטיווע סטאָרס, וועלכע מאַכען א יעהרליכען אומזאַץ פון אי־בער 2 מיליאָן און 5 הונדערט טויזענד דאָלאַר. דער דזשענעראַל מענעדזשער פון א דורכשניטליכען ריטייל קאָאָפּעראַטיוו קריגט נאָר פון 20 ביז 25 דאָלאַר א וואָך.

אין פּריוואַטע אונטערנעמונגען וואָלטען דיזע אַנגעשטעלטע געקראָגען כפל כפלים. אָבער זיי בלייבען אין קאָאָפּעראַטיוו אויס אידעאַליזם.

* * *

וואָס האָבען די מיטגלידער און דאָס אַלגעמיינע פּובליקום געוואונען זינט דער עקזיסטענץ פון די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווען?

די קאָאָפּעראַטיווען האָבען איינגעשפּאָרט זייערע ארבייטער־מיטגלידער צעהנדליגע מיליאָן דאָלאַרס, וועלכע וואָלטען, ווען ניט די קאָאָפּעראַטיווען, צוגענומען געוואָרען פון די קליין־הענדלער און סוחרים. זיי האָבען באַפרייט די ארבייטער פון דער קרעדיט סיסטעם; האָבען באַשאַפען לייכטע מיטלען צו שפּאָרען געלט, און, מעהר פאַר אַלעם — א געלעגענהייט צו קריגען די ריכטיגע וואָג און מאָס, אזוי גוט ווי די ריכטיגע זאָרטען סחורות.

אָבער די בעסטע זאַך, וואָס די קאָאָפּעראַטאָרס האָבען באַ־וויזען דורכצופיהרען, זיינען די ערציהונגס־רעזולטאַטען. די קאָ־אָפּעראַטאָרס אין ענגלאַנד האָבען געגעבען א געלעגענהייט צעהנד־ליגע טויזענדער ארבייטער אליין זיך אויסצולערנען צו פאַרוואַל־טען זייערע אונטערנעמונגען; זיי האָבען הונדערטע טויזענדער

ארבייטער צוזאַמענגעבראַכט צוזאַמען און באַשאַפען צווישען זיי שטאַרקע געזעלשאַפטליכע פאַרבינדונגען; זיי האָבען פאַרבערייטעט אַ גאַנצע אַרמעע פרייע ארבייטער צום סאָציאַליזם.

יאָהרהונדערטע האָט מען אונז געשטאָפּט מיט׳ן געדאַנק, דאָס די ארבייטער זיינען ניט פעהיג אַליין צו פאַרוואַלטען זייערע אינטערעסען. זיינען געקומען די קאָאָפּעראַטאָרס און האָבען באַשיינפערליך באַוויזען פונקט דעם היפוך.

און ווער איז עס אימשטאַנד אויסצורעכענען, וויפיעל מיליאָנען דאָלאַרס דער ארבייטער־קלאַס האָט אָפּגעשפּאָרט דורך די אינדירעקטע הילפע פון די ענגלישע קאָאָפּעראַטיוועו, — דורך דעם, וואָס די פּריוואַטע אונטערנעמער זיינען געצוואונגען געווען אַזוי פיעל יאָהרען אָנצוהאַלטען די זעלבע נידעריגע פּרייזען ווי די קאָאָפּעראַטיווע?

אַם בעסטען האָבען זיך אין דיזער הינזיכט די קאָאָפּעראַטיווען ארויסגעצייגט אין דער צייט פון דער לעצטער וועלט־מלחמה.

## צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

# רוסלאַנד

## דער אָנפאַנג.

די רוסישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז געבאָרען געוואָרען אַרום 1865 — אין דער „עפּאָכע פון גרויסע רעפאָרמען“, וואָס האָט געפאָלגט נאָכ'ן סעוואסטאָפּאָלער קריעג. רוסלאַנד האָט זיך גענומען ערנסט צוקוקען צום מערב־אייראָפּעאישען געזעלשאַפטליכען לעבען.

דער קאָאָפּעראַטיווער געדאַנק, וועלכער האָט זיך צו יענער צייט פאַרשפּרייט אין מערב־אייראָפּא, האָט געפונען שטאַרקע אנהענגער אויף צווישען די פּראָגרעסיווע רוסישע דענקער. די צוויי גרויסע רוסישע פּובליציסטען טשערנישעווסקי און דאָבראָליובאָוו, — פּאַקטיש די ערשטע רוסישע סאָציאַליסטען, — האָבען מיט ערפאָלג פּראָפּאַגאַנדירט די אידעען פון ראָבערט אָועען און פוריע. אויך פּראָפעסאָר נ. זיבער האָט א סך געטאָן פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער אידעע.

און אין אָקטאָבער, 1865, זיינען געגרינדעט געוואָרען צוויי אונטערנעמונגען: א קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו אין ריגא און א קרעדיט־געזעלשאַפט אין קאָסטראָמער געגענד. דיזע אונטערנעמונגען האָבען באַלד געפונען א סך אָנהענגער און נאָכפאָלגער. אַזוי, למשל, זיינען געגרינדעט געוואָרען קאָאָפּעראַציעס אין רעוועל, פּעטראָגראַד, ליבוי, אָדעס, מיטאַו א. אַז. וו. די עלטסטע פון די עקזיסטירענדע קאָאָפּעראַציעס זיינען געגרינדעט געוואָרען אין פּערם'ער געגענד, אַרום 1866.

די זעמסטוואָס האָבען פון אָנפאַנג אָן געשטיצט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין רוסלאַנד. פון די 70־ער יאָהרען אָן אָסיגנירען זיי ספּעציעלע סומען פאַר לייה־און־שפּאַר־קאַסעס, צ. ב. ש. אין 1871 איז געגרינדעט געוואָרען די קאָמיטע פאַר לאַנדווירטשאַפטליכע הלוואות און אויך פאַר שפּאָרונג (סייווינגס), און עס איז

אויף געגרינדעטע געוואָרען אַ קאָמיטעט פאַר אינדוסטריעלע געזעל־שאַפטען. דיביידע קאָמיטעטען האָבען פיעל געהאָלפען די קאָאָפּע־ראַטיוועו באַוועגונג, ווי, למשל, דורך געבען אינפאָרמאַציעס, קליי־בען סטאַטיסטיקס און ארויסלאָזען פאַרשיעדענע אויפרופען פאַר דיזען צוועק. זאָגאר נאָך היינטיגען טאָג שפּיעלען זיי, אזוי גוט ווי די מאָסקווער אגריקולטור געזעלשאַפט, אַן אונגעהויער גרויסע ראָלע אין דער רוסישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

די רוסישע קאָאָפּעראַטאָרס פון די 60ער און 70ער יאָהרען זיי־נען געוועזען פול מיט ענטוזיאזם און אידעאַליזם און האָבען פאַרמאָגט אויך אַ היבשע מאָס אונטערנעמונגס־גייסט. זיי זיינען געוועזען אזוי שטאַרק דורכגעדרונגען מיט'ן געדאַנק פון אַ אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַטיווע טעטיגקייט, דאָס זיי האָבען אָרגאַניזירט ספּעציעל־לע געזעלשאַפטליכע פאַרבינדונגען מיט מאַנכע אויסלענדישע קאָאָפּע־ראַטיווע אָרגאַניזאַציעס.

## שלעכטע צייטען.

דער ערפאָלג פון די רוסישע קאָאָפּעראַטיווען האָט אָבער אָנ־געהאַלטען ניט לענגער ווי 10 יאָהר. אין די 70ער יאָהרען האָט די רע־אַקציע גענומען הויבען איהר קאָפּ אין רוסלאַנד. די ליבעראַלע רע־פאָרמען זיינען „רעווידירט" און געענדערט געוואָרען. די רעגי־רונג האָט אָנגעהויבען צו קוקען מיט פאַרדאַכט אויף די ספּאָנטאַנע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען און ליבעראַלע אינסטיטוציעס. דער פרייער גייסט פון די 70ער יאָהרען האָט אָנגעהויבען צו פאַר־שווינדען, און מיט איהם איז אויך פאַרשוואונדען דער ענטוזיאַזם און ענערגיע ווידער אָנצופיהרען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג.

צוליעב פּאָליציייאישע באַדינגונגען האָבען זיך אַ סך קאָאָפּע־ראַטיוען צוגעמאַכט. און ניט וועניג קאָאָפּעראַטיווע אָנפיהרער אָרעסטירט געוואָרען. לויט דעם (דאַמאָלסדיגען) רוסישען גע־זעץ, האָט יעדע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט צוערשט געמוזט האָ־בען אַן ערלויבנים פון דער רגירונג, און דערנאָך ערשט צוטרעטען צו איהר טעטיגקייט. גאַנץ אָפט פלעגט די רעגירונג די ערלויב־נים ענטוועדער ניט באַוויליגען, אָדער אזוי לאַנג צוריקגעהאַלטען, אז די טוערס פלעגען פאַרלירען דעם געדולד און קוראַזש.

ניט קיין לייכטען קאַמף פלעגען די קאָאָפּעראַטיוועו אין רוס־לאַנד אויסקומען צו פיהרען אויך מיט די פּריוואַטע סוחרים און

קרעמער, וועלכע פלעגען אָנווענדען אַלע מיטלען, כדי זיי צו שעדיגען. דער פּראָגרעס, אַלזאָ, פון די קאָאָפּעראַטיווען איז ברוטאַל אָפּגעשטעלט געוואָרען.

זאָגאַר די נייע רעגירונגס רעגולאַציעס, פון 1897, וועלכע האָבען געמאַכט אַ סך גרינגער די פּראָצעדור פון צו קריגען אַן ערלויבניס, האָט אויך ניט געקענט אויפלעבען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג. דער פּאָליציייאַישער רעזשים איז געווען אונגינסטיג פאַר אַ אירגענד וועלכער ברייטער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט.

## נייע צייטען.

דער יאָהר 1905 איז געווען דער ווענדע־פּונקט פון דער גאַנצער רוסישער היסטאָריע, און ספּעציעל פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. דאָס רוסישע פאָלק האָט ערוואַכט פון זיין לעטאַרגיע. דער קאָאָפּעראַטיווער געדאַנק איז ווידער ארויפגעשוואומען אויף דער טאָגעס־אָרדנונג. די באַדינגונגען פאַר די קאָאָפּעראַציעס זיינען געוואָרען אַ סך גינסטיגער. עס איז זאָגאַר געגרינדעט געוואָרען אַ ספּעציעלער רעגירונגס־דעפּאַרטמענט, אויף צו העלפען אַגריקולטורעלע אונטערנעמונגען מיט קרעדיט.

דער פּראָגרעס פון די רוסישע קאָאָפּעראַציעס פאַר דער צייט פון 1905 ביז 1916 האָט איבערגעטראָפען אַלע אָפּטימיסטישע ערווארטונגען.

אין יאַנואר 1905 זיינען אין רוסלאַנד געווען 1,434 קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 564,000; אין 1916 זיינען שוין געווען 15,454 געזעלשאַפטען מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 10 מיליאָן און 84 טויזענד.

דורך דיזע 11 יאָהר האָט זיך די צאָהל קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען פאַרגרעסערט אין 10 מאָל, די מיטגלידערשאַפט — אין צוואַנציג מאָל, און דער אומזאַץ (אָבאָראָט) — ארום 14 מאָל. געגענווערטיג זיינען די קאָאָפּעראַטיווען שוין פאַרשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד — פון ארכאַנגעלסק ביז קאַווקאַז, און פון די באַלטישע פּראָווינצען ביז מזרח־סיביר. די הויפּט־צענטערען געפינען זיך אָבער אין די געגענדען פון צענטראַל, דרום און צפון רוסלאַנד.

## קאָנסום פאַראיינען.

דער קאָנסום־פאַראיין, ווי איבעראַל, פאַרנעהמט אויך אין רוסלאַנד, דעם אויבען־אָן אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

אין אָנפאַנג פון דיזען יאָהרהונדערט זיינען אין רוסלאַנד געווען ניט מעהר ווי אַ טויזענד קאָנסום-געזעלשאַפטען; און אין יאַנואַר 1914 — שוין 10,080, מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון איין מיליאָן מיט 459,000. דער יעהרליכער אומזאַץ פון דיזע פעראיינען האָט דאַן באַטראָפען 150 מיליאָן דאָלאַר, פון וועלכע עס האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ פּראָפיט פון 5 מיליאָן דאָלאַר.

צוויי זאָרטען קאָנסום-פעראיינען זיינען דאָ אין רוסלאַנד. איין זאָרט איז די אונאַפּהענגיגע קאָנסום-געזעלשאַפטען, געגרינדעט פון ארבייטער. דעם ערשטען ארויסטריט און אַ שטופּ פאָרווערטס האָט דער באַוועגונג פאַר אַזעלכע קאָאָפּעראַטיווען געגעבען דער פעטראגראַדער „ארבייטער פעראיין", געגרינדעט אין 1906.

דער וואוקס און ענטוויקלונג פון דיזען פעראיין איז ווירקליך צו באַוואונדערען. דעם 1-טען מערץ, 1907, האָט ער געצעהלט 909 מיטגלידער, און אין אָקטאָבער פון זעלבען יאָהר שוין 8414 מיטגלידער. 19 קאָאָפּעראַטיווע קראָמען האָט דער פעראיין געעפענט אין פארשידענע טיילען פון איין פעטראגראַד. אויך האָט ער עטאַבלירט אַ מעכאַנישע בעקעריי אויף צו באַזאָרגען זייערע מיטגלידער מיט ברויט.

ליידער איז דער פּראָגרעס פון דיזער וואונדערבארער געזעלשאַפט אָפּגעשטעלט געוואָרען, הויפּטזעכליך צוליעב דעם מאַנגעל אין ערפאַהרענע פערזאָנען, און אויך צוליעב די אָפטע רייבונגען צווישען די צענטראַל קאָמיטע און לאָקאַלע ברענטשעס. אין 1910 האָט דער פעראיין אינגאַנצען ליקווידירט זיינע אונטערנעמונגען.

היינט-צו-טאָג זיינען אין רוסלאַנד פאַראַן אַ סך אונאַפּהענגיגע ארבייטער קאָנסום-פעראיינען, וועלכע זיינען פול מיט אמת'ען קאָאָפּעראַטיווען גייסט און ענטוזיאַזם.

דער צווייטער זאָרט קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום-געזעלשאַפטען איז די דאָרפישע און קליינשטעטלדיגע, וועלכע באַשטעהען דאָס רוב פון פויערים. דיזע קאָנסום-פעראיינען פארקויפען אויך מעע, צוקער, טאַבאַק און עהנליכע ארטיקלען. דער דורכשניטליכער אומזאַץ פון דיזע קאָנסום-פעראיינען באַטרעפט פון 7,500 ביז 10,000 דאָלאַר אַ יאָהר.

## צענטראַליזאַציע.

גלייכצייטיג מיט'ן וואוקס פון דער צאָהל קאָאָפּעראַטיווען, איז אין רוסלאַנד געוואַקסען אויך די שטרעבונג צו פאַרבינדען די איינצעלנע קאָאָפּעראַטיווען אין גרעסערע פאַרבאַנדען. די קאָאָפּעראַטיווען קענען ערשט דאַן ווערען אַ געזעלשאַפטליכע מאַכט, ווען זיי זיינען צווישען זיך פאַראייניגט. דאָס האָט פאַרשטאַנען זאָגאַר די צאַרישע רעגירונג, וועלכע פלעגט פאַרבאָטען קאָאָפּעראַטיווע צוזאַמענפאַהרען און אָנווענדען אויך אַנדערע מיטלען דיזע פאַראייניגונג צו שטערען.

די פאַראייניגונג איז אָבער פאָרט פאָרגעקומען, אָבוואָהל לאַנגזאַם. אין יאָהר 1898 איז אין מאָסקווא געגרינדעט געוואָרען דער פאַרבאַנד פון די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום-געזעלשאַפטען. דער פאַרבאַנד איז געגרינדעט געוואָרען מיט 18 געזעלשאַפטען; אין 1908 זיינען שוין אָן איהם געווען אָנגעשלאָסען 257 געזעלשאַפטען, און אין 1914 — 1,260 געזעלשאַפטען. דער אומזאַץ האָט אין 1914 באַטראָפען ארום 5 מיליאָן דאָלאַר.

אין 1908 איז אויך געגרינדעט געוואָרען דער קיעווער דיסטריקט פאַרבאַנד פון די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום-געזעלשאַפטען. אָבער אַביסעל שפּעטער האָט זיך דיזער פאַרבאַנד אויפגעלעזט. אין 1912 זיינען געגרינדעט געוואָרען נאָך צוויי צענטראַלע קאָאָפּעראַטיווע פאַרבאַנדען, און ביידע מאַכען איצט פאָרטשריטע.

## ציפערען וועגען וואוקס און צושטאַנד פון קאָאָפּעראַטיווען אין רוסלאַנד ערב דער מלחמה.

דעם ערשטען יאַנואַר 1912 זיינען געווען אין רוסלאַנד 10,080 קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום- פאַראיינען מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 1,459,000, עס הייסט, ארום 150 מיטגלידער אויף יעדען פאַראיין. פון דער גאַנצער צאָהל פאַראיינען זיינען געווען: 1) לענדליכע אָדער אַגריקולטורעלע — 8,611 (86 פּראָצענט), מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 900 טויזענד (60 פּראָצענט); 2) ארבייטער קאָנסום-פאַראיינען — 681 (7 פּראָצענט), מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 450 טויזענד (30 פּראָצענט), און 3) שטאָדטישע פון אַ אַלגעמיינעם כאַראַקטער — 758 (7 פּראָצענט), מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 180 טויזענד, (11 פּראָצענט).

דער יעהרליכער אומזאץ פון אלע קאאפעראטיווע קאנסום־געזעלשאפטען האט אין 1913 באטראפען ארום 150 מיליאן דאלאר. דער ריינער פראפיט האט באטראפען 5 מיליאן דאלאר, אדער 3 פראצענט אויפ'ן אומזאץ.

דער שער־קאפיטאל פון אלע קאנסום־פאראיינען האט באטראפען 11 מיליאן דאלאר, און דער רעזערוו־קאפיטאל — דריי מיליאן דאלאר.

די פארהעלטניסמעסיג שוואכע פינאנציעלע זייט פון די קאנסום־פאראיינען, לויט דיזע ציפערן, קען צוגעשריבען ווערען צו דעם, וואס די קאנסום־פאראיינען זיינען זעהר ווייניג טעטיג אויפ'ן פראדוקטיווען געביט.

א סך רוסישע קאאפעראטיווען ליידען נאך אלץ פון דער געוואהנהייט צו פארקויפען אויף קרעדיט, וואס, ווי מיר וועלען שוין, ווערט אין דער קאאפעראטיווער וועלט באטראכט פאר זעהר שעדליך.

דער מאסקווער נ א ר א ד נ י ב א נ ק, וועלכער איז געגרינדעט געווארען אין 1912, איז איינער פון יענע קרעדיט־באנק פעדעראציעס, וועלכע איז אויסגעוואקסען פון לאקאלע און דיסטריקט פאראיינען. פון יאנואר ביז נאוועמבער, 1916, האט דיזער קאאפעראטיווער באנק געמאכט געשעפטען אויף א סומע פון איבער א פערטעל ביליאן דאלאר. היינט־צו־טאג טוט דיזער באנק געשעפטען אויף איבער א האלבען ביליאן דאלאר א יאהר.

אלע געשעפטען, וועלכע דער מאסקווער נאראדני באנק טוט, זיינען ק א א פ ע ר א ט י ו ו ע: ע ר ב א ר ג ט נ י ט ק י י ן א י י ן ס ע נ ט צ ו פ ר י ו ו א ט ע א ו נ ט ע ר־נ ע מ ע ר. און א דאנק דעם טיילוויז, האבען דאס די רוסישע קאאפעראציעס געהאט אזא שנעלען ערפאלג.

## די ווירקונג פון דער מלחמה.

דער יקרות, די דיזארגאניזאציע פון גאנצען האנדעל און אינדוסטריע און אנדערע עהנליכע רעזולטאטען פון דער מלחמה האבען געבראכט צו א גוואלדיגען קריזיס אין רוסלאנד. די גרויסע רוסישע באפעלקערונג איז געשטאנען פאר דער סכנה פון הונגער און אונטערגאנג. די אלטע רוסישע רעגירונג איז געווען געצוואונגען צו געבען די קאאפעראציעס מעהר פרייהייט. די ווירקונג פון

דיזער הנחה איז געווען וואונדערבאַר. אין איין יאָהר איז די צאָהל פון די אַלגעמיינע קאָאָפּעראַטיווע פאַרבאַנדען געשטיגען פון 12 אויף 76, — און זי האַלט אין איין וואַקסען.

דיזע אַלגעמיינע פאַרבאַנדען האַלטען פון צייט־צו־צייט אָפּ קאָנפערענצען און גיבען אַרויס ליטעראַטור איבער דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. דער פרייער מאָסקווער אוניווערזיטעט (שאַניאַווסקי׳ס אוניווערזיטעט) האָט געעפענט ספּעציעלע קורסען פון קאָאָפּעראַציע פאַר יונגע לייט, וועלכע ווילען זיך אָפּגעבען מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, ווי אויך פּאָפּולער קאָאָפּעראַטיווע לעקציעס פאַר׳ן אַלגעמיינעם פּובליקום.

די מאָסקווער קאָנסום־געזעלשאַפט „קאָאָפּעראַציע" האָט אין מאַי, 1916, געהאַט 23 טויזענד מיטגלידער, און צום סוף סעפּטעמבער פון זעלבען יאָהר — שוין 50 טויזענד.

דער מאָסקווער פאַרבאַנד פון די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־פאַראיינען האָט אין 1914 געהאַט אונטער זיך 1,260 לאָקאַלע קאָנסום־פאַראיינען; דעם 1־טען יאַנואַר 1916 — שוין 1,737, און אין סעפּטעמבער פון זעלבען יאָהר — 2,885. דער אומזאַץ איז געשטיגען פון 5 מיליאָן דאָלאַר אין 1914 צו 11 מיליאָן און 500 טויזענד דאָלאַר אין 1915, און צו 21 מיליאָן דאָלאַר פאַר די ערשטע אַכט מאָנאַטען אין 1916.

דער האַרקאָווער פאַרבאַנד פון די קאָנסום־פאַראיינען האָט אין 1914 געצעהלט 82 פאַראיינען, און אין 1915 — 101; און דער אומזאַץ איז געשטיגען פון 160 טויזענד אויף 650 טויזענד דאָלאַר.

דער צפון־מזרח פאַרבאַנד האָט געצעהלט 70 געזעלשאַפטען אין 1914, און דער אומזאַץ האָט באַטראָפען 195 טויזענד דאָלאַר; אין 1915 האָט שוין דער פאַרבאַנד געצעהלט 180 געזעלשאַפטען, און דער אומזאַץ האָט באַטראָפען 750 טויזענד דאָלאַר.

דער מאָסקווער פאַרבאַנד פון די קאָנסום־פאַראיינען האַלט זיך יעצט אין פאַרוואַנדלען אין א האָלסייל סאָסייטי (נאָך דער ענגלישער סיסטעם) פאַר אַלע רוסישע קאָאָפּעראַציעס. די רוסישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג וועט דורך דעם פּאָזיטיוו באַקומען א מעהר מאָדערנעם געשטאַלט.

---

דורך דעם, וואָס די פרייזען אויף פּראָדוקטען זיינען דורך די

ספּעקולאַציעס פון די קליינע סוחרים אַרויפגעטריבען געוואָרען אַזוי הויך, דאָס דער יקרות לאָזט זיך שטאַרק פיהלען ביי די ברייטע פאָלקס־מאַסען, איז דער ווערט פון קאָאָפּעראַציע גוואַלדיג גע־שטיגען ביי די אַרבייטער.

די מאַסען האָבען צו איהר געקראָגען נאָך מעהר צוטרויען, און דער אומזאַץ פון די קאָאָפּעראַטיווען האָט זיך דאַרום אַ סך פאַרגרעסערט. עס איז באַמערקענסווערט, דאָס 70 פּראָצענט פון גאַנצען עקספּאָרט פון סיבירער פּוטער קומט פון די קאָאָפּע־ראַטיווע קרימערים.

דער פאָלקס־באַנק (נאַראָדני באַנק) אין מאָסקווא האָט דורך אַ קורצע צייט אריינגעקראָגען 9 מיליאָן רובעל דעפּאָזיטס — אַ זאַך, וואָס האָט ביז איצט ניט פּאַסירט.

די קאָאָפּעראַטיווען האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אויף ביים צושטעלען פּראָדוקטען פאַר דער אַרמעע.

געליטען פון דער לעצטער מלחמה האָבען נאָר די יעניגע קאָ־אָפּעראַטיווען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין די מלחמה־געגענדען; די איבעריגע האָבען אַ סך געוואונען פון דער מלחמה. מאַנכע קרעדיט־געזעלשאַפטען האָבען זיך זאָגאַר פאַרגרעסערט אויף 24 פּראָצענט. די פענזער קרעדיט־געזעלשאַפטען האָבען אויסגעבאָרגט גרויסע סומען צו די פּרויען, וועמעס מענער עס האָבען זיך געפונען אין דער אַרמעע. אַנדערע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען שטיצען, ווידער, די נויט־באַדערפטיגע מיט קאַרטאָפעל, מעהל, צוקער און דאָס גלייכען.

די קאָאָפּעראַציעס האָבען אין דער צייט פון דער מלחמה גע־שפּיעלט אויך אַ קולטורעלע ראָלע.

באַלד ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכען האָבען זיך כמעט אַלע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטען אויפגעלעזט, און זייערע ערטער האָבען פאַרנומען פאַרשיעדענע פּאַטריאָטישע שוואַרץ־מאה׳דיגע חברות. און דאַן זיינען די קאָאָפּעראַציעס, ווי קליין־בירגערליך די מייסטע פון זיי זיינען ניט געווען, פאָרט געווען די איינציגע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטליכע קרעפטען, וועלכע האָבען זיך ניט פאַרלוירען אין דער גרויסער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע.

די פאָלגענדע טאַבעלע גיט אונז אַ באַגריף, וועגען וואוקס פון די פאַרשיעדענע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען אין די יאָה־רען פון מלחמה (ביז דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציאָן).

| | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 |
|---|---|---|---|---|
| קרעדיט לייה־און שפאר געזעלשאפ־טען — — — — — — — — | 12,751 | 14,350 | 15,450 | 16,057 |
| קאָנסום־געזעלשאַפטען — — — | 10,080 | 10,900 | 15,203 | 20,000 |
| אגריקולטורעלע קאָאָפעראציעס — | 5,000 | 5,200 | 5,500 | 6,000 |
| ארטעלס און קרימעריס — — — | 3,000 | 3,300 | 3,600 | 4,000 |
| | 30,831 | 23,750 | 39,753 | 46,057 |

פון דיזע ציפערען זעהען מיר, דאס אין די ערשטע דריי יאהר מלחמה האָט זיך די קאָאָפעראטיווע באוועגונג פארגרעסערט אויף 50 פראָצענט.

די הויפט־אורזאכע, פארוואָס די רוסישע קאָאָפעראטיווע באַוועגונג האט געהאט אזא גרויסען ערפאָלג אין משך פון אזא פאַרהעלטניסמעסיג קורצער צייט, און נאָך דערצו אין צייט פון דער מלחמה, איז אָהן צווייפעל די דיזאָרגאניזאציאָן פון רוסישען עקאָנאָמישען לעבען, — דיזאָרגאניזאציאָן, וואָס איז געבליבען בירושה פון צארישען רעזשים.

די צארישע רעגירונג האט איבערגעלאָזען די באפעלקערונג אין א גוואלטיגען כאאָס: אין די גרעסטע אינדוסטריעלע צוקערצענטערען, צ. ב. ש., האט די באפעלקערונג ניט געהאט קיין צוקער; אין די גרעסטע וואלד־געגענדען, האָט די באפעלקערונג ניט געהאט גענוג האָלץ. און דאָס ערגסטע פון אַלעם — גאנץ רוסלאנד איז געבליבען אָהן ברויט. עס איז דעריבער ניט געווען מעהר ווי נאטירליך, דאָס די באפעלקערונג האט זיך געכאפט צו קאָאָפעראציע, — פאר'ן בעסטען און ווירקזאַמסטען מיטעל געגען יקרות.

עס וואָלט אָבער געווען א אונרעכט געגען דער רוסישער קאָאָפעראטיווער באוועגונג, צו באהויפטען דאָס זי האט איהר וואוקס צו פארדאנקען נאָר די שלעכטע עקאָנאָמישע אומשטענדען. עס זיינען געווען פיעלע אנדערע גינסטיגע אומשטענדען. און איינער פון זיי איז דאָס, וואָס די רוסישע קאָאָפעראטיווען האָבען א היבשע צאָהל איבערגעגעבענע קאָאָפעראטאָרס, וועלכע גלויבען באמונה שלמה אין קאָאָפעראציע, אלס א בעסטען מיטעל איבערצובויען די איצטיגע געזעלשאפט.

פאַר די לעצטע צייט זיינען אין רוסלאנד געגרינדעט געוואָרען א סך ספעציעלע קאָאָפעראטיווע שולען און אווענד־קורסען, אויף אויסצובילדען קאָאָפעראטיווע פארוואלטערס, אַנגעשטעלטע,

אָרגאַניזאַטאָרען, סעקרעטערע א. ד. גל. די קאָנסום־פאַראײנען הײבען אויך אָן צו עפענען אײגענע װערקשטאַטען און פאַבריקען.
די רוסישע קאָאָפּעראַציעס רעכענען זיך שוין הײנט־צו־טאָג, נאָך זײער צאָהל און אומזאַץ נאָך, פאַר די גרעסטע קאָאָפּעראַציעס אין דער װעלט: אויב מען זאָל צורעכענען די פאַמיליעס פון די קאָאָפּעראַטאָרס, זײנען אין רוסלאַנד איצט שוין דירעקט פאַראײנ־טערעסירט אין קאָאָפּעראַציע — 40 מיליאָן מענשען!

## איין־און־צוואנציגסטער קאפיטעל.

# בעלגיען.

### (מוסטער קאָאָפּעראַציעס.)

דאָס שענסטע און בעסטע, וואס די קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג האָט באוויזען צו שאַפען אין משך פון איהר דריי־פערטעל יאָהרהונדערטיגען עקזיסטענץ, איז אָהן צווייפעל, די בעלגישע קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג. עס איז אמת, אז פינאַנציעל אָדער קאמערציעל איז די בעלגישע קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג אין פארגלייך מיט דער ענגלישער, רוסישער אָדער דייטשער הינטער־שטעליג. זי באזיצט ניט אזעלכע גרויסע און פארשיעדענארטיגע פאבריקען, ווי די ענגלישע קאָאָפּעראַטיוון, למשל; זיי מאכען ניט קיין ביליאָן דאָלאר א יאָהר אומזאץ, ווי מאנכע אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל סאסייטיס. די יעניגע, וועלכע קוקען אויף קאָאָפּעראַציע פון שטאנדפּונקט פון גרויסע געשעפטען און הויכע דיווידענדען, וועלען פון די בעלגישע קאָאָפּעראַציעס ניט שטארק באגייסטערט ווערען. די יעניגע, אָבער, ביי וועלכע דער צוועק פון קאָאָפּעראַציע איז דאָך ניט דאָלארס און סענטען, זי איז דאָך אין גרונד גענומען ניט א ציעל, נאָר א מיטעל צום ציעל, נעמליך: צו דער סאָציאַליזירונג פון דער גאנצער געזעלשאפט, וועלען קוקען אויף די בעלגישע קאָאָפּעראַציעס מיט גאנץ אנדערע אויגען. און ווען מיר קוקען אויף די בעלגישע קאָאָפּעראַטיוון אָט פון דיזען שטאנדפּונקט, מוזען מיר זיי באטראכטען אלס א מוסטער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באוועגונג.

* * *

מיט א 40 יאָהר צוריק האָט א געוויסער אנסעל, א זוהן פון אן אָרימען שוסטער, אוועק פון גהענט, בעלגיען, רייזען איבער אייראָפּא. נאָך א לענגערען ארומרייזען האָט ער זיך ענדליך אָפּגעשטעלט אלס א דאָק־ארבייטער אין לאָנדאָן. פון אלע וואונדער, וואָס ער האָט געזעהן אין אייראָפּא, האָבען אויף איהם

דעם גרעסטען איינדרוק געמאכט די ראטשדיילער קאָאָפּעראַטיווע בראָמען.

ווען א נ ס ע ל איז אין א געוויסע צייט שפּעטער צוריק־געקערט קיין גהענט, האָט ער מיט זיך מיטגעבראכט א היבשע צאָהל פּלענער, ווי אזוי אָנצופאַנגען א קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג אין בעלגיען.

אין א געוויסען אווענד האָט ער פאַר דער דאָרטיגער וועבער־יוניאָן פאָרגעלעגט א פּלאַן, אַז די וועבער זאָלען באַקען זייערע ברויט בשותפות, אום די פּראָפיטען, וואָס די בעקערס נעמען צו, זאָלען בעסער בלייבען ביי די ארבייטער. אָבער וועהרענד די ראטשדיילער קאָאָפּעראַטיווען צאָלען אויס דיווידענדען יעדען באַזונדער אין קעש, האָט א נ ס ע ל פאָרגעשלאָגען אַז די פּראָפיטען, וואָס וועלען זיך אָפּשטעלען פון דער שותפות'דיגער בעקערײַ, זאָלען פאַרווענדעט ווערען פאַר א קאָלעקטיווען פאָרזיכערונגס־פאָנד, פון וועלכען די מיטגלידער זאָלען ווערען געשטיצט אין צייט פון קראַנקהייט, ארבייטסלאָזיגקייט, אדער סתם אונגליקס־צופעלע אינ'ם ארבייטער־לעבען.

דער פּלאַן, אַז די דיווידענד זאָל באַשטימט ווערען פאַר קאָלעקטיווע צוועקען, האָט אין דער ענטוויקלונג פון דער בעלגישער — און ניט נאָר פון דער בעלגישער, — קאָאָפּעראַטיווער באוועגונג געהאַט א פיעל גרעסערע באַדייטונג, ווי א נ ס ע ל האָט גאָר געקענט חלום'ען. אנשטאַט די עטליכע דאָלאַרעס דיווידענד, וואָס ווערען סאַי ווי סאַי צושוואוּמען ביים איינצעלנעם מיטגליד, קריגען די קאָאָפּעראַטאָרס, לויט דעם דאָזיגען פּלאַן, א קאָלעקטיווען פאָנד, א באַדייטענדע סומע, מיט וועלכער מען קען עפּעס גרויסעס אויפטאָן.

א נ ס ע ל האָט זיין פּלאַן מיט אַזאַ איבערצייגונג פאָרגעבראַכט, דאָס די וועבער האָבען באוויליגט א פאָנד פון 2000 פראַנק פאַר די קאָאָפּעראַטיווע בעקערײַ. זיי האָבען געדונגען אַן אויווען און אָנגעהויבען צו באַקען ברויט פאַר 150 פאַמיליעס. אויף אַזאַ אופן איז געגרינדעט געוואָרען די „וואָורואיט“, וועלכע שפּיעלט איצט אַזאַ וויכטיגע ראָלע אין בעלגיען.

באַלד פון אָנפאַנג האָט די „וואָורואיט“ געהאַט אַן ערפאָלג. צום ענדע פונ'ם ערשטען יאָהר האָבען 400 מיטגליעדער געבאַקען זייער טעגליכען ברויט אין קאָמונאַלען אויווען. אין אָנפאַנג האָבען

מאַנכע מיטגלידער ניט קלאָר פאַרשטאַנען די נוצען פון זייער קאָ־אָפּעראַציע. קיין בענעפיט האָט פאַרלויפיג נאָך קיינער ניט גע־קראָגען, און דער פרייז פאַר די ברויט איז געווען דער זעלבער, ווי אין די געוועהנליכע בעקערייען. די פרויען האָבען פונדעסטוועגען געקליבען די טיקעטס, וועלכע זיי האָבען געקראָגען מיט יעדען ברויטעל. אין א געוויסע צייט ארום האָבען אלע פרויען גע־דאַרפט צוריקברענגען דיזע טיקעטס און דאָ ערשט האָבען זיי גע־קראָגען די ערשטע לעקציע, וואָס קאָאָפּעראַציע מיינט פאַר זיי. זיי האָבען, נעמליך, אויסגעפונען, אז דורך די טיקעטס קריגען זיי א געוויסע צאָהל ברויטלעך פריי. א פלוג־בלעטעל איז ארויסגע־לאָזען געוואָרען צו אלע פרויען. אין בלעטעל איז אין א איינפאַ־כער שפּראַך ערקלערט געוואָרען, אז די פרויען זיינען בארעכטיגט צו א באשטימטע צאָהל ברויטלאך אומגעצאָהלט. עס איז ניט קיין פילאַנטראָפּיע, ניט קיין נדבה, נאָר זייער איינענס, באשאפען דורך זייער איינקויף.

עס האָט ניט לאַנג גענומען, און די פרויען האָבען באַקומען א צווייטע לעקציע, וואָס קאָאָפּעראַציע מיינט פאַר זיי. ביי אייניגע פון זיי זיינען די מענער געוואָרען ארבייטסלאָז. איצט האָט זיך געשטעלט די פראַגע: וועט די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי אויך געבען אויף קרעדיט ברויט, ווי די קליינע בעקעריי אין קעלער? אָבער די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי האָט זיך ווייניג וואָס אינטערעסירט מיט דיזער פראַגע און האָט, ווי געוועהנליך, יעדען טאָג צוגע־שטעלט די נויטיגע מאָס ברויט. ווען זייערע מענער האָבען צוריק אָנגעהויבען צו ארבייטען, זיינען די פרויען געקומען אין דער קאָ־אָפּעראַטיווער בעקעריי צו באַצאָהלען זייער חוב. ווי ערשטוינט זיינען זיי אָבער געוואָרען, ווען מען האָט זיי ערקלערט, אז קיין שום חוב קומט פון זיי ניט, ווייל די פרייע ברויט האָבען זיי געקראָגען פון פאַרזיכערונגס־פאָנד.

די „וואורואיט" האָט אָנגעשטעלט א ספּעציעלען דאָקטאָר און האָט געגעבען אויך פרייע מעדיצין פאַר אלע פאַמיליעס, ווע־מעס מענער עס האָבען באַלאַנגט צום קאָאָפּעראַטיוו. יעדע פאַ־מיליע, ביי וועלכער עס איז געבאָרען א קינד, האָט געקראָגען צוגע־שיקט א ספּעציעלען קוכען און צוועלף טעג פרייע ברויט.

די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי האָט אָנגעהויבען צו וואַקסען פון טאָג צו טאָג, און דאָס האָט ווייט ניט געשמעקט די גלחים, וועלכע

האָבען אָנגעהויבען איינצופיהרען אין די קירכען אונטערהאלטונ־גען, קאָנצערטען און לעקציעס, כדי אָפּצוציהען די פרויען פון סאָ־ציאַליסטישען קאָאָפּעראַטיוו.

באלד נאָך דעם איז געעפענט געוואָרען „אונזער הויז" („נאָטר מעזאָן"), אַ מין קלוב פאַר די קאָאָפּעראַטאָרס. אין אנ־פאַנג האָט „אונזער הויז" געהאַט אַ גאַנץ קליינע צוציהונגס־קראַפט. אָבער גאָר אין גיכען איז דיזער קלוב געוואָרען דער צענ־טער פון אלע ארבייטער פאַמיליעס. עלטערען און קינדער קומען זיך צונויף אין דיזער הויז, וואו זיי הערען אַ פרייען קאָנצערט, כאַפּען אַ טענצעל, שפּיעלען אַ שאָך, אָדער טרינקען אַ גלאָז ביער. „אונזער הויז" איז אויסגעהאַלטען געוואָרען אַ טייל פון דער בעקעריי און אַ טייל פון די קליינע פּראָפיטען, וואָס מען האָט געמאַכט פון די געטראַנקען און צובייסענס. טריט ביי טריט האָט מען אָנגעהויבען איינצופיהרען אנדערע פאַרוויילונגס־פאָרמען, אין וועלכע די פרוי האָט פונקט אזא אנטייל גענומען ווי דער מאַן.

„אונזער הויז" האָט געמאַכט זעהר אַ שטאַרקען איינדרוק אויף די ארבייטער־מאַסען, און די מיטגלידערשאַפט האָט זיך פאַר־צעהנפאַכט. איבער גאַנץ בעלגיען האָבען זיך שנעל אָנגעהויבען צו גרינדען קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען עהנליך צו דער „וואורו־איט". אין איין פּלאַץ האָבען קויהלען־מיינערס געגרינדעט אַ קאָ־אָפּעראַטיוו, אָבער די אָרטיגע ברויערייען האָבען אָנגעווענדעט אלע מיטלען איהם צו פאַרניכטען. דאָס האָט געבראַכט צו דעם, אז די מיינערס האָבען געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיווע ביער־ברויעריי, וועלכע האָט אין אַ גאַנץ קורצע צייט באַוויזען צו פאַבריצירען אַ בעסערען און ביליגערען ביער, ווי די פּריוואַטע ברויערייען.

אָבוואָהל די בעלגישע קאָאָפּעראַציעס האָבען נאָך ניט באַווי־זען צו האָבען אזא פינאַנציעלען ערפאָלג, ווי די ענגלישע, צ. ב. ש., באַשעפטיגט פונדעסטוועגען די „וואורואיט" אליין איבער 100 בע־קער אין איהרע בעקערייען, וואו עס ווערען געבאַקען 100 טויזענד ברויט אַ וואָך. דיזע קאָאָפּעראַטיווע בעקערייען מעגען גערעכענט ווערען פאַר מאָדעל־בעקערייען פון דער וועלט.

אַ חוץ די בעקערייען, באַזיצט די „וואורואיט" אויך אַ גרויּ־סען דעפּאַרטמענט סטאָר, 20 גראָסעריס, 5 קליידער סטאָרס, 6 שיך־סטאָרס, אַ גרויסע ברויעריי, אַ קויהלען־דיפּאָ און אַ היבשע

צאָהל דראָג־סטאָרס. דיזע אַלע אונטערנעמונגען ברענגען אריין א ריוח פון איבער אַ פערטעל מיליאָן דאָלאר אַ יאָהר.

מיט 15 יאָהר צוריק האָט זיך דער ראָיאַל קלוב פון נהענט (עהנליך צום יוניאָן ליעג קלאָב פון ניו יאָרק) געפונען אין א פי־נאַנציעלען קריזיס, און די אייגענטימער האָבען באַשלאָסען צו פאַרקויפען די רייכע קלוב־הויז, ארומגערינגעלט מיט אַ פּארק, אין רייכסטען קווארטאַל פון שטאָדט. די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט האָט זיך גלייך געמאָלדען אַלס קונה. אָבער די רייכע איינוואוינער האָבען ניט געוואָלט, אַז ארבייטער זאָלען ווערען זייערע שכנים, און די סאָסייטי פון קלוב האָבען זיך ענטזאָגט צו פארהאַנדלען מיט דער „וואָרואיט". די רייכע איינוואוינער פון געגענד האָבען גע־בּראַוועט א גרויסע שמחה, וואָס די הויז איז ניט אריינגעפאַלען אין די ארבייטער'ס הענט. אָבער... אָבער אומזיסט איז געווען זייער פרייד: דער דזשענטעלמאַן, וואָס האָט אָפּגעקויפט די הויז איז געווען.... אַן אַגענט פון קאָאָפּעראַטיוו. נעקסטען זונטאַג, גאַנץ פריה, ווען די אַריסטאָקראַטישע איינוואוינער האָבען נאָך געהאַלטען אין מיטען רעכטען שלאָף, האָט זיי אַ גרויסער מוזיק־אָרקעסטער אויפגעוועקט. און ווי ערשטוינט זיינען זיי געוואָרען, ווען זיי האָבען דערזעהן, ווי די ארבייער מאַרשירען גלייך צום קלוב.

אויף אזא אופן איז געגרינדעט געוואָרען דאָס מוסטער־האַפטע „מעזאָן די פּעפּעל" — דאָס פּאָלקס־הויז, פון וועלכען „אונ־זער הויז" איז איצט נאָר א קליינער צווייג. מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט אַן אַמעריקאַנישע צייט־שריפט געווידמעט א גרויסען ארטיקעל צו דער גהענטער פּאָלקס־הויז, און אויך עטליכע אי־לוסטרירטע בלעטלעך מיט בילדער, וועלכע באַצירען די פּאָלקס־הויז. דיזע דעקאָראַציעס זיינען געצייכענט געוואָרען פון באַ־וואוסטען פלעמישען מאַהלער ב י ס ב ר ע ק, וועלכער פאַר־נעמט דעם לעצטען עטאַזש פון דעם פּאָלקס־הויז. דיזער מאַהלער און סקולפּטאָר ווערט סובסידירט פון דער „וואָרואיט", כדי צו באַשאַפען א נייע קונסט, אַ פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע ק ו נ ס ט, וועלכע זאָל אָפּשפּיגלען די ליידען און פריידען פון ארבייטער־קלאַס. איינע פון זיינע מאַרבעל־גרופּען „ווערק ל'עמאַנסיפּאַסיאָן", האָט איהם פאַרשאַפט אַן אינטערנאַציאָנאַלע רעפּוטאַציע, און דינט אַלס אַ פאַרציערונג צו די שער־בלעטער פון אַלע ביכער און

בראשורען, וועלכע ווערען ארויסגעגעבען פון די ארבייטער קאָאָפעראציעס.

די פאָלקס־הויז איז אן אמת'ע היים פאר די ארבייטער אין גהענט. יעדען זונטאג קומען דאָרט פאר קאָנצערטען, טענץ, מוא־וויגג־פיקטשורס, און אנדערע אינטערהאלטונגען. די יעניגע, וועלכע זיינען ערענסטער געשטימט, באזוכען דעם לעקציע־זאאל, באטייליגען זיך אין א דעבאטע, לעזען אין דער גרויסער ביבליאָטעק, אָדער באזוכען גאר די סקולפּטאר־אויסשטעלונג פון ביסברעק. אין דער פאָלקס־הויז איז פאראן אויך א שעהנער טעאטער. די באזוכער פון דיזען טעאטער זיינען זיכער, אז די פיעסען, וועלכע מען פיהרט דאָרט אויף, וועלען זיי געפעלען, ווייל אין אָנפאנג פון יעדער סעזאָן קלייבען די מיטגליעדער אליין אוים אי די פיעסען, אי די אקטיאָרען. מ ע ט ע ר ל י נ ק 'ס פיעסען ווערען דאָרט אויפגעפיהרט מעהר פון אלע אנדערע. זומער־צייט שפּאצירען די ארבייטער ארום אין זייער אייגענעם פּארק, הערען מוזיק, טרינקען קאפע אָדער ביער. און אלעס איז דאָרטען אונטער א שטענדיגער דעמאָקראטישער קאָנטראָלע.

אין צייט פון א וואהל־קאמף, א גרויסען סטרייק, אָדער סתם עפּעס א גרויסער געזעלשאפטליכער באוועגונג, פארנעמען די קאָאָפעראציעס שטענדיג דעם אויבען־אָן, סאי אין פינאנציעלען, און סאי אין מאָראלישען הינזיכט. א גאנץ היבשע סומע קריגט פון די קאָאָפעראציעס אויך די אָרטיגע סאָציאליסטישע פארטיי.

אָבער די שעהנסטע אינסטיטוציע פון די בעלגישע ארבייטער־קאָאָפּעראטיוועז, זיינען די ק י נ ד ע ר ר י י ז ע ־ ק ל ו ־ ב ע ן. זומער־צייט מאכען די קינדער־קלובען גאנץ אָפטע רייזעס און שפּאציר־גענגע. דער פּלאן פון יעדער רייזע איז אויסגעארבייט אזוי, דאָס יעדען אווענד געפינען זיך די קינדער אין אן אנדער שטעדטעל, וואו זיי פארבלייבען אונטער דער אויפזיכט פון'ם דאָרטיגען קאָאָפּעראטיווען צענטער. וואו זיי קומען נאָר אָן, ווערען די קינדער באגעגענט פון די אָרטיגע קאָאָפּעראטיווע קלובען, און זיי מארשירען מיט מוזיק צו דער לאָקאלער פאָלקס־הויז. די קינ־דער ווערען צושיקט נאָך א באשטימטען אויסגעארבייטען פּלאן צו די פאמיליעס פון די קאָאָפּעראטאָרס אויף צו נעכטיגען.

אזעלכע רייזעס ווערען מאנכעס מאָל געמאכט איבער דער שווייץ, בעלגיען, פראנקרייך, האָלאנד און איבער דייטשלאנד (בעפאָר

דער מלחמה). עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז אין די צו־פוס־רייזעס נעמען אַ אַנטייל נאָר די עלטערע קינדער.

אין פאַרשידענע שטעדט געפינען זיך קינדער־קלובען ביוראָס, וואו קינדער פון איין געגענד ווערען מיט דער גרעסטער פאַרזיכטיגקייט געשיקט אין אַנאַנדער געגענד אויף אַ גאַנץ סיסטעמאַטישען אופן. דורך די צייט פון לעצטען גרויסען סטרייק זיינען טויזענדער קינדער פון סטרייקענדע עלטערען, אַ דאַנק דיזע קלובען, פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרען איבער פאַרשידענע געגענדען, וואו זיי זיינען געשפּייזט און געקליידעט געוואָרען. ביי פיעלע קינדער איז די גאַנצע פּראָצעדור פאָרגעקומען ווי אַ לוסט־רייזע נאָך פּאַריז. די לאָורענסער, מאַסס. (פאַראייניגטע שטאַאַטען) סטרייקער האָבען זיך אויך באַנוצט מיט דיזער סיסטעם פון איבערשיקען קינדער בעת זייער גרויסען סטרייק, וואָס האָט שטאַטגעפונען מיט עטליכע יאָהר צוריק.

מיר ווילען דאָ ברענגען נאָך אַ אילוסטראַציע, צו געבען אַ פּאָלקאָמען באַגריף, וואָס די בעלגישע קאָאָפּעראַציעס זיינען אין דער אמת'ען.

די אַרבייטער פון די שטיין־גריבער, ניט ווייט פון בריסעל, זיינען אַרויס אין סטרייק פאַר העכערע שכירות. אַלס פרומע קאַטאָליקען, זיינען זיי דארום ניט געווען אָנגעשלאָסען אָן קיינע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס, און האָבען פון זיי ניט ערוואַרטעט קיין שטיצע. ווען זייערע מיטלען זיינען אויסגעגאַנגען, האָבען זייערע פאַמיליעס פּשוט גענומען הונגערען. אין אַ געוויסען אָוענד זיינען זיך די סטרייקערס צונויפגעקומען, צו דיסקוטירען די פראַגע, ווי אַזוי אויפצוגעבען דעם סטרייק. און ווי די דעבאַטען זיינען אַזוי אָנגעגאַנגען, זיינען פיער גרויסע וואָגענס מיט שפּייז־פּראָדוקטען צוגעפאָהרען צום מיטינג לאָקאַל. אויף די וועגען האָבען געפלאַטערט די פאָהנען פון דער פאָלקס־הויז...

די סטרייקער האָבען געקראָגען מוט און האָבען באַשלאָסען ווייטער צו קעמפען. זעהענדיג, אַז די קאָאָפּעראַטיווען אינטערעסירען זיך מיט'ן סטרייק, האָבען זיך די בעלי בתים דערשראָקען און נאָכגעגעבען אַלע פאָדערונגען. גלייך נאָכדעם האָבען זיך אַלע שטיינהאַקער אָנגעשלאָסען אָן דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

איצט איז שוין פאַר די בעלגישע קאָאָפּעראַציעס ניט נויטיג אַרויסצולאָזען ערקלעהרונגען צו די פרויען, פאַר וואָס זיי דאַרפען

זיך אַנשליסען אָן דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. עס געהט כמעט ניט פאַראיבער א טאָג, ווי די ארבייטער־פרוי זאָל ניט קומען אין באריהרונג מיט די קאָאָפּעראַציעס. אמאָל איז עס אין דער פאָרם פון אַ דאָקטאָר, אַ נוירס, פייער־אינשורענס, אָדער גאָר אַ מתנה אויף אַ שמחה. טריט ביי טריט נעמט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין בעלגיען אריין דאָס גאנצע געזעלשאפטליכע לעבען פון ארבייטער אין איהרע הענד. און דאָס האָט זי צו פארדאַנקען אַ נ ס ע ל ׳ ס פאַרשלאַג, אַז די פּראָפּיטען זאָלען פאַרווענדעט ווערען קאָלעקטיוו, פאַר אַלגעמיינע צוועקען, און ניט אויסגעצאָהלט ווערען אין קעש־דיווידענד.

אין 1915 האָט די „וואורואיט" געעפענט א גרויסען פארוויי־לונגס־זאַאַל, וועלכער האָט אין משך פון עטליכע מאָנאטען געמאכט אַן אומזאַץ פון איבער 20 טויזענד דאָלער. אין דער זעלבער צייט האָט די געזעלשאפט געעפענט אויף איהר 26טע ברענטש־סטאָר אין אַ פלייש דעפּאַרטמענט.

אָט איז אַ קורצער סך הכל פון דעם יעהרליכען אומזאַץ, וואָס איהרע פארשידענע אונטערנעמונגען האָבען געמאכט: בעקעריי — 442,800 דאָלער; קויהלען — 202,000 דאָלער; דריי־גודס און פאַרשיעדענע וואָלענע סחורות — 66 טויזענד דאָלער; שיך דעפּאַרטמענט — 52 טויזענד דאָלער; גראָסערים — 240 טוי־זענד דאָלער; פלייש — 25 טויזענד דאָלער; ברויערייען — 33 טויזענד דאָלער; רעסטאָראַן און אונטערהאַלטונגס־פּלעצער — 41 טויזענד דאָלער; אַפּטייקען — 30 טויזענד דאָלער. צו־זאַמען באַטרעפט עס — איין מיליאָן הונדערט און דרייסיג טויזענד דאָלער, אָדער אַ צוּוואוּקס פון 305 טויזענד דאָלער אין פאַרגלייך מיט׳ן פריהערדיגען יאָהר.

דורך דיזער צייט האָט דיזע געזעלשאפט בייגעטראָגען 54 טויזענד דאָלער צום לאָאַן פאָנד פון די מיטגליעדער און אָנגע־שטעלטע. היבשע סומעס איז אויך בייגעשטייערט געוואָרען צו די איבריגע אַפּטיילונגען פון דער געזעלשאפט, ווי, למשל, צום קראַנקען אונטערשטיצונגס־פאָנד, אָלד־איידזש פאָנד, מאַטוירניטי פאָנד, א. ד. גל. אין זעלבען יאָהר (1915) איז אויסגעצאָהלט געוואָרען ארום 8 טויזענד דאָלער פון די פאַרשידענע פאָנדען. פאַרשידענע קלענערע סומעס איז אויך אויסגעגעבען געוואָרען פאַר ליטעראַטור, קונסט און וויסענשאפט.

עהנליכע פאַרטשריטע האָבען אויך געמאכט די איבריגע בעלגישע קאָאָפּעראַציעס, וועמעס צאָהל צוליעב דער לעצטער מלחמה עס איז שווער אָנצוגעבען.

## צוויי־און־צוואנציגסטער קאפיטעל.

# דענעמאַרק

### (מוסטערהאפטע אקערבוי ־ קאאפעראציעס).

א גאנץ באזונדערען טיפּ קאאפעראציעס שטעלען מיט זיך פאר די דענישע קאאפעראטיווען. מיט קאאפעראציע באשעפטיגען זיך דארטען ניט נאר איינצעלנע אדער גרופּען אידעאליסטען, נאר דאס גאנצע לאנד איז כמעט איין גרויסע קאאפעראטיווע אונטערנעמונג.

ד ע נ ע מ א ר ק איז א גאנץ קליין מלוכה'לע אין אייראפּא, אן ערך צוויי מאל די גרויס פון מאסאטשוזעטס סטייט, און מיט א באפעלקערונג פון 2,861,000. ארום 40 פּראצענט פון דער באפעלקערונג וואהנען אין שטעדט און שטעדטלאך, און די איבריגע 60 פּראצענט אויף'ן לאנד.

דענעמארק האט אפילו א קעניג, אבער די הויפּט־רעגיערונגס־מאכט איז קאנצענטרירט אין פּארלאמענט, וועלכער איז צוזאמענגעשטעלט פון פּארמערס און ארבייטער, ראדיקאלען און סאציאליסטען. די דענישע פרויען האבען גלייכע שטימרעכט מיט מענער.

די ערד אין דענעמארק איז ווייט ניט קיין פּרוכטבארע, און וואלטען די פּארמערס ניט אנגעווענדעט די בעסטע אגריקולטורעלע מעטאדען, וואלט די באפעלקערונג ממש געמוזט הונגערען. די איינפיהרונג פון דיזע מעטאדען, לויט דעם לעצטען ווארט פון דער אגריקולטורעלער וויסענשאפט, האט דענעמארק צו פּארדאנקען די ארטיגע קאאפעראטיווע געזעלשאפטען. די קאאפעראטיווען האבען דאס געמאכט דענעמארק פאר דאס רייכסטע לאנד אין אייראפּא, אין פּראפּארציע צו איהר באפעלקערונג, — ווי דאס איז צו זעהן פון די פאלגענדע ביישפּיעלע.

ווערהענד אין דענעמארק באטרעפען די דורכשניטליכע דעפּאזיטס אין די שפּאר־קאסעס 77.88 דאלער, באטרעפען זיי אין

ענגלאַנד נאָר 20.62 דאָלער, און אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען — 31.22 דאָלער. די צאָהל דעפּאָזיטאָרס אין די בענק זיינען העכער ווי אין יעדען לאַנד — 51 פון יעדע 100 פּערזאָן. 78 פּראָצענט פון די אָפּגעשפּאָרטע געלדער קומען פון לענדליכע (רוראַל) געגענדען.

דער דענישער פאַרמער איז דער אינטעליגענסטער פאַרמער אין דער וועלט. א דאַנק די אגריקולטורעלע קאָאָפּעראַציעס זיינען די פאַרמערס געוואָרען די טאָן־געבערס אין לאַנד. זיי דאָמינירען דעם פּאַרלאַמענט. מיניסטאָרען ווערען כמעט אויסשליסליך גע־וועהלט פון פויערים־קלאַס.

דער דענישער פויער גלויבט ניט אין שטאַאַטס־הילף, נאָר אין קאָאָפּעראַציע — אין ז ע ל ב ס ט ־ ה י ל ף. כמעט אַלע העכערע פאָלקס־שולען ווערען אויסגעהאַלטען פון די פויערים און פאַרמערס. אין פּראָגראַם פון דיזע שולען פאַרנעמט די מאָדערנע אגריקולטור דעם אנגעזעהענסטען פּלאַץ.

ביז 1881 פלעגט יעדער פאַרמער מאַכען זיין אייגענע פּוטער, קעז, א. ד. גל. אָבער אין דערמאָנטען יאָהר האָבען עטליכע פאַר־מערס אָרגאַניזירט א קאָאָפּעראַטיווע דעירי, מיט׳ן צוועק צו באַאַר־בייטען די מילך פון אַלע מיטגליעדער־פאַרמערס, און די פאַרטיגע מילכיגע פּראָדוקטען צו פאַרקויפען צוזאַמען, דורך׳ן קאָאָפּעראַטיוו.

די אונטערנעמונג איז געוועזען א גרויסער ערפאָלג, און אנדערע עהנליכע געזעלשאַפטען האָבען זיך אָנגעהויבען צו גרינדען.

אין 1917 זיינען אין דענעמאַרק געווען 1,087 קאָאָפּעראַטיווע דעירים מיט א מיטגליעדערשאַפט פון 158 טויזענד פאַרמערס, צו וועמען עס באַלאַנגען דריי פערטעל פון אַלע קיה אין לאַנד. צו די קאָאָפּעראַטיווען באַלאַנגען 95 פּראָצענט פון די דענישע פאַר־מערס. ביז דער מלחמה פלעגען די קאָאָפּעראַטיווען ארויסשיקען קיין ענגלאַנד פאַר א מיליאָן דאָלער פּוטער א וואָך.

ערמוטיגט פון גרויסען ערפאָלג פון די קאָאָפּעראַטיווע דעירים האָבען די פאַרמערס אויפגעבויט אויך אייגענע שלאַכט־הייזער, און יעצט באַלאַנגען שוין צו די קאָאָפּעראַטיווען ארום 40 שלאַכט־הייזער, וואו עס ווערען געשאָכטען איבער אָנדערהאַלבען מיליאָן חזירים א יאָהר. די מיטגליעדערשאַפט פון די שלאַכט־הייזער באַטרעפט — 101,000.

א וואונדערבאַרע אָרגאַניזאַטאָרישע קראַפט האָבען די קאָאָפּע־

ראטיווען ארויסגעצייגט אויפ'ן געביט פון אייער האנדעל. כמעט אלע פארמערס זיינען מיטגליעדער פון אן אייער איינזאמלונג־געזעלשאפט. די געזעלשאפט נעמט צונויף די אייער באזונדער פון יעדען פארמער און שיקט זיי אפ אין נעהענטסטען שפייכלער (ווערהויז), וואו יעדעס איי ווערט געסטעמפעט מיט'ן נאמען פון פארמער און מיט'ן דאטום, ווען עס איז דערהאלטען געוואָרען, און אין פאל פון א קלאגע, זאל מען וויסען, ווער האט די איי צוגע־שטעלט. די אייער ווערען נאכדעם אין ספעציעלע ערטער סאָר־טירט און עקספּאָרטירט.

אין 1890 האט דער אייער־עקספּאָרט באטראָפען ארום 2 מיליאָן דאָלער, און אין 1908 — שוין 6 מיליאָן און 600 טויזענד דאָלער.

ביז מיט עטליכע יאָהר צוריק האָבען צווישען־הענדלערס און ספעקולאטאָרס קאָנטראָלירט דעם ענגלישען מארקעט פון דער בייקאָן (געראויכערטע שווייגען־פלייש) אינדוסטריע. די דענישע פארמערס האָבען דארום אָרגאניזירט אן אייגענעם פארקויפס־אגענטור אונטער'ן נאָמען: „די דענישע בייקאָן קאָמפּאני פון לאָנדאָן“. די אגענטור האט גאָר שנעל פארניכטעט דעם פלייש־טראָסט און באשאפען א מעגליכקייט פאר די פארמערס צו פאר־קויפען זייערע פּראָדוקטען אויף בעסערע פּרייזען.

אויך די דענישע בענק געפינען זיך אין קאָאָפּעראטיווע הענט. אין דענעמארק זיינען פאראן 536 קאָאָפּעראטיווע שפּאר־בענק. אין 1906 האָבען די דעפּאָזיטס פון דיעזע בענק באטראָפען 208 מיליאָן און 500 טויזענד דאָלער ($208,500,000).

די קאָאָפּעראציעס האלטען אויף א צענטראלע איינקויפס־אגענטור, וועלכע שיקט פאנאנדער אלע נויטיגע פּראָדוקטען צו די לאָקאלע קאָאָפּעראטיווע פארקויפס־פלעצער איבער'ן גאנצען לאנד. אין די דאָזיגע קאָאָפּעראטיווע געשעפטען קויפען די פארמערס זייערע מאשינען, זריעות און ווי אויך אלע נויטיגע פּראָדוקטען.

די פארמערס פּראָדוצירען אויך זייערע אייגענע פערטיליי־זערס דורך קאָאָפּעראציע. אויך האָבען זיי קעננינג פעקטאָריס, קרימערי סופּליי קאָמפּאניס, ווי אויך פארשידענע אינשורענס קאָמפּאניס. עס איז כמעט ניט דאָ קיין איין געביט פון אגריקולטור, אויף וועלכען די קאָאָפּעראציעס זאָלען ניט זיין טעטיג.

אין א קורצער פּעריאָדע פון 30 יאָהר האט זיך אין דענעמארק,

א דאנק די קאָאָפּעראַטיוועז דער עקספּאָרט פון פאַרם־פּראָדוקטען פאַרגרעסערט אויף 600 פּראָצענט. דער „סטאַנדאַרד אָיו ליווינג״, בילדונג און קולטור זיינען אין משך פון דיעזער צייט אין קיין לאַנד אין איירָאָפּא ניט געשטיגען אזוי הויך, ווי אין דענעמאַרק.

פון גאַנצען עקספּאָרט קומט אויף יעדע דענישע פאַרם דורכ־שניטליך אוים אונגעפעהר 380 דאָלער. 133 טויזענד — פון אַלע 250 טויזענד — פאַרמס האָבען עפּעס צו ווענינער ווי 13 און א האַלב אַקער לאַנד; די דורכשניטליכע גרויס פון א פאַרם אין דענעמאַרק איז 43 אַקער לאַנד. אַזאַ אַגריקולטורעלע אינטענסי־וויטעט, ווי עס ווערט פּראַקטיצירט אין דענעמאַרק, וואָלט אָהן קאָאָפּעראַציע און פרייווילינער צוזאַמענאַרבייטונג קיינמאָל ניט געקענט פאָרקומען.

אין 1915 האָט דענעמאַרק געהאַט שוין אויך 1500 קאָנסום־פאַראיינען, וועלכע זיינען אָנגעשלאָסען אין איין גרויסע האָלסייל געזעלשאַפט. אָבער ניט אין זיי ליגט דענעמאַרק׳ם אייגענאַרטיגקייט, נאָר אין די אַגריקולטורעלע קאָאָפּעראַציעס.

דענעמאַרק איז די דעמאָקראַטישסטע מלוכה אין דער וועלט. זי איז דעמאָקראַטיש פּאָליטיש און אינדוסטריעל. קיינע ספּע־ציעלע פּריווילעגיעס, קיינע פּאַראַזיטישע קלאַסען אין דענעמאַרק. די רעגירונג איז אין די הענט פון די פּראָדוציר ער.



אלגעמיינער אָנבליק פון׳ם האמבורגער קאָאפּעראַטיוו „פּראָדוקציאָן“. (זעה זייטען 186, 188 און 189)

## דריי־און־צוואנציגסטער קאפיטעל.

# דייטשלאנד.

אין געגענזאַץ צו ענגלאַנד און סקאָטלאַנד, פראנקרייך און בעלגיען איז די דייטשע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אַרויסגעוואַקסען ניט פון אַרבייטער קלאַס, נאָר פון די מיטעלע קלאַסען. פון 1840 ביז 1870 זיינען אין דייטשלאַנד געווען פאַרשפּרייט פאַרשידענע קליינע פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס — פאַראייניגונגען פון עטליכע קליינע מייסטערס, — און אַ היבשע צאָהל קאָאָפּעראַטיווע פאַרמס און קרימעריס. אין דער זעלבער צייט האָט אויך אָנגעהויבען צו ווירקען שולצע־דעליטש, דער אַפּאָסטאָל פון דער דייטשער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, — און אַ גרויסע צאָהל קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־געזעלשאַפטען זיינען אונטער זיין איינפלוס אין פאַרשידענע שטעדט געגרינדעט געוואָרען.

דער ערשטער קאָאָפּעראַטיווער קאָנסום־פאַראיין, אָדער קאָאָפּעראַטיווע סטאָר, איז געגרינדעט געוואָרען אין כעמניטץ אין 1845 — פונקט אין דער זעלבער צייט, ווען די ראָטשדיילער פּיאָנערען האָבען אָנגעהויבען דורכצופיהרען זייערע פּלענער. כמעט אַלע מיטגליעדער פון ערשטען קאָנסום־פאַראיין אין כעמניטץ זיינען געווען אויך מיטגליעדער אין די קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־געזעלשאַפטען.

עס איז מערקווירדיג, דאָס די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־באַוועגונג האָט ניט געפונען קיין באַזונדערען חן ניט ביי מאַרקס'ן און ניט ביי לאַסאַל'ן. און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט דאַריבער קיין שום אויפמערקזאַמקייט דיזער באַוועגונג ניט געשענקט. אין 1889 האָט די דייטשע רעגירונג געגעבען די קאָאָפּעראַציעס געוויסע פּריווילעגיעס, און די גאַנצע לאַגע האָט זיך געענדערט. די אַרבייטער האָבען אָנגעהויבען איינצוזעהן, וואָס פאַר גרויסע נוצען זיי קענען האָבען פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג; און אין די 90־גער יאָהרען זיינען שוין געגרינדעט געוואָרען

א גרויסע צאָהל ארבייטער־קאָאָפּעראַציעס. אין די יאָהרען 1898—1901 האָבען זיך פּיעלע קאָאָפּעראַציעס פאראייניגט אין אַן „אַלגעמיינעם פארבאנד“, וואו די שולצע־דעליטשׁ קרעדיט־געזעלשאַפטען זיינען געווען די טאָן־געבער — במילא איז שוין דער גאַנצער כאראקטער פון דיזען „אלגעמיינעם פארבאנד“ געווען א קליין־בירגערליכער, און דער פארבאנד האָט זיך קיין גרויסע געזעל־שאַפטליכע אויפגאַבען ניט געשטעלט.

איינזעהענדיג, אַז די קאָאָפּעראַטיווען הויבען אָן צו שפּיעלען אין מאנכע לענדער אַלץ א גרעסערע ראָלע, איז די דייטשע סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע פּארטיי ביסלעכווייז געוואָרען טאָלעראַנטער צו דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

עטליכע פאָרשטעהער פון די דייטשע ארבייטער־קאָאָפּעראַ־טיווען, ווינשענדיג צו האָבען וואָס מעהר מאַטעריאַל פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדא, האָבען געמאכט א רייזע איבער ענגלאַנד און סקאָט־לאַנד, וואו זיי האָבען באַזוכט די קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל סאָסיי־טיס מיט זייערע גראַנדיעזע דעפּארטמענט־סטאָרס. באַגייסטערטע זיינען זיי צוריקגעקומען נאָך דייטשלאַנד און האָבען ארויסגעלאָזען א צירקולאַר איבער קאָאָפּעראַציע: „אונזער ענגלאַנד־רייזע“, וועלכע האָט ביי אַלעמען ארויסגערופען א גרויסען אינטערעס.

די ווירקונג פון דיזען צירקולאַר האָט זיך אַם בעסטען געלאָזט פיהלען ביים יעהרליכען קאָנגרעס פון די דייטשע קאָאָפּעראַטיווען אין קרויטצענאך, אין 1902. באַלד נאָך'ן קאָנגרעס האָבען זיך עטליכע הונדערט ארבייטער־קאָאָפּעראַציעס אָפּגעריסען פון „אַלגע־מיינעם פארבאנד“ און זיך פאראייניגט אין א „צענטראַל פאַר־באַנד“, וועלכער האָט אין א קורצע צייט פעסטגעשטעלט זיין אמת'ען ארבייטער־כאראקטער. ער האָט פון זיך אָפּגעטיילט אַלע קאַפּיטאַליסטיש־קליינבירגערליכע עלעמענטען און איז געוואָרען א ריינע קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־באַוועגונג, וועלכע האָט נאָר אין זינען די אינטערעסען פון'ם ארבייטער־קלאַס.

אין 1913 זיינען שוין אין „צענטראַל פארבאנד“ געווען אָנגע־שלאָסען ביי 1,200 געזעלשאַפטען, וועלכע האָבען געהאַט אָנדער־האַלבען מיליאָן מיטגליעדער, מיט א יעהרליכען אומזאַץ פון ארום 125 מיליאָן דאָלער.

אין אַלטען „אַלגעמיינעם פארבאנד“ האָבען זיך דאַמאַלס נאָך געפונען 290 קאָנסום־פאראיינען, מייסטענס קליין־בירגערליכע,

מיט א מיטגליעדערשאפט פון 276,645 (א דריטעל פון דיזע מיט־גליעדער באַלאַנגען צו דער גרויסער ברעסלויער געזעלשאַפט), און א יעהרליכען אומזאַץ פון ארום 18 מיליאָן און 750 טויזענד דאָלער. צום „אַלגעמיינעם פארבאנד“ באַלאַנגען אויך פארשיעדענע קרעדיט־געזעלשאַפטען און אנדערע קאָאָפּעראַטיווע חברות, וועלכע צעהלען ארום א מיליאָן מיטגליעדער.

אין דייטשלאנד זיינען נאָך פאראַן א היבשע צאָהל קאָאָפּע־ראַציעס וואָס געהערען ניט צו קיינעם פון די דערמאָנטע פארבאנ־דען. דאָס זיינען די זאָגענאַנטע „אונאַפּהענגיגע פאראיינען“. צוויש׳ן זיי געפינען זיך אויך ביי א 100 קאָנסום־פאראיינען, וועל־כע באַשטעהען הויפּטזעכליך פון באַהן־ארבייטער, און וועלכע וויל־העלם׳ס רעגירונג האָט ניט ערלויבט זיך אַנצושליסען אן די ארבייטער־קאָאָפּעראַציעס.

אין אַלגעמיין רעכענט זיך אין דייטשלאַנד ארום 2,400 קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־פאראיינען. אין יאַנואַר, 1914, האָט די מיטגליעדערשאפט פון די קאָאָפּעראַטיווע פאראיינען געצעהלט צוויי מיליאָן און א פערטעל, און זייער יעהרליכער אומזאַץ איז געשאַצט געוואָרען ארום 150 מיליאָן דאָלער.

די דייטשע קאָאָפּעראַציעס זיינען אין פיעלע הינזיכטען געגלי־כען צו די ענגלישע: דיזעלבע דעמאָקראַטישע פארוואַלטונג; אָפּענע טירען פאר אַלע, וואָס ווילען נאָר ווערען מיטגלידער; די פּראָפיטען ווערען צוריקגעגעבען אלס דיווידענד צו די קונים. די פארוואַלטונגס־סיסטעם ביי די דייטשע איז אָבער א פיעל בעסערע, ווי ביי די ענגלישע. די דייטשע קאָאָפּעראַציעס געפינען זיך אויך אין נאָהענטע באַציהונגען מיט די טרייד־יוניאָנס, און גאַנץ אָפט נעהען זיי מיט זיי האַנד־אין האַנד, הויפּטזעכליך אין דער צייט פון סטרייקס אָדער לאָק־אוטס.

די ענגלישע קאָאָפּעראַטיוון האָבען זיך ענטוויקעלט ניט אין די גרויסע אינדוסטריע צענטערען, ווי למשל, אין לאָנדאָן, מאַנ־טשעסטער אָדער ליווערפּול, נאָר אין די קליינע פאבריק־שטעדטלאך. פונקט דער היפּך איז געוועזען מיט די דייטשע קאָאָפּעראַציעס. זייער הויפּט־ערפאָלג האָבען זיי געהאט אין די גרויסע שטעדט. די „קאָאָפּעראַטיווע“ פון ברעסלוי, די האַמבורגער „פּראָדוקציאָן“, די „לייפּציג־פּלאַגוויטש“ אין לייפּציג, די „קאָאָפּעראַטיווע“ פון בערלין, די „איינטראַכט“ פון עססען און דער „פאָרווערטס“ פון

דרעזדען, האָבען איין פינפטעל פון דער מיטגליעדערשאפט און פון קאפיטאל פון דער גאנצער דייטשער קאָאָפעראטיווער באוועגונג.

לאָמיר דאָ געבען אַ קורצען איבערבליק וועגען אייניגע פון די אָקאָרשט דערמאָנטע קאָפעראטיוון.

די ברעסלויער געזעלשאפט איז געגרינדעט געוואָרען אין 1866 און באלאנגט נאָך ביז יעצט צום „אַלגעמיינעם פארבאנד". זי האָט 97,864 מיטגליעדער, פון וועלכע די גרעסטע צאָהל באלאנגען צום מיטעל־קלאַס. דיזע געזעלשאפט מאכט אַ יעהרליכען אומזאץ פון 6 מיליאָן און 489,645 דאָלער. זי האָט אַן אייגענע מעהל־מיהל און בעקעריי, אַ ליקער און מינעראל־וואסער פאבריק, אַ קאפע ברענעריי, א. ז. וו. פון איהר יעהרליכען ריינעם פּראָפיט פון 700 טויזענד דאָלער באקומען די פ י ע ר מיטגליעדער פון פאָר־שטאנד, וועלכע באלאנגען צום מיטעל־קלאַס, 25 טויזענד דאָלער, און די איבריגע סומע ווערט צוטיילט צווישען די קונים, קאָנסו־מענטען, לויט דער סומע סחורות, וויפיעל זיי האָבען געקויפט. די פארוואלטונג פון דער געזעלשאפט געפינט זיך אין די הענט פון מיטעל־קלאַס מיטגליעדער. די געזעלשאפט באשעפטיגט אויך אַן ערך טויזענד ארבייטער, פאר וועלכע עס איז אויך פאראַן אַ געוויסער בענעפיט־פאָנד. דיזע ארבייטער איז פארבאָטען צו האָבען וועלכע ניט־איז באציהונגען מיט די טרייד־יוניאָנס.

די „לייפּציג פלאגוויטש" געזעלשאפט, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1884, ווערט באטראכט אַלס דער ערשטער אנגעזעהענער ארבייטער קאָנסום־פאראיין. די געזעלשאפט איז ענטשטאנען, אַ דאנק די ניט־עהרליכע אטאַקעס פון מיטעל־קלאַס אויף די סאָציאַל־דעמאָקראטיע ביי די וואהלען אין 1881. אַ גרויסער טייל ארבייטער האָבען דאן באשלאָסען זיך אָפּצורעכענען מיט די קליין־בירגערליכע עלעמענטען און האָבען געגרינדעט אַ קאָנסום־פאראיין. אין אנפאנג זיינען די געווערקשאפטען און די פארטיי געשטאנען פון ווייטענס פון דיזען פאראיין, אָבער באלד האָבען זיך די פאָרשטעהער פון די געווערקשאפטען און פון דער פארטיי פאראינטערעסירט מיט איהם. און די מיטגליעדער־שאפט איז געוואקסען אויף איבער 54 טויזענד. דער פאראיין האָבען אויך עטליכע קאָאָפעראטיווע ווערקשטאטען, אין וועלכע עס זיינען באשעפטיגט ארום 1,600 ארבייטער. דיזע ארבייטער זיינען

אונטער דער אויפזיכט פון א דזשאָינט באָארד, וועלכע רעפּרעזענ־טירט פאַרשידענע געווערקשאַפטען און קאָאָפּעראַטיווע פאַראיינען.

די „פאָרווערטס" געזעלשאַפט אין דרעזדען איז געגרינדעט געוואָרען אין 1888. ביז 1912 האָבען אין דרעזדען עקזיסטירט פאַרשידענע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען. נאָר אונטער'ן איינ־פלוס פון די געווערקשאַפטען, און צוליעב די גרויסע טעקסעס, וואָס יעדע געזעלשאַפט באַזונדער האָט געמוזט צאָהלען דער רעגירונג, האָבען זיך אַלע קאָאָפּעראַציעס פאַראייניגט אין איין פאַרבאַנד אונטער'ן נאָמען „פאָרווערטס". דער פאַרבאַנד האָט יעצט איבער 117 לאָקאַלע ברענטשעס, וועלכע צעהלען 60 טויזענד מיטגליעדער. דער דורכשניטליכער דיווידענד, וואָס די מיטגליעדער קריגען, איז ארום 8 פּראָצענט. דער פאַרבאַנד באַשעפטיגט איבער 1,900 אר־בייטער, וועלכע מוזען זיין מיטגליעדער פון געווערקשאַפטען, ווי אויך פון קאָאָפּעראַטיווען פאַרבאַנד.

אָבער קיינע פון דיזע קאָאָפּעראַטיוון האָט ניט געמאכט אזא שנעלען פּראָגרעס, ווי די האַמבורגער „פּראָדוקציאָן", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אין 1889. באַלד נאָך דעם דאָק־סטרייק אין 1896 האָבען די אָרטיגע ארבייטער באַשלאָסען זיך צו באַפרייען פון די קליינע קאַפּיטאַליסטישע שעפּער און פון די בירגערליכע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, האָבען אָנגעפיהרט א ברייטע קאָאָפּעראַטיווע פּראָפּאַגאַנדע, און זייער ארבייט איז אין גיכען געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג. אין 1912 האָט שוין די „פּראָ־דוקציאָן" געהאַט 117 ברענטשעס, פון 67,191 מיטגליעדער מיט א אומזאַץ פון 425 טויזענד דאָלער א יאָהר. די „פּראָדוקציאָן" באַשעפטיגט 1,410 ארבייטער, וועלכע קריגען אין שכירות ארום 500 טויזענד דאָלער א יאָהר. די „פּראָדוקציאָן" האָט אייגענע בעקעריייען, פליישׂ־געשעפטען, 3 טויזענד אַקער לאַנד, קויהלען געשעפטען, 500 וואָהן־הייזער און עטליכע מינעראַל־וואַסער פאַב־ריקען. מעהר ווי 5 פּראָצענט דיווידענד צאָהלט די „פּראָדוקציאָן" ניט, אום מיט די איבערגעבליבענע פּראָפיטען צו זיין אימשטאַנד אָנצוהאַלטען א גלייכגעוויכט געגען א פלוצלונג שטייגענדען יקרות. אין 1912, למשל, האָבען אַלע ריטיילערס פון האַמבורג צווישען זיך אָפּגעמאַכט צו העכערען די פּרייזען אויף פּראָדוקטען אויף 25

פּראָצענט, צוליעב דעם דאַמאַלסדיגען יקרות. די „פּראָדוקציאָן“ האָט אָבער געהעכערט די פּרייזען בלויז אויף 14 פּראָצענט.

די „בערלינער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט“ איז געגרינדעט געוואָרען אין 1899. זי צעהלט אַרום 80 טויזענד מיטגליעדער און 107 ברענטשעס, האָט אַ געוויסע צאָהל קאָאָפּעראַטיווע ווערקשטאַטען (ווי למשל, בלעכערייען, טישלערייען, אַ גרויסע לאָנדרי, א. ד. גל.) איהר אומזאַץ האָט אין 1913 באַטראָפען 4 מיליאָן 83 טויזענד 950 דאָלער. מעהר ווי 4 פּראָצענט דיווידענד צאָהלט די געזעלשאַפט ניט. דערפאַר אָבער האָט זי זיך געשטעלט אַלס איהר ציעל צו פאַרקויפען וואָס ביליגער איהרע ריטייל פּראָדוקטען. ביים לעצטען פליישׂ־קריזיס האָט זי אימפּאָרטירט גרויסע מאַסען פלייש דירעקט פון רוסלאַנד. די ארבייטער מוזען זיין מיטגליעדער פון די געווערקשאַפטען.

אַרבייטער ווערען אין איהר אָנגעשטעלט דורך די געווערקשאַפטען. אויב עס איז נאָר פאַראַן אַ וואַקאַנטע שטעלע, ווערט דאָס גלייך מיטגעטיילט צו דער יוניאָן, און זי שיקט שוין צו אַ פּאַסענדע פּערזאָן.

די דייטשע קאָאָפּעראַטיווען זיינען פון אנפאַנג, פּונקט ווי די ענגלישע, געווען ריינע קאָנסום־פאַראיינען און האָבען געהאַנדעלט מיט זאַכען פון הויזליכען געברויך, ווי שפּייז־אַרטיקלען, א. ד. גל. ווען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז געוואָרען אביסעל גרעסער, אַזוי דאָס אין אַ געוויסען אָרט זיינען שוין געווען עטליכע קאָאָפּעראַטיווע אנוטערנעמונגען, האָבען זיך די אָרטיגע קאָנסום־פאַראיינען באַלד אָנגעהויבען צו באַשעפטיגען אויך מיט פּראָדוקציאָן, ווי צו גרינדען אייגענע בעקערייען, צ. ב. ש. „לאָנדרים, מינעראַל וואַסער פאַבריקען, מעבעל־ווערקשטאַטען, מעהל־מיהלען, א. ז. וו. דער יעהרליכער אומזאַץ פון דער קאָאָפּעראַטיווער פּראָדוקציאָן האָט שוין אין 1914 באַטראָפען איבער 25 מיליאָן דאָלער.

פון די פאַרשיעדענע קאָאָפּעראַטיווען וואַקסען אַם שנעלסטען די ארבייטער קאָאָפּעראַטיווען (פון „צענטראַל פאַרבאַנד“). דער צוּוואוּקס אין „צענטראַל פאַרבאַנד“ איז דריי מאָל אַזוי גרויס, ווי דער צוּוואוּקס אין קליין־בירגערליכען „אַלגעמיינעם פאַרבאַנד“. די פאָלגענדע קורצע טאַבעלע וועט אונז געבען אַ גוטען באַגריף,

ווי גרויס די דייטשע ארבייטער קאָאָפּעראַטיווען זיינען שוין אויס־געוואַקסען :

| ארבייטער קאָאָפּעראַציעס יאנואר 1913 | פאַראיינען | מיטגלידער | ארבייטער באַשעפטיגט | יעהרליכער אומזאַץ | פּראָדוקטען אויסגעארבייט אין די קאָאָפּע־ראַציעס. |
|---|---|---|---|---|---|
| בייערען — — — — — | 103 | 107,021 | 1,613 | $7,537,505 | $1,100,355 |
| בראַנדענבורג א. ז. וו. | 108 | 178,173 | 2,379 | 9,916,300 | 1,568,835 |
| מיטעל דייטשלאַנד — | 138 | 111,123 | 2,233 | 9,193,925 | 1,994,060 |
| רהיינלאנד וועסטפּאַלען | 67 | 186,480 | 3,496 | 14,978,790 | 3,136,380 |
| נאָרד־וועסט־דייטשלאַנד | 178 | 267,092 | 1,420 | 20,922,358 | 5,506,660 |
| זאַקסען — — — — | 178 | 296,140 | 5,183 | 25,084,525 | 5,188,040 |
| זיד־וועסט־דייטשלאנד | 115 | 128,943 | 1,908 | 10,113,740 | 1,495,135 |
| טהורינגען — — — | 226 | 126,052 | 2,235 | 10,977,845 | 2,175,215 |
|ווירטעמבערג — — — | 87 | 93,742 | 1,052 | 7,249,285 | 1,155,775 |




אן אמעריקאנער קאאפעראטיווע קראם.

פיער־און־צוואנציגסטער קאפיטעל.

# די קאאפעראטיווע באוועגונג אין די פאראייניגטע שטאאטען.

## פאר וואס אמעריקא איז הינטערשטעליג אין קאאפעראציע.

פון אלע לענדער וואס מיר האבען ביז איצט דערמאנט, איז אמעריקא דאס הינטערשטעליגסטע לאנד אין באצוג צו קאאפעראציע. די קאאפעראטיווע באוועגונג געפינט זיך דא נאך אלץ אין א כאאטישען צושטאנד און האט זיך ווייט נאך ניט קריסטאליזירט אזוי, אז מען זאל קענען מיט באשטימטקייט זאגען וואס זי איז און וואוהין זי שטרעבט. אין אמעריקא זיינען געמאכט געווארען פארזוכען אין קאאפעראציע א סך פריהער איידער ראבערט אועז און די ראטשדיילער פיאנירען האבען גע'חלומ'ט צו פארווירקליכען זייערע פלענער. עס איז א פאקט, אז נאך אין 1836 איז שוין דא גערופען געווארען א קאאפעראטיווע קאנווענשאן. און פון דעסטוועגען קען זיך נאך אמעריקא אויף'ן געביט פון קאאפעראציע ניט פארגלייכען זאגאר מיט דער קליינער בעלגיען, צ. ב. ש.

לויט די בעסטע אמעריקאנער קאאפעראטיווע פארשער און שרייבער, זיינען די אורזאכען פון דיזער ערשיינונג ווי פאלגט:

1) די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג מוז זיך ענטוויקלען זעלבסט־שטענדיג, אויף איהר אייגענע אחריות, און ניט זיין צוגעטשעפּעט צו אַן אנדער באַוועגונג. אָבער כמעט אַלע פּאַרזוכען וואָס זיינען אין אַמעריקאַ ביז מיט אַ קורצער צייט צוריק געמאַכט געוואָרען אויף צו באַשאַפען אַ קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג זיינען געווען פאַר־בונדען מיט אַ וועלכער עס איז אנדער באַוועגונג, — ריכטיגער געזאָגט — מיט אַ געוויסער געזעלשאַפטליכער אוטאָפּיע: מיט קאָמוניסטישע קאָלאָניעס, מיט וועגעטאַריזם, פעמיניזם, אָדער גאָר מיט אַ רעליגיעזען צוועק.

2) יעדער אינדוסטריעלער ערפאָלג פאָדערט אַ פּערמאַנענ־טען אָרט, אַ שטענדיגע שכנה׳שאַפט. אַ גרויסער טייל פון דער אַמעריקאַנישער באַפעלקערונג אָבער וואָהנט ניט לאַנג אויף איין אָרט. עס איז אַ פאַקט, אַז איבער 22 פּראָצענט פון די אַמערי־קאַנער וואָהנען ניט אין די ערטער, וואו זיי זיינען געבוירען געוואָ־רען. נאָך מעהר בולט איז דאָס אין די גרויסע שטעדט. און וויבאַלד אַזאַ גרויסע צאָהל מענשען וואָהנען ניט גענוג לאַנג אויף אַ באַשטימטען אָרט, פעהלט דאַריבער אין אַמעריקאַ דער הויפּט־צעמענט, די חבר׳שאַפט, וואָס בויט און האַלט צוזאַמען אַ קאָאָפּע־ראַציע.

3) די הויפּט־אייגענשאַפט פון קאָאָפּעראַציע איז שפּאָר־זאַמקייט. דער אַמעריקאַנער איז אָבער ניט קיין שפּאָרזאַ־מער, און איז מעהר אויסבערענגעריש, פון אַלע אנדערע נאַציאָנען. ער זאָרגט פשוט ניט פאַר׳ן מאָרגען. אַ פּאָר סענט מעהר אָדער ווייניגער אויף די פּראָדוקטען — עס לוינט איהם איינפאַך ניט צו דענקען וועגען דעם.

4) קאָאָפּעראַציע פאָדערט געדולד, אויסדויער, מילבען־טריט אַרבייט. דער אַמעריקאַנער איז אָבער בטבע אַ רעש׳יגער, אַ שנעלער, און ווען ער נעמט זיך שוין צו קאָאָפּעראַציע, טוט ער דאָס מיט איבערטריבענע באַגייסטערונג. דערפאַר אָבער פאַר־ליערט ער ביי דער ערשטער שטרויכלונג זיין באַגייסטערונג, און — אויס קאָאָפּעראַציע.

5) דאָס גרויס־שטאָדטישע לעבען, די גרויסע דעפּאַרטמענט־און טשעין־סטאָרס, די צו אָפטע „סיילס" און „באַרגיינס", דער פאַרהעלטניסמעסיג בעסערער „סטאַנדאַרד אָוו ליווינג" פון די אַמעריקאַנער אַרבייטער און די ניט־איינהייטליכע באַפעלקערונג

האט אויך א סך בייגעטראגען צו דעם, אז די קאאפעראטיווע באוועגונג זאל זיך ניט אזוי שנעל פארשפרייטען אין אונזערע מקומות.

6) צוליעב די שלעכטע געשעפטס־מעטאדען, וועלכע כמעט אלע אונטערגעגאנגענע קאאפעראטיווען האבען ביז יעצט אנגעווענדעט, האט דער עולם פארלארען זיין צוטרויען צו קאאפעראציע. אין ערגעץ האט מען ניט אזוי מיסברויכט די קאאפעראטיווע מעטאדען, ווי אין אמעריקא: קאאפעראציעס פלעגען געעפענט ווערען מיט ווייניג קאפיטאל; זיי פלעגען פארקויפען אויף בארג, צו קאסט־פרייז אדער מיט צו קליינע פראפיטען; די פיהרונג פלעגט זיין ניט געשעפטס־מעסיג, קאנטראל האט געפעהלט, א. ז. וו.

אין דער לעצטער צייט געבען כמעט אלע קאאפעראטארס צו, אז די לעצטע אורזאכע, די זעקסטע, איז אייגענטליך די הויפט־אורזאכע, פאר וואס מיר האבען נאך ניט קיין גרויסע קאאפעראטיווע קאנסום־באוועגונג אין אמעריקא. און דאריבער גיבען זיך איצט אלע קאאפעראטיווע זשורנאלען און ביכער אפ מיט דער איינציגער פראגע: ווי אזוי מוז א קאאפעראטיווער געשעפט פארוואלטעט ווערען?

## די סאציאליסטישע טעטיגקייט אויפ'ן קאאפעראטיווען געביט

אין קאפיטעל „קאאפעראציע און סאציאליזם" האבען מיר שוין געזעהען, וואס פאר א שטעלונג די אמעריקאנער סאציאליסטען נעמען צו קאאפעראציעס. אבער ניט נאר אויף זייערע קאנווענשאנס, נאר אויך אין פראקטישער טעטיגקייט צייגען זיי ארויס א גרויסען אינטערעס פאר קאאפעראציע. אומעטום איבען די סאציאליסטען אויס א געוויסען איינפלוס אויף די ארטיגע קאאפעראטיווען. אם בולט'סטען זעהט מען דאס אין די סטייטס: קענזעס, אקלאהאמא, טעקסעס, אילינאיז, וויסקאנסין, פענסילווייניא, ניו דזשוירזי, א. ז. וו. די סאציאליסטישע סטארס פון טשערלאדאי און פילאדעלפיא, און די סיגאר פעקטארי און סטאר פון ריצינע זיינען גאנץ שעהנע מוסטערן פון קאאפעראציע. די ריצינער פעקטארי גיט אוועק איהר גאנצען פראפיט פאר דער סאציאליסטישער פארטיי. די קאאפעראטיווע פעקטארים (אויף וויפיעל זיי זיינען באמת קאאפעראטיווע ווייסען מיר ניט) פון סויטה טשארלסטאן, ביילעם און סיו סיטי ווערען אנגעפיהרט מייסטענס פון סאציאליס־

טען און טריידיוניאָניסטען, פון וועלכע די גרעסטע צאָהל זיינען אויסלענדישע אימיגראַנטען.

דער „סענטראל לייבאָר קאָנסיל" פון טשארלסטאָן האָט אונ־טער זיין אויפזיכט די הויז, אין וועלכער עס געפינט זיך דער לייבאָר האָל, פּיל־רומס און לעזע־צימערען. אויך האָבען זיי א קאָאָפּע־ראַטיווע גראָסערי סטאָר, און פּלאַנעווען גאָר אין קורצען אויפצו־בויען א קייט פון קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען.

האַנטינגטאָן האָט געהאַט א גרויסע קאָאָפּעראַטיווע דרוקעריי, וועלכע איז אָבער אונטערגעגאַנגען צוליעב א גרויסען סטרייק. ווהילינג האָט א טעגליכע קאָאָפּעראַטיווע צייטונג „דהי ווהילינג מאַדזשאָריטי". די טשארלעראָי פּראָגרעסיוו אססאָסיאיישאָן, איינע פון די גרעסטע און גוט באַצאָהלטע סאָציאַליסטישע סטאָרס, איז אָרגאַניזירט לויט דער בעלגישער סיסטעם. זי גיט אויס א היבשע סומע אויף ערציהונגס־ארבייט, האָט מעדיצינישע לייס־טונגען און א קראַנקען און טויטען בענעפיט־סיסטעם פאר איהרע מיטגליעדער. די נאָרד אַמעריקאַן קאָאָפּערייטיוו אסס'ן פון פילא־דעלפיא, וועלכע האָט זיך מיט עטליכע יאָהר צוריק צוגעמאַכט, פלעגט אוועקגעבען 25 פּראָצענט פון איהרע פּראָפיטען צו דער סאָציאַליסטישער פּארטיי און די איבריגע פּראָפיטען פלעגט זי איבערלאָזען פאר א לייבאָר לייסעאום און בעניל־פאָנד. אויך אין אַלטאָנא, פּא., איז פאַראַן א קאָאָפּעראַטיווע סטאָר, וועלכע פאר־פאָלגט דיזעלבע צוועקען, וואָס די בעלגישע קאָאָפּעראַטיווען.

דריי פון די אַנגעזעהענסטע ניו דזשוירזי סטאָרס זיינען סאָ־ציאַליסטישע. די וועסט האָבאָקען קאָאָפּעראַטיווע סטאָר האָט זיך געשטעלט פאר איהר ציעל צו שאַפען דורך די פּראָפיטען א געזעלשאַפטליכען צענטער און פארשידענע אנדערע אינסטיטוציעס. דיזע געזעלשאַפט האָט א פאָנד פאר סטרייק־בענעפיטען און גיט ארויס אַן אייגענע ארבייטער־צייטונג.

עהנליך צו דיזער געזעלשאפט איז דער העלדאָנער קאָאָפּערא־טיוו, וועלכער אונטערשיידעט זיך אָבער מיט דעם, וואָס די מעהר־סטע מיטגליעדער זיינען כמעט שטענדיג אין סטרייקס, און זי איז דאַריבער געצוואונגען גאַנץ אָפט זיי צו אונטערשטיצען מיט באַארעס געלד און קרעדיט. אַן עהנליכען רעקאָרד האָט אויך די אידישע קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי אין פּעטערסאָן, וועלכע מיר וועלען שפּעטער באריכות באַשרייבען.

די לאורענס'ער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאפט גיט 10 פּראָצענט פון איהרע ריינע פּראָפיטען אָפּ פאר סאָציאַליסטישע פּראָפּאגאנדא. אין מילוואָקי זיינען פאראן צוויי קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאפטען: די סיטיזענס קאָאָפּעראַטיווע און די מילוואָקי קאָאָפּעריטיוו קאָ., וועלכע ווערען פּערוואַלטעט פון כמעט אויסשליסליך סאָציאַליסטען.

די סאָציאַליסטישע סופּליי קאָ. פון אייאַלא, קענזעס, צו־טיילט איהרע דיווידענד אויף פאָלגענדען אופן: 10 פּראָצענט צו אַלע אָנגעשטעלטע פון קאָאָפּעראַטיוו; 10 פּראָצענט פאר'ן רעזערוו פאָנד; 10 פּראָצענט פאר דער פּארטיי־פּרעסע און 10 פּראָצענט פאר קולטורעלע ארבייט. אין אָ'ברייען, טעקסעס, האָט די אָרטיגע סאָציאַליסטישע פּארמערס יוניאָן אן אייגענע דראָג־סטאָר, א פּעקטאָרי, א. ז. וו.

## קאָאָפּעראַציע און די טרייד־יוניאָנס.

עס איז כדאי צו באמערקען, דאָס די מעהר פארשפּרעכענדע קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס זיינען כמעט אַלע געגרינדעט און ווערען פּערוואַלטעט פון ארבייטער. די גרויסע קאָאָפּעראַטיווע סטאָר אין אינדיאַנאַפּאָליס, וועלכע האָט זיך מיט א געוויסער צייט צוריק אויפ־געלעזט, פלעגט קאָנטראָלירט ווערען פון די אָרטיגע טרייד־יוניאָנס. די מיטגליעדער פלעגען אויסנוצען די סטאָר פאר א מין קלוב־הויז, אויף צו דיסקוטירען זייערע יוניאָן אנגעלעגענהייטען. דיזע קאָאָפּעראַציע האָט געהאט 5 טויזענד שער־האָלדערס, 200 טויזענד דאָלער קאַפּיטאַל און 35 דעפּארטמענטס.

די לייבאָר יוניאָנס פון וויסקאָנסין האָבען קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס.

אין דער פּארמערס און קאָנסומערס קאָאָפּעראַטיווע געזעל־שאפט פון שערידאן, וויאָמינג, זיינען רעפּרעזענטירט מייסטענס דורך די טרייד־יוניאָנס.

די מיינערס פון אַלביא, אייאָווא, באזיצען אן אייגענעם קאָאָפּעראַטיווען האָספּיטאַל, און די יוניאָנס פון לאָובס, פון דער זעלבער סטייט, האָבען געהאט א גרויסען ערפאָלג מיט זייער קאָאָפּעראַטיווער קראָם, ביז וואנען די ארבייט אין דער אָרטיגער מיין האָט זיך געענדיגט.

מיר האָבען געהערט פון פארזוכען אויפ'ן קאָאָפּעראַטיווען געביט פון פינף אנדערע טרייד־יוניאָנס אין פארשידענע שטעדט,

אויך פון יוניאָנס, וועלכע האָבען אפּאָינטעט קאָמיטעס, אויף צו באַקענען זיך מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. דער „נעשיאָ־נאַל לייבאָר פּיקעט" פון אינדיאַנאַפּאָליס גיט אויך אָפּ פיעל פּלאַץ פאַר אַרטיקלען איבער דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

אויף דער פאָר־לעצטער קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקאַן פעדע־ריישאָן אָוו לייבאָר (ווי די לעזער זיינען שוין באַקאַנט פון קאַפּי־טעל: „טרייד־יוניאָניזם און קאָאָפּעראַציע", אין דיזען בוך), איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע צו גונסטען דער קאָאָפּעראַטי־ווער באַוועגונג.

## קאָאָפּעראַציע און סטרייקס.

פיעלע קאָאָפּעראַטיוען זיינען געגרינדעט געוואָרען אין צייט פון סטרייקס, און מאַנכע קאָאָפּעראַטיווען, ווידער, האָבען אַ סך בייגעטראָגען צו געווינען סטרייקס. די פּעטערסאָנער קאָאָפּעראַ־טיווע בעקעריי, (פּיוריטי קאָאָפּערייטיוו אַסס'ן), צ. ב. ש., האָט צוגעשטעלט די גרעסטע צאָהל ברויט, וואָס איז צוטיילט געוואָרען דורך די סטרייק רעליעף קאָמיטע, און האָט, אויסער דעם וועכענט־ליך בייגעשטייערט 50 דאָלער די גאַנצע צייט, וואָס דער גרויסער וועבער־סטרייק האָט אָנגעהאַלטען.

דער פראַנצויזיש־בעלגישער קאָאָפּעראַטיוו פון לאָורענס, האָט אין דער צייט פון סטרייק באַזאָרגט די סטרייקערס מיט צימערען, האָלס און האָט אויך פאַרקויפט ברויט צו קאָסט־פּרייז. אין 1914 האָט די קאָאָפּעראַטיווע סטאָר פון טרינידער, קאָלאָראַדאָ, געטאָן זעהר גוטע אַרבייט פאַר די סטרייקענדע אַרבייטער. די קאָאָפּע־ראַטיווע סטאָרס, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרען פון דער וועסטערן פעדעריישאָן אָוו מיינערס אין קריפּעל קריק און וויקטאָר, אין דער צייט פון סטרייק פון 1903—4, האָבען געהאַט אַזאַ גוטען ערפאָלג, דאָס די סאָלדאַטען און „גאַנמען" האָבען געפונען פאַר נויטיג זיי צוצושטערען. אין אַנדערע ערטער אין קאָלאָראַדאָ האָבען די קאָאָפּעראַטיווען געטאָן גוטע אַרבייט פאַר די סטרייקענדע מיינערס אין 1910.

דער קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער האָט געשפּיעלט אַזאַ וויכטיגע ראָלע אין סטרייק פון קופּער מיינערס אין קאַלומעט, מישיגען, איז 1913—14, איז געוועזען אונטער דער פיהרערשאַפט פון די פינישע

סאָציאַליסטען און האָט באַלאַנגט צו דער וועסטערן פעדערײשאָן אָוו מײנערס.

## קאָאָפּעראַטיווע פאַרמעריי.

לויט די באַריכטען פון „דעפּאַרטמענט אָוו אַגריקאַלטשור" אין וואשינגטאָן, זיינען אין די פאראייניגטע שטאאטען פאראַן אַרום 7000 קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען אויפ'ן אַגריקולטורעלען געביט. און ווען מען זאָל נאָך צורעכענען די פאַרשיעדענע קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט געזעלשאַפטען, אַזוי גוט ווי די פאַרשיעדענע אַנדערע קאָאָפּעראַטיווע חברות, פון וועלכע אַ טייל פאַרנעמען אַ זעהר וויכטיגען פּלאַץ, וועט די צאָהל קאָאָפּעראַטיווע פאראיינען אין לאַנד דערגרייכען 85 טויזענד.

מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסען, דאָס די פאַרמערס פאראייגען, כאָטש זיי זיינען קאָאָפּעראַטיווע, זיינען פונדעסטוועגען גאַנץ אָפּט נעסטען פון קאָנסערוואַטיווע אידעען. אין דייטשלאַנד, למשל, האָט די געוויזענע קייזער־רעגירונג געשטיצט און איז אויך געווען פאַראינטערעסירט אין גרינדען אַלץ נייע פאַרמער פאראייגען, אום אָפּצושוואַכען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין לאַנד. איהר חשבון איז געווען, אַז וואָס גרעסער די שטאָדטישע באַפעלקערונג וועט וואַקסען, אַלץ שטאַרקער וועט ווערען דער סאָציאַליזם. האָט זי דעריבער געוואָלט איינהאַלטען די פאַרמערס אין די פאַרמס.

און עס איז גאָר ניט קיין צופעליגע ערשיינונג, וואָס די קאָאָפּעראַטיווען אין די פאראייניגטע שטאאטען, האָבען דערגרייכט זייער העכסטע שטופע אין פאַרלויף פון דער קאָנסערוואַטיווער פּרעזידענטשאַפט פון וו. טאַפט.

עס איז אָבער ניט קיין כלל, אַז פאַרמערס פאראייגען מוזען דוקא האָבען קאָנסערוואַטיווע טענדענצען. אַ סך פון אונזערע אַגריקולטורעלע פאראייגען זיינען וויים ניט אַזוי קאָנסערוואַטיוו געשטימט, ווי די רעגיערונג שטרעבט זיי צו מאַכען. די מייסטע פאַרמערס פאראייגען פאַרנעמען זיך ניט נאָר מיט זייערע ענגע פאַרם־אינטערעסען, נאָר מאַנכע פון זיי גרינדען אויך שעפּער, סטאָרס, א. ד. גל. עס וועט אפשר זיין ווערטה נאָך צו באַמערקען, דאָס מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָט אַ פאַרמער

נעשענקט א גרויסע סומע פאר א פאָנד פאר קאָאָפּעראַטיווע פּראָ־פּאַגאַנדאַ.

## קאָנסום ־ פאַראיינען.

דער עיקר פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג זיינען אין אַלע לענדער די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־פאַראיינען. לאָמיר דעריבער געבען א קורצען באַגריף וועגען די קאָנסום־פאַראיינען ביי אונז אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען.

אין מינעסאָטאַ אַליין זיינען אין 1914 געווען, לויט ל. ד. וועלד, פון דער מינעסאָטער אוניווערזיטעט, ארום הונדערט קאָאָפּע־ראַטיווע סטאָרס. אין וואַשינגטאָן — 60 קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס (1914); אין אילינאָיז — 65 (1918); אין וויסקאָנסין — 90 (1914); אין די שטאַאַטען פון ניו ענגלאַנד — 85 (1913); אין מישיגען — 18 (1914); אין קאַליפאָרניא — 40 (1914); אין ניו יאָרק — 15 (1916). א היבשע צאָהל קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס זיינען דאָ אויך אין די שטאַאַטען טעקסעס און קענזעס.

לויט די לעצטע באַריכטען האָבען מיר שוין ארום 2,000 קאָאָפּעראַטיווע קראָמען אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען.

די קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס פון איין אילינאָיז סטייט מאַכען שוין איצט א יעהרליכען אומזאַץ פון איבער 3 מיליאָן דאָלער.

פאַר די לעצטע צייט זיינען שוין געמאַכט געוואָרען עטליכע פאַרזוכען צו גרינדען א קאָאָפּעראַטיווען האָלסייל דעפּאַרטמענט, וועלכער זאָל באַזאָרגען אַלע לאָקאַלע קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס מיט די נויטיגע סחורות. אין ענגלאַנד איז געגרינדעט געוואָרען די ערשטע האָלסייל סאָסייעטי מיט א פיעל קלענערער צאָהל קאָאָפּע־ראַטיווען, ווי מיר האָבען שוין יעצט אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען. עס איז אמת, אז אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען זיינען די אומ־שטענדען אביסעל אַנדערש, ווי אין ענגלאַנד, ווייל ביי אונז זיינען די סטאָרס צעוואָרפען איבער'ן גאַנצען לאַנד און די טראַנספּאָרט־פּראָבלעם איז דאָ זעהר א פאַרוויקעלטע. עס איז שוין אָבער דאָ א גענינענדע צאָהל קאָאָפּעראַטיווען אויף א געוויסען שטח לאַנד, אז מען זאָל קענען אָנפאַנגען מיט א האָלסייל אויף א קליינעם מאַס־שטאַב.

די לאָקאַלע קאָאָפּעראַטיווען פאַרשטעהען שוין, אז אָהן א האָלסייל סאָסייעטי וועלען זיי ווענינ וואָס קענען אויפטאָן. קליינע

פארזוכען ווערען שוין איצט געמאכט און זיי זיינען גאנץ ערפאָלג-רייך. עס איז דארום זיכער, דאָס נאָר אין גיכען וועלען מיר האָבען א גרויסע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל סאָסייעטי אויך אין אַמעריקאַ. און נאָר דאַן וועלען מיר קענען זאָגען מיט א רוהיגען געוויסען, אז מיר האָבען דאָ א קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג.

## די פינישע סאָציאַליסטישע קאָאָפּעראַציעס.

עס וואָלט געווען אַן אונרעכט פון אונזער זייט, צו רעדען איבער די אַמעריקאַנער קאָאָפּעראַטיווען און ניט צו דערמאָנען די מוסטערהאַפטע פינישע קאָאָפּעראַציעס אין לאַנד.

פינלאַנד האָט זעהר אַן אַנגעזעהענע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג און די פינלענדישע אימיגראַנטען האָבען מיט זיך מיטגע-בראַכט זייער ערפאַהרונג אויף דיזען געביט. און זיי האָבען שוין דאָ געגרינדעט 142 קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען. די היגע פינישע קאָאָפּעראַציעס זיינען זעהר עהנליך צו די בעלגישע. פונקט ווי די בעלגיער, אזוי האָבען אויך די פינלענדער פאַרוואַנ-דעלט זייערע קאָאָפּעראַציעס אין געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס און ניט בלויז, ווי דאָס רוב קאָאָפּעראַטיוועז, אין איינקויפס-פלע-צער. די מייסטע פון די פינישע קאָאָפּעראַטאָרס זיינען סאָציאַ-ליסטען, ענג פאַרבונדען מיט דער פּאַרטיי און מיט די טרייד-יוניאָנס. אין די שטעדט זיינען די פינלענדער צוזאַמענגעדריקט אין באַשטימטע דיסטריקטען, און זייערע קאָאָפּעראַציעס זיינען פעדערירט איבער'ן גאַנצען לאַנד. און אין דעם ליגט זייער שטאַרקייט.

די פינישע קאָאָפּעראַציעס ווערען געשאַצט אויף איבער 2 מיליאָן און 500 טויזענד דאָלער; זייער יעהרליכער אומזאַץ אויף איבער 4 מיליאָן און 100 טויזענד דאָלער. זיי האָבען ארום 35 גראָסערי סטאָרס; 4 פאַבריקען; 26 באָארדינג הייזער; 3 קאָאָפּעראַטיווע פּאַבלישינג הייזער; 3 טעגליכע צייטונגען; 2 וועכענטליכע און 2 מאָנאַטליכע. אויסער דעם, פאַרשפּרייטען זיי פאַר ארום 100 טויזענד דאָלער ליטעראַטור יעדען יאָהר. זייערע פּאַבלישינג הייזער מאַכען אַן אומזאַץ אויף איבער 400 טויזענד דאָלער א יאָהר. אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען געפינען זיך ארום 300,000 פינלענדער, און א דריטעל (100,000) פון זיי זיינען ענג פאַרבונדען מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

די פינלענדער גיבען זיך אָפּ מיט פּאַרווייִלונגען און אונטער־האַלטונגען: זייערע צוויי אַמיוזמענט פּאַרקס מאַכען אַן אומזאַץ איבער 8000 יעהרליך. זיי האָבען אייגענע האַלס, דראַמאַטישע און ליטעראַרישע סעקציעס, א. ד. גל. זייערע האַלס זיינען ווערט אַרום איין מיליאָן און 200 טויזענד דאָלער. זייערע וואָהן־הייזער ווערען געהאַלטען פאַר מאָדעלען (צוויי נייע הייזער זיינען מיט א געוויסער צייט צוריק אויפגעבויט געוואָרען אין ברוקלין, נויאָרק). מיט פיער יאָהר צוריק, האָבען זיי אין מאַסאַטשוסעטס סטייט געגרינדעט א קאָאָפּעראַטיווען באַנק, וועלכער האָט שוין ביז איצט געהאַט איבער 300 טויזענד דאָלער דעפּאָזיטס. דער באַנק איז א מין „קלירינג הויז" פאַר אַלע פינישע קאָאָפּעראַציעס, וועלכע זי באַזאָרגט מיט אַלע נויטיגע געלד־פאָנדען.

די פינישע קאָאָפּעראַציעס אין אַמעריקאַ זיינען דער בעסטער ענטפער צו די יעניגע, וועלכע באַהויפּטען, דאָס די ב ע ל ג י ש ע ס י ס ט ע ם האָט ניט קיין באָדען אין אַמעריקאַ.

## קאָאָפּעראַטיווע ליעג פון אַמעריקאַ.

דער אָפיס פון דער קאָאָפּעראַטיווער ליעג פון אַמעריקאַ געפינט זיך אין ניו יאָרק. הגם די ליעג איז אַלט בלויז א יאָהר 4, האָט זי פונדעסטוועגען שוין אַרויסגעוויזען, א גרויסע אַקטי־וויטעט אויפ'ן קאָאָפּעראַטיווען געביט, ווי, למשל, דורך די אַרויס־געבונג פון א היבשער צאָהל ליפלעטס, פּאַמפלעטס און קלענערע אָפּהאַנדלונגען איבער קאָאָפּעראַציע (אין ענגליש). אויך האָט זי אַרויסגעלאָזען א גרויסען פּאַמפלעט אין אידיש, איבער קאָאָפּעראַציע, פון שרייבער פון דיזע צייִלען. איהר מאָנאַטליכער זשורנאַל (אין ענגליש) איז רייך מיט קאָאָפּעראַטיווע אויסקינפטע.

אויך שיקט די ליעג אַרויס פאַרטרעטער צו אַלע ראַדיקאַלע קאָנווענשאָנס און גרעסערע פאַרזאַמלונגען אויף צו פּראָפּאַגאַנדירען דעם קאָאָפּעראַטיווען געדאַנק צווישען די אַרבייטער מאַסען.

אָרגאַניזירט איז די ליעג געוואָרען מיט דער מיטווירקונג פון קאָאָפּעראַטיווען פּאָרקעמפּער דר. דזשיימס פּ. וואָרבעס, מיט'ן צוועק צו פאַרשפּרייטען קאָאָפּעראַציע דורך ראַט און טאַט, העלפען ענטוויקלען וויסענשאַפטליכע מעטאָדען און בכלל זיך אָפּגעבען מיט א ברייטער קאָאָפּעראַטיווער פּראָפּאַגאַנדאַ. זי צעהלט איצט איבער 5000 מיטגליעדער (אָרגאַניזאַציעס און אינדיווידועלע מיט־

גליעדער), פון וועלכער 3000 זיינען צוגעקומען אין 1917. די לעצטע מלחמה האט פיעל מיטגעווירקט צו איהר וואוקס.

די ליעג גיט זיך אפ הויפטזעכליך מיט קאנסום־קאאפעראטיווען. איהרע מיטגליעדער גלויבען, אז דורך די קאנסום־פאראיינען וועלען זיי צוקומען צו די איבריגע פארמען פון קאאפעראציע. אויך איז די ליעג פאראינטערעסירט אין פעדערירען וואס א גרעסערע צאהל קאאפעראטיוען.

די ליעג איז אנגעשלאסען אן אינטערנאציאנאלען קאאפעראטיווען אליאנס, וועלכע האט איהר הויפט־זיץ אין לאנדאן.

## די געזעצע וועגען קאאפעראציע אין אמעריקא.

די אמעריקאנער געזעצגעבונג אינטערעסירט זיך קנאפ־וואס מיט קאאפעראציע. אהן גינסטיגע קאאפעראטיווע געזעצע וועלען מיר קיינמאל קיין גרויסע קאאפעראטיווע באוועגונג ניט קענען האבען. אין מאנכע סטייטס, למשל, זיינען די קאאפעראציעס געצוואונגען זיך צו אינקארפארירען אונטער די ארטיגע געזעצע וועגען קארפאריישאנס (קאמפאניעס) כדי צו קענען קריגען א „לימיטעד לאיעביליטי“. לויט די קארפארישאן געזעצע, ווי באוואוסט, האט יעדער מיטגליעדער פון א קאמפאניע אזוי פיעל שטימען, וויפיעל שערס ער באזיצט. נאטירליך גיט זיך דער קאאפעראטיוו אן עצה, ווי דאס אויסצומיידען, ווי צ. ב. ש., מאנכע קאאפעראציעס אין אילינאיז סטייט ערלויבען ניט א מעמבער צו האבען מעהר ווי איין שער. אבער דאס איז זעהר אן אוננארמאלע לאגע.

אין מאנכע סטייטס, ווידער דארף מען גאר האבען 5 שערס (25 דאלער) אום צו קריגען שטים־רעכט, און אין אנדערע סטייטס איז פאראן א געזעץ וואס ערלויבט ניט צו טראנספערירען קיין שערס, מאכט שוועריגקייטען ביים צאהלען די דיווידענד. א. ז. וו.

אבער אזוי טאר עס ניט בלייבען. עס איז דער חוב פון יעדען פריינד פון דער קאאפעראטיווער באוועגונג צו באאיינפלוסען די לעדזשיסלייטשור, אז זי זאל אננעמען גינסטיגע געזעצען פאר קאאפעראציע.

## וויכטיגע אויסציגע פון די רעגירונגס־רעפארטען.

פון די פארשידענע „קאאפעררייטיוו בולעטינס“ וואס די וואַ־

שינגטאָנער רעגירונג האָט פאר די לעצטע עטליכע יאָהר ארויס־געגעבען, נעמען מיר ארויס די וויכטיגע שלוסען, וועלכע יע־ער קאָאָפעראַטאָר דאַרף שטענדיג אין זינען האָבען:

סטאָרס, אינקאָרפּאָרירט אונטער די קאָרפּאָריישאָן געזעצע האָבען א נייגונג איבערצוגעהען אין די הענט פון עטליכע פער־זאָנען.

בלויז 18 מיט א דריטעל פּראָצענט פון אלע קאָאָפעראַטיווע סטאָרס האָבען געצייגט א ריינעם פּראָפיט פון 5 פּראָצענט אָדער מעהר.

קאָאָפעראַטיווע סטאָרס קענען זעלטען קויפען מיט וועלכען־ניט־איז פאָרצוג*). זיי קריגען ניט קיין דיסקאונט, ווייל זייער קרעדיט איז בכלל אָרעם.

געבען שערס אויף אפּצאהלונגען( אינסטאָלמענטס) פאַרשאַפט אומזיסטע קאָפּ־דרעהעניש און ווערט גאַנץ אָפט מיסברויכט.

דער פינאַנציעלער צושטאַנד צייגט זיך אויף די ביכער בעסער ארויס, ווי ער איז אין דער ווירקליכקייט, ווייל שלעכטע חובות ווערען אויך אריינגערעכענט פאר אייגענטום.

אינדאָרסירען א נאָוט כדי צו קענען קריגען קרעדיט פאר א סטאָר איז שעדליך.

די באָארד אָוו דירעקטאָרס וואָלט געדאַרפט זיין לענגער אין אמט ווי זי איז געוועהנליך איצט, ווייל זי איז דאָך די אמת'ע פאַרוואַלטערין און מוז דאַריבער האָבען וואָס א בעסערע ערפאַהרונג

די סטאָרס באַשעפטיגען בכלל צו ווייניג עקספּערטען. די קאָנטראָל־ארבייט ווערט אָפט פאַרנאַכלעסיגט.

אין די מייסטע סטאָרס פיהלט זיך א דוחק אין געלד. אונ־טערנעמונגען ווערען געגרינדעט מיט צו ווייניג געלד־מיטלען.

---

*) אונז טאַקע אויס דיזען גרונד מוזען די לאָקאלע קאָאָפּעראַ־טיווע קראָמען גרינדען האָלסייל סאָסייטיס.

פינף-און-צוואנציגסטער-קאפיטעל.

# אידישע קאָאָפּעראַציעס.

## 1. אַלגעמיינער איבערבליק.

קיין אידישע קאָאָפּעראטיווע באוועגונג האָבען מיר ביז איצט נאָך ניט געהאט. הגם פאר די לעצטע 15—20 יאָהר זיינען אויף'ן געביט פון קאָאָפּעראציע געמאכט געוואָרען א היבשע צאָהל פאר־זוכען, האָבען מיר פונדעסטוועגען ביז איצט קיין באוועגונג ניט באשאפען. מיר זאָגען „ביז איצט", ווייל איצט ערשט פאנגען מיר אָן צו באשאפען א באוועגונג.

עס קומט אפילו אוים אביסעל קשה: מיר, אידען, וועלכע האָבען באוויזען אין א פארהעלטניסמעסיג קורצער צייט אויפצו־בויען גרויסע טרייד־יוניאָנס, א פארטיי, א שטארקען פארזיכע־רונגס־אָרדען — דעם ארבייטער רינג, און מיט דעם דערוויזען אונ־זערע אָרגאניזאטאָרישע פעהיגקייטען, — מיר זאָלען בלייבען אזוי הינטערשטעליג אויף'ן געביט פון קאָאָפּעראציע. אָבער ווען מיר טראכטען זיך אריין אביסעל מעהר אין דיזען ענין, זעהען מיר איין, אז אנדערש האָט עס אייגענטליך ניט געקענט זיין. מיר זיינען אונטער'ן איינפלוס פון די אמעריקאנער באדינגונגען. ווי מיר האָבען שוין געזעהען, האָבען ספּעציעלע אורזאכען געווירקט, אז אמעריקא זאָל בלייבען הינטערשטעליג אין קאָאָפּעראציע. און כמעט דיזעלבע אורזאכען האָבען אויך געווירקט, אז מיר, אידען, זאָלען ניט קענען מאכען קיין פּראָגרעס. אָבער מיר, אידען, האָבען אייגענטליך געהאט נאָך א היבש ביסעל אייגענע צרות און מניעות, פון וועלכע די אמעריקאנער האָבען ניט געוואוסט. מיר וועלען דאָ דערמאָנען אייניגע.

ניטא קיין ליטעראטור. די אמעריקאנער האָבען לכל הפחות א רייכע ענגלישע ליטעראטור איבער קאָאָפּע־ראציע. אין אידיש איז אָבער ביז איצט כמעט גאָר ניט געווען קיין ליטעראטור איבער קאָאָפּעראציע. דער פאקט, אז דיזער בוך וואָס מיר שרייבען איצט, איז דער ערשטער אידישער

**בוך איבער קאָאָפּעראַציע**, איז דער בעסטער באַווייז פון אונזער באַהויפּטונג. די ווענינע אַרטיקלען, וועלכע ערשיינען ביי אונז פון צייט־צו־צייט איבער קאָאָפּעראַציע ווערען פאַקטיש דערטרונקען אין ים פון די טעגליכע נייעס. די אידישע פּרעסע האָט ביז איצט, מיט קליינע אויסנאַמען, פאַלשטענדיג איגנאָרירט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג. און אָהן ליטעראַטור און אָהן א פּרעסע קען קיין באַוועגונג זיך ניט פאַרגרעסערען.

קיין אידישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז נאָך ניט געווען, און מיר האָבען דאַריבער ניט קיינע טראַדיציעס, ווי אַזוי קאָאָפּעראַציעס דאַרפען געפיהרט ווערען. די מעהרסטע פון אונזערע קאָאָפּעראַטיווען, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרען — און נאַטירליך אונטערגעגאַנגען — פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר, זיינען אויסגעוואַקסען איבער נאַכט, אָהן א פּלאַן, אָהן געלד און אָהן א געשעפטליכען באָדען.

**פון איינצעלנע און ניט פון אָרגאַניזאַציעס.** צו קאָאָפּעראַציע פלעגען זיך ביי אונז נעמען ניט גאַנצע אָרגאַניזאַציעס, געזעלשאַפטען, ווי עס פיהרט זיך ביי אַלע פעלקער, נאָר איינצעלנע פּערזאָנען, — מענשען, וועלכע קיינער האָט כמעט ניט געקענט. די קאָאָפּעראַציעס זיינען דאַריבער ביי אונז באַטראַכט געוואָרען ווי שטיעף־קינדער.

אָבער די לעצטע מלחמה און איהר נאַטירליכע פאָלגע, דער יקרות, האָט אַלעמען געעפענט די אויגען. פון די טעגליכע נייעס איז דער אַמעריקאַנער עולם דערגאַנגען, וואָס פאַר א גרויסע ראָלע די אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַטיווען שפּיעלען אין אַלע מלחמה־לענדער, און ער האָט זיך א נעם געטאָן צו קאָאָפּעראַציע.

אויך דער אידישער עולם איז ניט געבליבען גלייכגילטיג. א דאַנק די אידישע קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציע (וועלכע מיר וועלען שפּעטער באַשרייבען), האָבען זיך אָנגעהויבען צו גרינדען אידישע קאָאָפּעראַטיווען איבער׳ן גאַנצען לאַנד. אָבער דאָס מאָל האָבען זיך צו קאָאָפּעראַציע גענומען ניט בלויז יחידים, נאָר גאַנצע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס. און דער מאַנגעל אין אידישע ליטעראַטור איבער קאָאָפּעראַציע ווערט שוין קלענער. אויך אונזער פּרעסע באַציהט זיך שוין צו קאָאָפּעראַציע עטוואָס פריינדליכער ווי אַמאָל.

אַלע ראַדיקאַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס אינטערעסירען זיך

שוין אין דער אָדער יענער מאָס מיט קאָאָפּעראַציע. און אַם מעהרסטען אינטערעסירט זיך דער ארבייטער רינג. זיינע ברענטשעס זיינען איצט געוואָרען די אמתע פּיאָנערען פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. אין כמעט אַלע 50 אידישע קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־פאַראיינען, וואָס צעהלען זיך יעצט (אין 1919) זיינען די טעטיגסטע טוערס — ארבייטער רינג מיטגלידער.

אויף דער ערשטער אידישער קאָאָפּעראַטיווער קאָנווענשאָן, וועלכע איז פאָרגעקומען אין יאַנואַר 1918, אין ניו יאָרק, האָט זיך ארויסגעצייגט, אז די ארבייטער רינג ברענטשעס זיינען פאַקטיש די איינציגע, וועלכע גיבען זיך אין דער פּראָווינץ אָפּ מיט קאָאָפּעראַציע.

כמעט די אַלע 15 אידישע קאָאָפּעראַטיווע בעקערייען, האָבען זייער עקזיסטענץ צו פאַרדאַנקען די ארבייטער רינג ברענטשעס.

אין ניו יאָרק ווערט יעצט געגרינדעט אַ גרויסע קאָאָפּעראַטיווע פּאָלקס־בעקעריי, אויסשליסליך פון ארבייטער רינג ברענטשעס און ארבייטער רינג מיטגליעדער.

פון דעם אַלעם וואָס געהט איצט אָן אויף דער אידישער גאַס, קען מען מיט זיכערהייט זאָגען, אז גאָר אין גיכען וועלען מיר האָבען אַ שטאַרקע אידישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג. וואָס פאַר פאָרמען זי וועט אָננעמען, איז שווער פאָראויסצוזאָגען.

אָבער איין זאַך איז זיכער, אויב די אידישע קאָאָפּעראַציע, וועט וועלען דיענען דעם ארבייטער־קלאַס אלס אַ גאַנצען, וועט זי זיך מוזען באַנוצען מיט די מעטאָדען, וועלכע די ארבייטער־קאָאָפּעראַציעס פון בעלגיען, דייטשלאַנד און רוסלאַנד פּראַקטיצירען אזוי ערפאָלגרייך.

אויך זיינען מיר זיכער, אז די קאָאָפּעראַציע וועט דעם גאַנצען אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען געבען אַן אנדער ריכטונג.

עס איז דאַרום ווינשענסווערט, אז אַלע אידישע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס זאָלען זיך ג ל י י ך ארייננוואַרפען אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, כדי איהר פונדאַמענט זאָל גאָר פון אנפאַנג זיין אַ געזונדער, אַ ר אַ ד י ק אַ ל ע ר.

כדי צו געבען אַ באַגריף וועגען דעם צושטאַנד און כאַראַקטער פון די אידישע קאָאָפּעראַציעס, וועלען מיר דאָ בקיצור באַשרייבען די עלטסטע צוויי אידישע קאָאָפּעראַטיווען.

## 2. די פעטערסאנער קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי.

די פּעטערסאָנער אידישע קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, אָדער ווי איהר טשאַרטער נאָמען איז: „פּיורטי קאָאָפּערייטיוו אַסס׳ן“ — האָט מיט איהר עקזיסטענץ ארויסגעוויזען א פעסטקייט און אויס־דויער, אויף וועלכע דער צוקינפטיגער היסטאָריקער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג וועט זיך מוזען אָפּשטעלען מיט א באַזונדערע אויפמערקזאמקייט.

עס איז שוין עפּעס ווי באַשערט, אַז אין דער קאָאָפּעראַטיווער באוועגונג זאָלען די וועבער שפּיעלען די הויפּט־ראָלע. פּונקט ווי מיט 75 יאָהר צוריק האָט מען געלאַכט פון די 28 ראָטשדיילער וועבער, וועלכע האָבען גע׳חלומ׳ט דורך די געעפענטע קרעמעל, מיט דער צייט איבערצובויען די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם אויף נייע יסודות, אַזוי האָט מען אויך געלאַכט פון די עטליכע פּעטער־סאָנער אידישע וועבער, וועלכע האָבען מיט א גאַנץ קלעגליכע סומע נעעפענט אין 1905 א בעקעריי, וואָס זאָל קאָנקורירען מיט די פּעטערסאָנער בעקער באַסעס אין פּרייז און אין דער קוואַליטעט פון די ברויט.

דער וועג וועלכען די אידישע ארבייטער פון פּעטערסאָן האָבען זיך אויסגעוועהלט, איז ניט געווען באַדעקט מיט רויזען. אָן שטער־רונגען און מניעות האָבען זיי זיך אָנגעשטויסען אויף טריט און שריט. די קאָנקורענץ, צ. ב. ש., פון די באָסעס איז געווען אַן אונ׳ברחמנות׳דיגע. אָבער די ארבייטער האָבען באַזעסען צוויי מעלות: קאַמפּף־לוסטיגקייט און אויפּאָפּפערונג. און דיזע מעלות האָבען זיי געהאָלפען בייצוקומען די שווערינקייטען.

מיט אונבאשרייבליכער געדולד האָבען די עטליכע פּעטער־סאָנער אידעאַליסטען געטאָן זייער ארבייט, פעסט גלויבענדיג אַז די צוקונפט מוז פאַרט געהערען צו זיי. און האָבען קיין טעות ניט געהאַט.

עס איז אַן אָנגענומענער כלל ביי אַלע קאָאָפּעראַציעס, דאָס זיי מוזען זייערע סחורות פאַרקויפען לויט דעם מארק־פּרייז, אום ניט ארויסצורופען קיין איבריגע קאָנקורענץ פון די פּריוואַטע אונ־טערנעמערס. די פּעטערסאָנער קאָאָפּעראַטאָרס האָבען זיך אָבער אין אָנפאַנג מיט דיזען כלל ניט געקענט באַנוצען, פּשוט דערפאַר, ווייל די פּרייזען אויף ברויט זיינען דאָרט אַזוי קינסטליך אויפגע־

הויבען געוואָרען, דאָס עס האָט זיך געפאָדערט א שנעלע ראַדיקאַלע טאַט. און אַ בעסערען מיטעל, ווי צו לאָזען אַ סענט בילינער אויף'ן ברויט, האָט מען ניט געדאַרפט.

עס פאַרשטעהט זיך, אז די פּריוואַטע בעקער־באַסעס זיינען געווען געצוואונגען צו פאַרקויפען אויף'ן זעלבען פּרייז, ווי די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי. די פעטערסאָנער בעקער באַסעס דאַרף מען אָבער אַ פינגער אין מויל ניט לייגען, און זיי האָבען זיך באַלד אַן עצה געגעבען, אַז ביי זיי זאָלען זיך אָפּשטעלען דיזעלבע גרויסע פּראָפיטען ווי פריהער: זיי האָבען איינפאַך געגעבען אַ קלע־נערע וואָג און אויך אַ ביליגערען זאָרט מעהל... אַ דאַנק דיזען טריק, וועלכער ווערט נאָך, אגב אורחא, ביז'ן היינטיגען טאָג אָנגעווענדעט פון בעקער־באַסעס אין קאָנקור־רענץ מיט קאָאָפּעראַטיוועו, זיינען זיי, די באַסעס, ניט אַרויסגע־שטויסען געוואָרען פון מאַרקעט.

ביי אַ געלעגענהייט האָבען די קאָאָפּעראַטאָרס געקויפט אויך אַן אייגען הויז. האָבענדיג אַן אייגענע היים, האָבען זיי איינגעריכטעט אַ בעקעריי מיט אַלע מאָדערנע פאַרבעסערונגען און באַקוועמליכ־קייטען. די בעקעריי איז שוין יעצט ניט נאָר די שענסטע און היגיענישסטע אין פּעטערסאָן, נאָר זי קען אויך דיענען אַלס אַ מוסטער פאַר פיעלע בעקערייען איבער'ן גאַנצען לאַנד. ווען אין אַלע בעקערייען וואָלט געווען אַזוי ליכטיג, לופטיג, ריין, און עס וואָלטען איינגעפיהרט געוואָרען אַזעלכע מאַשינען ווי אין דער פּעטערסאָנער בעקעריי, וואָלטען דורך דעם ניט נאָר די בעקער־אַרבייטער ניט געליטען פון פאַרשידענע אויגען און לונגען־קראַנק־הייטען, וועלכע זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די בעקער־טרייד, נאָר עס וואָלט אויך פאַרהיט געוואָרען די געזונד פון אַלגעמיינעם פּובליקום, וועלכער מוז עסען די ברויט, געבאַקען אין די פאַר־פּעסטעטע, אונסאַניטאַרע בעקערייען, ערגעץ אין די דומפּיגע, ליכט־לאָזע קעלערס.

ווען די פּעטערסאָנען קאָאָפּעראַטאָרס וואָלטען קיין אַנדער זאַך מיט זייער שווערער אַרבייט און אויפאָפּפערונג ניט אויפגעטאָן, ווי צו גרינדען אַזאַ סאַניטאַרע בעקעריי, וואָלטען זיי שוין מיט דעם אַליין אויפגעטאָן זעהר פיעל. אָבער זיי האָבען זיך מיט דעם אַליין ניט באַנוגענט. אַ קאָאָפּעראַציע איז ניט נאָר אַ גע־שעפטס־אונטערנעמונג, נאָר אויך אַ פאָלקס־אינסטי־

ט ו צ י ע, און אלס אזעלכע מוז זי זיך אינטערעסירען מיט אַלע געזעלשאַפטליכע פראגען. די פעטערסאָנער קאָאָפּעראַטאָרס העל־פען גרינדען נייע אָרגאַניזאַציעס, שטיצען אויך די אַלטע, ווי עס איז צו זעהן פון זייער פינאַנציעלען באריכט פאר 1918:

| | |
|---|---|
| איינגאַמע פאר דעם יאָהר — — — — — — — | $207,104.20 |
| ווערבענטליך — — — — — — — — $4,060.86 | |
| „בארלס" מעהל אויסגעבאַקען 11,266 | |
| „בארלס" מעהל ווערבענטליך 220½ | |
| קאָסט פון מעהל — — — — — 128,725.47 | |
| שכירות צו אַנגעשטעלטע — — 32,096.77 | |
| אַנדערע אויסגאַבען — — — — 25,481.96 | |
| סך הכל אויסגאַבען — — — 186,304.20 | |
| נעט פּראָפיט — — — — 20,800.00 | |

פארמעגען דעצעמבער 31, 1918:

„פּיורעטי קאָאָפּערייטיוו אסס'ן" פעטערסאָן, נ. דזש. $72,364.56

די פּראָפיטען ווערען פארלויפיג (די קאָנסטיטוציע האָלט אין געענדערט ווערען) צוטיילט ווי פאָלגט:

30 פּראָצענט פאר דיווידענד צו די קאָנסומערס.

25 פּראָצענט פאר רעזערוו פאָנד.

10 פּראָצענט פאר א לייבאָר לייסעאום אין פעטערסאָן.

9 פּראָצ. פאר פארשידענע אנשטאַלטען, ווי האָספּיטעלער, יתומים הייזער, א. ז. וו.

1 פּראָצ. פאר דער פעדעראציע פון אידישע קאָאָפּעראטיווען אין אמעריקא.

5 פּראָצ. פאר סאָציאַליסטישע פּראָפּאגאנדא.

10 פּראָצ. פאר סטרייק־פאָנד.

5 פּראָצ. פאר עקסטרא אינשורעס פאר די ארבייטער.

5 פּראָצ. פאר א סינקינג פאָנד.

אויך גיט זיך די בעקעריי אָפּ מיט ערציהונגס־ארבייט. פארוואַלטעט ווערט זי פון א באָארד אָוו דירעקטאָרס, וועלכע קומט זיך צונויף יעדע וואָך. מיטגליעדער פארזאמלונגען קומען פאר יעדען קווארטאל.

3000 פאמיליעס קויפען ברויט אין דער בעקעריי טעגליך.

ד. ה., אז אן ערך 12 טויזענד פערזאָן עסען די קאָאָפּעראַטיווע ברויט. 55 פּראָצענט פון די געבעקס ווערט פאַרקויפט אין דער איינענער קאָאָפּעראַטיווער סטאָר, וועלכע איז לעבען דער בעקעריי. די איבריגע 45 פּראָצענט ווערט צוטיילט אין 58 גראָסערי סטאָרס. פאַר דיזען צוועק ווערען באַשעפטיגט צוויי דרייווערס מיט פערד און וואַגענס. די צאָהל שטענדיג אָנגעשטעלטע איז 22, פון זיי: 13 בעקערס, 2 בעקער־העלפּערס, 2 דרייווערס, 3 סיילסלייט, א בוכהאַלטער און א מענעדזשער. די קאָאָפּעראַציע האָט אויך עט־ליכע געמויערטע הייזער. זי האַלט איצט אין איבערבויען איהרע הייזער, כדי צו פאַרגרעסערען איהר בעקעריי אויף נאָך־אַמאָל אזוי גרויס. די נייע בעקעריי וועט האָבען אַלע לעצטע טעכנישע פאַרבעסערונגען און וועט זיין איינע פון די שענסטע אין לאַנד.

די פּעטערסאָנער קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי איז אויך איינע פון די ערשטע מיטגליעדער פון דער פעדעראַציע פון אידישע קאָאָפּעראַטיוון אין אַמעריקאַ. זי האָט פינאַנסירט די צווייטע אידישע קאָאָפּעראַטיווע קאָנווענשאַן און איז פאַרלויפיג דער הויפּט־קוואַל פאַר פינאַנציעלע שטיצע פון דער קאָאָפּעראַטיווער פעדעראַציע. איהר ערפאַהרענער מענעדזשער, ס. ראָפּמאַן, גיט אָפּ פיעל צייט און ענערגיע פאַר דער פעדעראַציע אין פראַגען, וואָס זיינען שייך צו דער גרינדונג פון קאָאָפּעראַטיווע בעקערייען ביי אידען.

אָט איז א קליינער ביישפּיעל, וואָס דער ברייטער עולם קען געווינען פון א קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעמונג.

דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער (1918) האָבען די פּריוואַטע בעקער געדעכענט 9 און 10 סענט פאַר אַ פונט ברויט. די קאָאָפּע־ראַטיווע בעקעריי האָט בלויז גערעכענט 6 מיט א האַלב סענט א פונט. די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי האָט אויף אַזא אופן געשפּאַרט די קאָנסומערס 400 דאָלער א טאָג, אָדער 2,800 דאָלער א וואָך. און זאָגאַר ביי דיזען פּרייז האָט די בעקעריי נאָך געמאַכט היבשע פּראָפיטען.

אָנפאַנג 1918 האָט די ניו דזשורזי׳ער „פוד אדמיניסטריישאָן" אויף די שתדלנות פון די פּריוואַטע בעקער באַשטימט 10 סענט אַלס דעם פּרייז פון א פונט ברויט.

די קאָאָפּעראַטיווע האָט געשיקט ספּעציעלע קאָמיטעס צו דער

„פוד אדמיניסטריישאָן“, זיך גע׳עצה׳ט מיט די בעסטע ניו יאָרקער לאָיערס צו פועל׳ן, דאָס דיזע פאָראָרדנונג זאָל איהר ניט אָנריהרען. ווארים זי האָט איבערצייגט, דאָס טראָץ דעם וואָס זי פארקויפט ברויט צו 6 מיט א האלבען סענט א פונט, האָט זי פונדעסטוועגען פאר די ערשטע דריי מאָנאטען פון יאָהר געמאכט 4,525.22 דאָלער ריינעם פראָפיט. אויך האָט זי אָנגעוויזען אז די בעקעריי האָט זי איבערהויפט ניט צוליעב פראָפיטען, נאָר פאר׳ן וואָהל און בעסטען פון די קאָנסומערס. אָבער אלע טענות און באווייזע האָבען ניט געהאָלפען — די בעקעריי איז ג ע צ ו ו א ו נ ג ע ן געוועזען צו נעמען 10 סענט א פונט.

האָבען זיך אָבער די קאָאָפּעראַטאָרס ניט פארלאָרען, און האָבען ארויסגעגעבען צו זייערע קונדען דיווידענד טיקעטס אויף דער סומע, וויפיעל ברויט יעדער האָט געקויפט. און אין 5 טעג ארום ווען ה ו א ו ו ע ר האָט ערקלערט, אז צווינגען אימיצען צו העכערען דעם פרייז פון ברויט איז אונרעכט, האָט די קאָאָפּעראַציע יעדען קונה צוריקגעקעהרט די 3 א האלב סענטיגע פאר יעדען ברויט, וואָס ער האָט געקויפט אין איהר בעקעריי.

מיר האָבען שוין אויף אַן אנדער שטעל דערמאָנט, דאָס אין לעצטען גרויסען וועבער סטרייק אין פעטערסאָן האָט די קאָאָפּעראַציע געשטיצט די סטרייקערס צו 50 דאָלער וועכענטליך, אין פארלויף פון 22 וואָכען, א חוץ די קליינע נדבות וואָס זי האָט באוויליגט צו איינצעלנע סטרייקערס.

דיזער קליינער פאקט איז אלס א גוטע אילוסטראַציע פאר די יעניגע, וועלכע צווייפלען נאָך אלץ אין די נוצען פון קאָאָפּעראַציע, און ווידערהאָלען אלץ די אויסגעדראָשענע פראַזע: „וואָס קענען ארבייטער געווינען פון קאָאָפּעראַטיווען?“

די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי האָט פאר צוויי יאָהר צייט געהאַט אויף א בוטשער סטאָר. אָבער צוליעב אונערפאהרענהייט און אנדערע קאָאָפּעראַטיווע טעות׳ען איז די סטאָר פארמאכט געוואָרען מיט 14 הונדערט דאָלער דעפיציט. אָבער דאָס האָט די קאָאָפּעראַטאָרס ניט ענטמוטיגט: פאר ערפאהרונג מוז מען דאָך צאָהלען רבי געלד.

אין פעטערסאָן איז איצט אויך דאָ א אידישע קאָאָפּעראַטיווע גראָסערי און א בוטשער סטאָר. דיזע אונטערנעמונגען זיינען געגרינדעט געוואָרען אינדירעקט פון דער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי,

און זיי זיינען פון איהר אונאפּהענגיג, אום איין אונטערנעמונג זאָל ניט שאַדען די אנדערע. ערשט די לעצטע צייט, ווען עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דיזע אונטערנעמונגען שטעהען שוין אויף א געזונדען געשעפטליכען באָדען, האָט די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי באַשלאָסען צו נעמען זיי אונטער איהר שוץ.

טאָמער איז דאָס ווייניג, חלום׳ען שוין די אידישע ארבייטער פון פּעטערסאָן צו עפענען נאָך א קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג. און אין דער אמת׳ען — ווי זייער פּרעזידענט זאָגט, — צו וואָס דאַרף מען דאָס האָבען פּריוואַטע סטאָרס אין פּעטערסאָן?...

די ארט און ווייזע ווי אזוי די אָנגעשטעלטע ווערען באהאנדעלט, איז אַן אמת קאָאָפּעראַטיווע, הגם די אָנגעשטעלטע — עס זאָל זיי צו קיין גנאי ניט זיין — ווייסען ניט שטענדיג ווי דאָס אָפּצושאַצען... ביי יעדען קאָאָפּעראַטיוו, ווי מיר ווייסען שוין, איז פאַראַן אַן ארבייטער פּראָבלעם, צוליעב וועלכער ניט איין קאָאָפּעראַטיוו איז שוין אונטערגעגאַנגען. צום באַדויערען פארגעסען די אָגעשטעלטע פון די קאָאָפּעראַטיווען גאַנץ אָפט, אז זיי, די קאָאָפּעראַטיווען, זיינען אייגענטליך נאָר א קליינער אָאַזיס אין גרויסען מדבר פון קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען. איבריי־גענס, די פיהרער פון דער פּעטערסאָנער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי באַזיצען אָבער געגוג טאַקט און געדולד אַלע סכסוכים, נאָך די אומשטענדען, אויסצוגלייכען.

די בעקעריי צעהלט איצט 1200 שער־האָלדערס; מעהר ווי 3 שערס קען א מיטגליעד ניט האָבען, אום די קאָאָפּעראַטיווע זאָל ניט ווערען אפּהענגיג פון עטליכע פּערזאָנען.

די פיהרער פון דער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי זיינען פּשוט׳ע אידישע ארבייטער, מעהרסטענס לאָדזשער וועבער.

זיי רופען ניט קיינע קאָנפערענצען און פויקען ניט אוים זייער גרויסקייט. ציגעלוויז בויען זיי די קאָאָפּעראַציע, וועלכע איז אַן אונשטערבליכער מאָנומענט פאַר זייער באַשיידענהייט און אידעאַליזם.

## 3. די ניו יאָרקער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט.

קיין אידישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט האָט ניט געהאַט אזא רייכע ערפאַהרונג אין א פאַרהעלטניסמעסיג קורצער צייט, ווי די ניו יאָרקער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט.

די ניו יאָרקער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, אָדער ווי איהר טשאַרטער נאָמען איז: „אינדוסטריעלע און אגריקולטורעלע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט“, איז געגרינדעט געוואָרען פון עטליכע אידישע ארבייטער אין 1914. אין ניו יארק זיינען שוין געמאכט געוואָרען א סך פּארזוכען צו גרינדען א אידישע קאָאָפּעראַטיווע באוועגונג; מאנכע קאָאָפּעראַטיווען האָבען אין אָנפאנג זאָגאַר זעהר פיעל פארשפּראָכען, ווי, די „קאָאָפּעראַטיווע ליעג“, צ. ב. ש., אָבער סוף־כל־סוף האָבען זיי זיך געמוזט אויפלעזען. מען דאַרף זיך דאריבער ניט וואונדערען, פאַר וואָס די ניו יאָרקער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט איז ארויסגעטראָטען אין דער עפענטליכקייט מיט איהרע ערשטע אונטערנעמונגען כמעט אונבאַמערקט: די אידישע פּרעסע האָט זי דאָן אין גאַנצען איגנאָרירט.

די גרינדער פון דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט האָבען זיך פאַר זייער ערשטער אויפגאַבע געשטעלט צו שאַפען א געוויסע צאָהל באַגייסטערטע אנהענגער פאַר קאָאָפּעראַציע. פון זייער ערפאהרונג האָבען זיי געוואוסט, דאָס קאָאָפּעראַטאָרס קען מען מאַכען ניט דורך בלויז פּראָפּאַגאַנדא, נאָר דורך פּ ר א ק ט י ש ע טאַטען.

האָבען זיי געעפענט א קאָאָפּעראַטיווע באָארדינג הויז. דאָס איז געטאָן געוואָרען צוליעב פאָלגענדע צוויי אורזאַכען: ערשטענס, האָבן זיי אויף דעם באַדאַרפט ווייניג געלד, און, צווייטענס, האָבען זיי געהאָפט אויף דער געלעגענהייט צו שאַפען א געוויסע צאָהל באַוואוסטזיניגע קאָאָפּעראַטאָרס. דער חשבון האָט זיך אין אנפאנג אַרויסגעצייגט צו זיין ניט קיין פאַלשער: אין דער באָארדדיג הויז איז באַשאַפען געוואָרען א שטאַרקע קאָאָפּעראַטיווע אַטמאָספערע. דאָס האָט געגעבען די עטליכע מיטגלידער מוט און באַגייסטערונג פאַר ווייטערדיגע פּלענער.

חברה האָבען אויסגעבאַרגט עטליכע צעהנדליגע דאָלער און געעפענט א רעסטאָראַן (אין 61 צווייטע עוועניו). אין ניו יאָרק זיינען צעהנדליגע טויזענדער ארבייטער געצוואונגען צו עסען אין רעסטאָראַנען. אַז די שפּייז איז ניט שטענדיג אַזוי צופרידענשטעלענד און פריש, איז איבריג צו זאָגען. הגם מיר האָבען אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען א „פּיור פוד און דראָג לאָא“, און אין יעדער שטאַדט א באָארד אָוו העלטה, ווערען פונדעסטוועגען באַגאַנגען געוואַלדיגע פאַרברעכענס אויף דיזען געביט. די נויט־

ווענדיגקייט פון אמת'ע סאַניטארע רעסטאָראַנען איז אַזוי הימעלשרייענד, דאָס די יונגע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט האָט באַשלאָסען צו ווערען טעטיג אויף דיזען געביט. און עפּענענדיג דעם ערשטען קאָאָפּעראַטיווען רעסטאראַן האָבען זיי אויך געהאַט אין זינען צו פאַרשפּרייטען דעם קאָאָפּעראַטיווען געדאַנק: אין אַ רעסטאָראַן קומען זיך יעדען טאָג צונויף הונדערטער פּערזאָנען, און אַזאַ פּלאַץ איז דאַריבער אַן אויסגעצייכענטע טריבונע פאַר פּראָפּאַגאַנדאַ.

שוין אין די ערשטע צוויי וואָכען איז דער קאָאָפּעראַטיווער רעסטאָראַן גאָר אָהן דער הילפע פון אַדווערטייזמענטס, געוואָרען אַזוי פּאָפּולער צווישען די אידישע אַרבייטער, דאָס „סאַפּער־טיים" איז געווען אַ גרויסער נעקסט אויף יעדען שטול.

די מיטגלידערשאַפט איז געוואַקסען און — מיט איהר — אויך די באַגייסטערונג. מיט עטליכע מאָנאַטען שפּעטער איז געעפענט געוואָרען נאָך אַ באָאַרדינג הויז און אויך אַ צווייטער רעסטאָראַן. אין דילענסי סטריט האָט געהאַלטען אין אונטערגעהן די קאָאָפּעראַטיווע העט סטאָר, וועלכע איז פאַרוואַלטעט געוואָרען פון עטליכע מיטגליעדער פון דער אַמאָליגער „קאָאָפּעראַטיווער ליעג". די ניו יאָרקער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט האָט איבערגענומען די דאָזיגע סטאָר.

איבערנעמענדיג די העט סטאָר האָט דיא ניו יאָרקער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט גאַנץ גוט געוואוסט, דאָס זי וועט האָבען אַ שווער שטיקעל אַרבייט אַריינצובלאָזען אַ נייע נשמה אין אָפּגעשטאָרבענעם גוף. אָבער ניט וועלענדיג לאָזען אונטערגעהן אַ קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג, וועלכע עס קומט אַזוי שווער אָן אויפצובויען, איז זי באַרייט געווען אויף דאָס ערגסטע.

מען האָט גלייך אָנגעהויבען אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר די קאָאָפּעראַטיווע העט סטאָר. די טעטיגע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט האָבען אָפּגעגעבען גאַנצע טעג און נעכט אויף צו מאַכען די סטאָר פאַר אַן ערפאָלג. אָבער העטס זיינען אַ סעזאָנזאַך און עס האָבען זיך געפאָדערט גרויסע אָנשטרענגונגען אויפצוהאַלטען די סטאר ביים לעבען.

האָט מען גערופען קאָנפערענצען פון אַלע יוניאָנס, אַרבייטער רינג ברענטשעס און סתם פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס, זיי זאָלען זעהן העלפען עפּעס צו טאָן כדי אויפהאַלטען די העט סטאָר, פאַר וועלכע אַזוי פיעל ענערגיע איז שוין אוועקגעגעבען געווארען. די

קאָנפערענצען האָבען אָנגענומען די בעסטע רעזאָלוציעס, געמאכט די פאטעטישסטע אפּיעלען, און... די אידישע ארבייטער אין ניו יאָרק האָבען געקויפט זייערע העטס איבעראַל, א חוץ אין דער קאָאָפּעראַטיווער העט סטאָר.

אין אנפאנג איז די טוערס אויסגעקומען די גאנצע מעשה אונפארשטענדליך: די קוואַליטעט פון די העטס איז געווען די בעסטע, געמאכט זיינען זיי געווען פון יוניאָן־ארבייטער, און די פרייזען זיינען אויך געווען א ביסעל נידריגער ווי אין אנדערע סטאָרס, און פונדעסטוועגען איז דער עולם געגאנגען קויפען אנדערשוואו. אָבער עס האָט ניט לאנג גענומען, און עס איז פאר זיי קלאָר געוואָרען די אורזאכען: דאָס זיינען געווען די אַלטע פּאַראורטיילע נעגען א קאָאָפּעראַטיווע סטאָר, און דאָס, וואָס די ארבייטער זיינען נאָך ניט געווען ערצויגען גענוג צו אנערקענען דעם ווערט פון קאָאָפּעראַציע.

דער סוף איז געווען, אז די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאפט האָט די העט סטאָר געמוזט אויפגעבען.

עס וואָלט פונדעסטוועגען געווען אַן אונרעכט די גאנצע שולד פאר דעם אונטערגאנג פון דער העט סטאָר ארויפצוּוואַרפען אויף די ניו יאָרקער אידישע ארבייטער. אביסעל שולדיג איז געווען די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאפט זעלבסט. די באָארד אָוו דירעק־טאָרס האָט געהאט א גאנץ קנאפּע ידיעה אין העט־געשעפט און איז דארום געווען אפּהענגיג פון כיילסמען, אָדער מענעדזשער. אגב האָט די געזעלשאפט איבערגענומען דעם געשעפט ניט שאפענ־דיג קיין געניגענדע סומע אויף דעם.

איבריגענס, באַגרעניצטע פינאנסען זיינען אַן אָנגעוועהטאָג־טער פּראָבלעם ניט נאָר פאר דער ניו יאָרקער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאפט, נאָר אויך, צום באַדויערען, פאר די מעהרסטע היינ־טיגע אידישע קאָאָפּעראַציעס.

עט־ליכע קאָאָפּעראַטיווע טוער פון בראָנקס (ניו יאָרק) האָבען פאָרגעשלאָגען צו עפענען לכל הפּחות איין קאָאָפּעראַטיווע גראָ־סערי. בראָנקס איז בעסער צוגעפאסט פאר גראָסערים מיט דעם, וואָס דער דאָרטיגער עולם איז מעהר א „זיצענדער". אגב זיינען דאָרט מאַנכע געגענדען באַזעצט דורכאויס מיט ראדיקאלע ארבי־י־טער. דער פאָרשלאָג איז אויפגענומען געוואָרען מיט באַגייס־טערונג, מיטגלידער האָבען ארויסגענומען נאָך שערס, געלד איז

נעבאָהגט געוואָרען, און עס איז ערעפענט געוואָרען אַ קאָאָפּעראַ־טיווע גראָסערי.

די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט האָט זיך געווענדעט אויך צו די אָרטיגע צוויי ראַדיקאַלע פּרויען־פאַראיינען נאָך הילף. ליידער האָבען די טוערס ניט געוואוסט דעם ריכטיגען „סטאַטוס קוואָ" פון דיזע פּרויען פאַראיינען. ווען איין פאַראיין איז געוואָהר געוואָרען, אַז מען האָט זיך געווענדעט אויך צום צווייטען, איז געוואָרען אַ יאַריד, אַ בהלה: מ י ר אָדער ז י י. די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט האָט שנעל באַגריפען, אַז פאַר איהר איז דאָ בלויז איין אויסגאַנג, און — זי האָט זיך פוןביידע פאַראיינען ענטזאַגט. אָבער דיזער שריט איז שוין געווען צו שפּעט: איין פאַראיין האָט חושד געווען די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, אַז זי האַלט מיט'ן צווייטען. און פּונקט ווי ה י י נ ע ס'ס צוויי פּאָליאַקען, וועלכע האָבען ניט געקענט פאַרטראָגען, אַז איינער זאָל באַצאָהלען פאַר'ן צווייטען, און האָבען צום סוף ביידע ניט באַצאָהלט דעם האָטעל־אייגענטימער, אַזוי איז אויך געווען מיט דיזע צוויי פּרויען פאַראיינען — זיי האָבען ביידע געשאַדעט דער קאָאָפּעראַטיווער גראָסערי. די סטאָר האָט מען מיט אַ פאַרלוסט געמוזט פאַרמאַכען.

צוליעב פיעלע אורזאַכען, וועלכע קענען דאָ ניט דערמאָנט ווערען, זיינען פאָרגעקומען געוויסע סכסוכים צווישען דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט און די איינוואָהנער פון דער קאָאָפּעראַטיווער הויז. דער סוף איז געווען, אַז די געזעלשאַפט האָט פאַרקויפט די הויז צו די איינוואוינער (באָרדערס), וועלכע פאַרוואַלטען איצט די קאָאָפּעראַטיווע הויז גאַנץ ערפאָלגרייך.

אַזוי ווי דער צווייטער קאָאָפּעראַטיווער רעסטאָראַן איז געווען ניט אין אַ פּאַסענדען געגענד האָט איהם די געזעלשאַפט געמוזט פאַרמאַכען, צולעגענדיג צו איהם שעהנע עטליכע הונדערט דאָלאַר.

דער רעסטאָראַן אויף דער צווייטער עוועניו פאַרברויכט יעדע וואָך פאַר עטליכע הונדערט דאָלער פלייש. אום צו קריגען די פלייש דירעקט פון שלאַכט הויז, מוז מען קויפען אין אַ גרעסערער מאָס, און דאָס קען מען נאָר דורכפיהרען דורך אַן אייגענע בוטשער סטאָר. האָט די געזעלשאַפט מיט צוויי יאָהר צוריק געעפענט אויך אַ בוטשער סטאָר, וועלכע מאַכט יעצט גאַנץ גוטע געשעפטען.

די מלחמה האָט פיעל געשטערט דעם פּראָגרעס פון דער געזעל־

שאפט. אָבער די נייע פריהלינגס־ווינדען, וועלכע האָבען אָנגע־הויבען צו בלאָזען אין אַמעריקא בכלל און אין דער אידישער גאַס בפרט, האָבען אויך צוגעגעבען אַ באַזונדערען מוט די טוערס פון דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט.

די ניו יאָרקער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט מאַכט איצט אַן אומזאַץ אויף אַן ערך 100 טויזענד דאָלער אַ יאָהר און צעהלט אַרום 400 מיטגליעדער.

דער קאָאָפּעראַטיווער רעסטאָראַן איז געווען דער ערשטער — און איז אויך איצט כמעט דער איינציגער — וואָס האָט אָפּגע־שאַפט די שקלאַפּישע „טיפּ" סיסטעם אין ניו יאָרק.

אויב די ניו יאָרקער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט האָט ניט באַוויזען אַ סך אויפצוטאָן פאַר זיך אַליין, האָט זי שוין אָבער באַוויזען אַ סך צו טאָן פאַר דער אידישער קאָאָפּעראַציע אין אַלגע־מיין. אָט, צ. ב. ש., אַ דאַנק איהר איז געגרינדעט געוואָרען די „פעדעראַציע פון אידישע קאָאָפּעראַטיווען אין אַמעריקא."

## 4. די אידישע קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציע.

קיין באַוועגונג נויטיגט זיך ניט אַזוי שטאַרק אין אַ קאָנצענ־טראַציע פון אַלע קרעפטען, ווי די קאָאָפּעראַטיווע. אַ קליינע טרייד־יוניאָן, אויב זי איז נאָר גוט אָרגאַניזירט, קען דורכפיהרען כמעט דיזעלבע זאָרטען ארבייט ווי אַ גרויסע. אַנדערש איז אָבער אין קאָאָפּעראַציע.

אַ קליינע קאָאָפּעראַציע איז שטענדיג אין געפאַהר באַזיעגט צו ווערען פון די אַרומיגע טראַסטס און געשעפטען. אַ קאָאָפּע־ראַציע קען נאָר דאַן זיין זיכער מיט איהר עקזיסטענץ, ווען זי קויפט איהרע פּראָדוקטען איין אין ה אָ ל ס י י ל. און דאָס איז טאַקע איינער פון די פּאָרציגע, וואָס די קאָאָפּעראַטיווען האָבען געגענאיבער די פּריוואַטע סוחרים. אַזוי, למשל, זיינען פאַראַן אין 4—5 גאַסען אַרום 10 גראָסערי סטאָרס, וואו יעדע סטאָר קויפט באַזונדער איהרע פּראָדוקטען, באַצאָהלט באַזונדער דירה־געלד, א. ד. גל., אין דער צייט, ווען איין גוט געבויעטע קאָאָפּעראַטיווע סטאָר וואָלט געניג געווען פאַר נאָך אַ גרעסערען קוואַרטאַל.

פון אויבען־אויף קען דאָס באַטראַכט ווערען פאַר אַ קלייניג־קייט. אָבער אַ דאַנק דעם, וואָס די אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַ־טאָרס האָבען באַצייטענס באַגריפען די וויכטיגקייט פון דיזער

קלייניגקייט און האָבען פאַראייניגט וואָס מעהר קאָאָפּעראַציעס אין איין גרויסען פאַרבאַנד, איז די אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג געוואָרען דאָס, וואָס זי איז היינט־צו־טאָג.

דאָס אַלעס, ווי עס שיינט, האָבען זעהר גוטע באַגריפען די ערשטע 15 אידישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, וועלכע זיינען זיך אין יאַנואַר 1918 צונויפגעקומען אין ניו יאָרק, אויפ'ן רוף פון דער ניו יארקער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט, אויפ'ן ערשטען אידישען קאָאָפּעראַטיווען צוזאַמענפאָהר.

ביי דעם צוזאַמענפאָהר האָט מען איינשטימיג באַשלאָסען צו גרינדען א פעדעראַציע פון אַלע אידישע קאָאָפּעראַטיווען פון אַמעריקאַ מיט פאָלגענדע אויפגאַבען:

זאַמלען סטאַטיסטיקס פון אַלע קאָאָפּעראַטיווען בכלל און פון די אידישע בפרט; שטעהען אין נאָהענטער פאַרבינדונג מיט אַלע קאָאָפּעראַטיווען, בפרט מיט די אָנגעשלאָסענע; געבען אַלע נויטיגע אויסקינפטע צו יעדען, וואָס וועט זיך נאָר ווענדען; העלפען די אידישע קאָאָפּעראַציעס מיט ראַט און טאַט; שיקען רעדנער און לעקטשורערס, וואו מען וועט נאָר פאַרלאַנגען; אַרויסגעבען א פּעריאָדישען זשורנאַל, אויך אַרויסלאָזען אויפרופען, בראָשורען און ביכער אין אידיש איבער קאָאָפּעראַציע; שיקען א ספּעציעלען אָרגאַניזער איבער'ן לאַנד; פאַרבינדען זיך מיט דער אידישער פרעסע און איהר שטענדיג אינפאָרמירען וועגען אַלע נייע פּאַסירונגען אין דער קאָאָפּעראַטיווער וועלט; קומען אין נאָהענטע באַריהרונג מיט אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שטעהען נאָהענט צו דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, ווי למשל, דער אַרבייטער רינג, טרייד־יוניאָנס, סאָציאַליסטישע ברענטשעס, א. ד. גל. — דאָס הייסט, פאַרבינדען זיך מיט דער גאַנצער אידישער אַרבייטער באַוועגונג און ווערען א טייל פון איהר.

אויפ'ן צוזאַמענפאָהר איז ערוועהלט געוואָרען אַן עקזעקוטיוו קאָמיטע פון 7 פּערזאָן, וועלכע האָט געהאַט די אויפגאַבע אויסצוארבייטען א קאָנסטיטוציע פאַר דער פעדעראַציע, און אויך אין גיכען צו רופען א צווייטען קאָאָפּעראַטיווען צוזאַמענפאָהר.

דער ערשטער שריט וואָס די יונגע פעדעראַציע האָט געמאַכט איז געווען, צו פאַרבינדען זיך מיט אַלע אידישע קאָאָפּעראַציעס פון אַמעריקאַ. אויך האָט זי אָנגעהויבען אַרויסגעבען דעם ערשטען קאָאָפּעראַטיווען זשורנאַל אין אידיש, „די קאָאָפּעראַטיווע וועלט.“

אין יוני, 1918, איז פאָרגעקומען דער צווייטער צוזאמענפאָהר, אויף וועלכען עס זיינען שוין געווען פארטראָטען 22 אידישע קאָ־אָפעראציעס, אויך 5 צענטראַלע קערפערשאַפטען אַלס פריינדלי־כע (פראַטוירנאַל) אָרגאניזאציעס, ווי: ארבייטער רינג, פּועלי ציון, אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראציע, אידעפענדענט ארביי־טער רינג און דער נאַציאָנאַלער ארבייטער פארבאנד (דיזע אַלע אָרגאניזאציעס זיינען יעצט שוין אָנגעשלאָסען אַלס מיטגליעדער אָן דער קאָאָפעראַטיווער פעדעראציע).

דער צוזאמענפאָהר האָט איינשטימיג אָנגענומען די קאָנסטי־טוציע, אויסגעארבייט פון דער עקזעקוטיווע. אויך האָט ער באשלאָסען ארויסצולאָזען אָן אויפרוף צו אַלע אידישע ראַדיקאַלע אָרגאניזאציעס און גרופּעס, זיי זאָלען זיך אַלס פראַטוירנאַל אָרגאַ־ניזאציעס אָנשליסען אָן דער קאָאָפעראַטיווער פעדעראציע (דיוס פאר צענטראַלע קערפערשאַפטען איז 10 דאָלער, און פאר לאָקאַלע אָרגאַיזאציעס 3 דאָלער א יאָהר).

אָבער די ריכטיגע ארבייט פון דער פעדעראציע האָט זיך אָנגעהויבען ערשט נאָך'ן צוזאמענפאָהר. פאר אַלעם ערשטען האָט זי געעפענט איהר שטענדיגען אָפיס אין ניו יאָרק (124 דילענסי סטריט). זי האָט שוין ארויסגעלאָזען עטליכע אויפרופען אין אידיש; האָט פאַרעפענטליכט צעהנדליגע ארטיקלען איבער קאָאָפעראציע אין דער אידישער פרעסע; איהר זשורנאַל „די קאָאָפעראַטיווע וועלט" האָט זי אָנגעהויבען ארויסצוגעבען רעגולאר; זי שיקט ארויס רעדנערס און לעקטשורערס איבער קאָאָפעראציע; ענטפערט אויף הונדערטער אנפראגען און גיט פראקטישע עצות ווי אַזוי צו גרינדען קאָאָפעראציעס. מיט איין ווארט: עס האָט זיך אָנגעהויבען א אידישע קאָאָפעראַטיווע באוועגונג.

פאַרלויפיג איז נאָך צו פריה, אָבער מיט דער צייט וועט זי זיך אויך נעמען פאר דער גרינדונג פון א האָלסייל.

די פעדעראציע האָט ארום זיך גרופּירט די בעסטע און איבער־געבענסטע אידישע קאָאָפעראטאָרס.

אויף אָנצופיהרען איהר פאראנטוואָרטליכע ארבייט נויטיגט זיך די פעדעראציע אין גרויסע פינאנציעלע מיטלען. האָט זי זיך דאריבער געווענדעט נאָך הילפע צו אַלע אידישע ראַדיקאַלע אָרגאַ־ניזאציעס. ביז איצט (1919) האָבען זיך שוין אָן איהר אָנגעשלאָסען

ארום 50 ארבייטער רינג ברענטשעס, ווי אויך א היבשע צאָהל יו־ניאָנס און אנדערע צענטראַלע קערפּערשאַפטען.

די פעדעראַציע זשאַלעוועט ניט קיין מיהע צו מאַכען איהר זשורנאַל וואָס אינהאַלטס־רייכער און גרעסער; אין קורצען וועט ער שוין ערשיינען יעדען מאָנאַט.

ביי אַלע פעלקער איז קאָאָפּעראַציע א פאָלקס־זאַך, א פאָלקס־באַוועגונג. און מיר, אידען, טאָרען ניט בלייבען הינטערשטעליג אויף דיזען געביט. עס איז דער חוב פון יעדען ראַדיקאַלען ארביי־טער צו פארשפּרייטען דעם קאָאָפּעראַטיווען געדאַנק; עס איז די פליכט פון יעדער ראַדיקאַלער אידישער אָרגאַניזאַציע אַנצושלי־סען זיך אַלס פּראַטווינאַל מיטגליעד אָן דער קאָאָפּעראַטיווער פעדעראַציע.

די אידישע קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציע איז א מיטגליעד פון דער „קאָאָפּעראַטיוו ליעג פון אַמעריקאַ", וועלכע איז פעדע־רירט מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאָאָפּעראַטיווען אַליאַנס. די פעדעראַציע, אַלזאָ, איז א טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

# ביבליאָגראַפיע

דער פארפאסער האט זיך באנוצט מיט די פאָלגענדע ביכער און צייטשריפטען:

Distributing Co-operative Societies—Pizzamiglio.
Co-operation in the United States—Ch. West Perky.
How to Co-operate—Myrick.
Das Genossenschaftswesen in Deutschland—Wygodzinski
Histoire de la Cooperation en Belgique—L. Bertrand.
Industrial Co-operation—Cathrine Webb.
Co-operative News (a weekly periodical, England).
Co-operation (a monthly, New York).
The Co-operative Movement in Russia—J. V. Bubnoff.
Co-operation and the Hope of the Consumer—Harris.
The British Co-operative Movement—H. Laidler.
The New Statesman (London, 1914).
The Co-operative Movement in Great Britain—Beatrice Potter.
Co-operation in New England—Ford.
**Союзъ Потребителей (Москва).**
Co-operative Production—B. Jones.
History of Co-operation—G. J. Holyoake.
People's Banks—A. H. Ham.
A Credit Union Primer (Russell Sage Foundation).
Die Genossenschaften und die Arbeiter—H. Fleisner.
The Co-operative Managers' Text Book.
The Russian Co-operator (a monthly).

און דיעזע ביכער רעקאָמענדירט דער שרייבער צו די יעניגע, וועל־כע ווילען זיך נעהנטער באקענען מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַ־וועגונג.